אָרגינעלע פאָלקס-ביבליאָטעק

ד. אבּראמזאהן

# 1) דער מלוה

## 2) קליינער קאטארזשניק

## 3) חייציקל אליין



פארלאַג י. ברייסבלאַט
ווארשא, מילנא 9.

Printed in Poland.

# דער מלוה

## אײן העכסט אינטערעסאנטער ראמאן

פערפאסט פאן

ז. אבראמזאהן.

אִם כֶּסֶף תַּלְוֶה אֶת עַמִּי אֶת הֶעָנִי עִמָּךְ
לֹא תִהְיֶה לוֹ כְּנוֹשֶׁה לֹא תְשִׂימוּן עָלָיו נֶשֶׁךְ.

(שמות כב, כד).

הוצאת ספרים יצחק בריינבלאט, ווארשא, מי"נא

---

ווארשא

שנת תר"ץ לפ"ק

# אנשטאט דער פאררעדע

---

אידעשע שרייבער זיינען דא גענוג .
אנדערע מיט עהרליכקייט אונ אנדערע מיט בעטרוג ....
יעדערער וואלט נור ביים צווייטען גענאסט ,
אונד דאמיט עטוואס נייעס פערפאסט . —
דער שרייבט אפאועסט , דער צווייטער אראמאן ,
זייער ווערדע פערשטייט מען ערסט דאן ,
ווען מען האט עס אין גאנצען דורך געלעזען .
אונ עס איז אינטרעסאנט פאן לעזער געוועזען .
דאן גיט מען דעם שרייבער זיין ווערדע .
צוואר אונזער ליטעראטור ליגט טיעף אין דער ערדע -
ביא דעם ראמאן האב איך איין אנדער אבזיכט ,
אידעשע בילדער צו מאללען מיט שאטען אונד ליכט
צו פערבעסערן דיא אוהר-אלטע אידעשע גרייזען ,
אונד יעדען איינציגען דייטליך צו ווייזען .
ווי מען זאל זיך פון שלעכטע מענטשען היטען .
אונד דיא שלעכטע צו לערנען גוטע זיטען .
יעדער שלעכטער דארף זיך דאפאן איין נאטיץ נעמען ,
אונ פאר זיינע אייגענע געוויססען זיך שעמען ...
אונד אום צו לערנען דיא היילינע גנבים אונד רייבער ,
בין איך גיווארען א אידעשער שרייבער . —
איך מיין ניט חלילה על מנת לקבל פרס ,
דען איך גיהער גאר צו איין אנדער קלאס .
נאר איך קען נישט צו זעהען דיא שלעכטע טהאטען
דארום וויל איך זייא פון מיינער זייטע ראטהען .
ערליך אונד פריעדליך צו האנדלען אונד לעבען ,
וועט זייא גאט דאפיר גוטעס געבען .
אונ ער וועט זייא היילען דורך דעם מלאך רפאל ,
אונ זייא אויסהיטען פון דעם יאה ענויתא לישראל :

**דער פערפאסער**

## 1.

וואסערן וואס רייסען אויס בריקען אונד מיהלען ,
לעשען ניכט דיא ברענענדע ליעבענס געפיהלען .

ניין , דאס וועט ניט זיין , עס מעג זיך אפילו דיא וועלט איבערקערען ; דוא מעגסט אפילו שטעלען אפּוס אויפין הימעל אונ אפּוס אויף דער ערד , וועסטו דאס ניט אויספירען , אזא נעדאראסציג וועט מיך פארען נאז פירען , וועט מיר פארמיאוסען מיין יחוסדיגע משפחה , ער וועט זיך גאר איינרעדן ער וועט נעמען אבעלמלאכה׳ס אטאכטער : אזא חצופה , אזא הולטאיקע , וויל גאר דיך , וויא סמייעט זיא דאס גאר פון איר פארשיווע מויל ארויסצוריידען ? קראנק איז זיא צו זוכען איהר גלייכען ? — אשוסטער , אשניידער אדער אסטאלער , עס פאר לויפט גאר ניט אזא אקט אין דער וועלט , איך בין דאך שוין אמענטש עפּעס מיט יאהרען ביז הונדערט אונ צוואנציג יאר , איך שווער אז איך האב נאך אזוינס ניט געהערט ; שוין ניין יאר וויא איך בין ב״ה גבאי אין דער קאצאבעשער שול , אונ האב דאך אנאומגאנג מיט אללער האנד מענטשען , מיט טאטעס , מיט יונגע לייט , אונ נאך האט מיר קיינער ניט דערציילט אזא מעשה , א ימח שמם זאלען זייא ווערען , דיא וואס האבען גאר אויס געטראכט דיא שקאלעס , עס זאל ניט בלייבען אזכר פון זייער ניביין , דיא וואס האבען גאר אויף דער וועלט געבראכט דיא ליעבעס , וואו האט מען דאס פארצייטען געהערט ? ליעבעס. . . . ליעבען זאלין זיי זיך טאקע מיטען מלאך — המות , כף וקל זאלין זייא דארטין גיין , וואו זייא זיינען , אריה זאל דארטין אין זייערע טאטעס עדר אביין , זייא זאלען קיין תחית — המתים ניט אויף שטיין. . . . איך וועל דאך אים , דעם פארשיווען סטאלער זיין מוח צוברעכען , וואס ער לאזט גאר צו דער צוא , איך וועל איהם קיין גאנצין ביין ניט לאזען , איך וועל אים עוקר מן השורש זיין , איך וועל אים. . . איך וועל אים מיט זיין גאנצער פאמיליע אונגליקליך מאכען , ער מיינט ער האט אנגעהויבען מיט א אינגעלע , מיט דיר קען ער אלין מאכען , אבער ניט מיט מיר ער פארגעסט אז איך האב אסך צדדים , וואס וועלען מיר געבען געדעכט אונ וואס וועלן מיר העלפן אים אריין ברייגען אין גויעשע הענד , ער וועט שוין ניט זוכה זיין צו זעהן זיין טאכטערל , אונ זיא די חצופה וואס האט שוין דרייא מאל אבגעווארפין אונ איז מיט א יונגער אנטלאפען , דוא מיינכט מען ווייס ניט , מען ווייס אלין , אשטאט שווייגט ניט . אונ דיך מיינסטו וועל איך גאר לאזין צופרידען ? איך וועל דיך ארויס טרייבען וויא אהונט , איך וועל דיך אפילו ניט איין

שָׁעה לָאזֶען זַיין בַּייא מִיר אִין שְׁטוּבּ , דוּא מֶעגְסְט אֲפִילוּ דֶעם שְׁלַאק בַּאקוּמֶען ,
פַאר מִיר אִיז שׁוֹין אַלְץ אֵיינְס , לָאז מִיר דוּכְטֶען אַז מַיין זוּן אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען וָואס
אִיז דָאס אִיז נִיט עֶרְגֶער וִויא גֶעשְׁטָארְבֶּען ? אַז אִיךְ זָאל דַארְפֶען זַיין אַמְחוּתָּן
מִיט אַזַא גֶעוֶועזֶענֶעם בַּעַל-מְלָאכָה, נַיין , דָאס קֶען נִיט זַיין, אוּנ דָס וֶועט נִיט זַיין ...
סַיידֶען אִיךְ זָאל , וִויא דִיא עֶרְד שְׁווַייגְט , זָאל אַלְדֶעם בַּייז שְׁוַוייגֶען , אִיךְ וִויל
גָאר פוּן מַיין מוֹיל נִיט אַרוֹיס רֵיידֶען ; אָט דַאמָאלְס מֶעגְסְטוּ טָאן וָואס דוּ ווִילְסְט ,
אַז דוּא וֶועסְט זַיין אַפְּרַייעֶר פוֹיגֶעל , יָא , דַאמָאלְס וֶועט דִיר קֵיינֶער-קֵיין דֵעה
נִיט זָאגֶען , אָבֶּער כָּל זְמַן אִיךְ לֶעבּ , וֶועסְטוּ דָאס דַאכְט זִיךְ נִיט זוֹכֶה זַיין ,
זָאל מַיין נָאמֶען נִיט הֵייסֶען מֹשֶׁה . . .

אַזוֹי הָאט מֹשֶׁה גֶערֶעט אִין כַּעַס אַרוּמְלֵייפֶענְדִיג אִיבֶּערְן שְׁטוּבּ צוּא זַיין
בָּחוּר ירוּחם , פוּנְקֶען זַיינֶען אִים גֶעפְּלוֹיגֶען פוּן זַיינֶע אוֹיגֶען , צֵייטֶענְוַויים הָאט
אִים פוּן מוֹיל גֶעשְׁפְּרִיצְט , אוּנ עֶר אַלֵיין אִיז גֶעוֶועזֶען אַיין אָנְגֶעצוּנְדֶענֶער

ירוּחם אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אִין אַוִוינְקֶעלֶע אוּנ הָט גֶעבִּיסֶען דִיא נֶענֶעל אַקַאלְטֶער
שְׁווַייס הָאט אִים אַרִיבֶּערְגֶעצוֹיגֶען , אוֹיף זַיין פָּנִים אִיז גֶעוֶוען צוּא לֵייעֶנֶען פִיעל
טְרוֹיעֶר , אוּנ פוּן דִיא אָפְּטֶע בְּלִיקֶען וָואס עֶר הָאט גֶעטָאן אוֹיפְן פָאטֶער הָאט מֶען
לַייכְט גֶעקֶענְט פַארְשְׁטֵיין , אַז עֶר וַוארְט דֶעם אַלְטֶען זָאל אַבִּיסֶעל אִיבֶּער גֵיין
דֶער כַּעַס , אוּנ עֶר זָאל מִיט אִים קֶענֶען וַוייכֶער רֵיידֶען , דֶער פָאטֶער הָאט דָאס
אָבֶּער נִיט בַּאמֶערְקְט , עֶר אִיז אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען שְׁטַארְק אִין כַּעַס , עֶר הָאט זִיךְ נָאר
גֶענְלֶעט דֶעם בָּארְד , גֶעבִּיסֶען דִיא וָואנְשֶׁען אוּנ נַאנְץ אָפְט הָאבֶּען זִיךְ פוּן זַיינֶע
גְרָאבֶּע לִיפֶּען אַרוֹיסְגֶערִיקְט וִויא פוּן אַווִילְדֶע חַיָּה אַיין אוּמְגֶעלוּפֶערְטֶער נְגוּא ,
נְגוּא ...... אַז עֶר הָאט זִיךְ שׁוֹין אַבִּיסֶעל אָפּ גֶערוּהְט, אוּנ אִיז שְׁטִילֶער גֶעוָוארֶען ,
הָאט עֶר ווִידֶער אָנְגֶעהֵייבֶּען צוּ רֵיידֶען , אָבֶּער מִיט אַסַךְ נִידֶערִיגֶערֶע שְׁטִימֶע אוּנ
פִיל רוּהִיגֶער וִויא מִיט אַמִינוּטֶען צֶעהֶן צוּרִיק : פָאלְג מִיךְ ירוּחם אוּנ פַארְגֶעס אָט
דִיא נַארֶעשְׁקַייט , שְׁלָאג זִיךְ דָאס פוּן קָאפּ אַרוֹיס , הָאסְט נָאר וָואס גֶעקָאנְצֶעט
דִיא עֶטְלִיכֶע קְלַאסֶען לִיגְט דִיר שׁוֹין אַזֶעלְכֶע נַארֶעשְׁקַייט אִין זִינֶען , הֲגַם עֶס אִיז
מִיר אַנוּטֶער וַוייטָאג , וָואס דוּא הָאסְט זִיךְ גָאר גֶענוּמֶען דֶער צוּ , נָאר וָואס זָאל
מֶען טָאן , אַז הַיינְטִיגֶע צַייט פָאדֶערְט דָאס , אִיךְ וֶועל שִׁיקֶען רוּפֶען אַשַׁדְכֶן אוּנ
עֶר וֶועט פַאר דִיר גֶעפִינֶען אַבֶּעסֶערֶן אַנְטִיק , אִיךְ וֶועל דִיר גֶעבֶּען אַפָּאר טוֹיזֶענְד
רוּבִּיל נְדָן , אוּנ דוּא וֶועסְט חַתּוּנָה הָאבֶּען וִויא גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען , נִיט אַז גָאט
אוּנ לַייט זָאלֶען פוּן אוּנְז לַאכֶען , אַז דוּא זָאלְסְט פַארְמִיאוּסֶען דַיין גַאנְצֶע
מִשְׁפָּחָה , אוּנ וואוּ אִיז דָאס גָאר גֶעהֶערְט אַז אַזֶעלְכֶע קִינְדֶער וִויא דוּא בִּיסְט ,
עֶס הֵייסְט אִין דַיינֶע יָאהְרֶען , זָאל מֶען גָאר אַלֵיין זוּכֶען שִׁידוּכִים אוּנ נָאךְ דוּרְךְ
לִיעבֶּעס , פֶע מַיין זוּהְן , רֵייד דָאס גָאר נִיט אִיבֶּער , אַז וואהל וֶועט זַיין צוּ דִיר ,
אוּנ אִיךְ וֶועל מִן הַסְתָּם אַרְבֶּעטֶען נָאר פַאר דִיר , אִיךְ וֶועל דִיר . . .

ירוּחם הָאט שׁוֹין דֶעם פָאטֶער נִיט גִילָאזְט עֶנְדִיגֶען דִיא וֶוערְטֶער , מִיט
שְׁרֶעקֶין אִיז עֶר צוּא גִינַאנְגֶען אוּנ הָאט קוֹים וָואס מֶען הָאט גִיהֶערְט גִיזָאגְט ,
פָאטֶער לֶעבֶּען ! הֲגַם אִיךְ בִּין נָאךְ קֵיין טַאטֶע נִישְׁט גִיוֶועזִין , פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען

פַאר שְׁטֵייא אִיךְ אַז אַלֶע טַאטֶעס וָואלְטֶען וֶועלִין זֶעהֶען נַחַת אוֹיף זֵייעֶרֶע קִינְדֶער, אוּנ דָאס וָואלְט הֵייסֶען נַחַת, אַז דוּא זָאלְסְט מִיךְ זֶעהֶען מִיט חנה׳ן לֶעבֶּענְדִיג צוּ פְרִידֶען אִין וָואסֶער אַצַייט מִיר זָאלֶען זַיין, פַארְגֶעס נִיט לִיבֶּער פָּאטֶער אַז אִיךְ בִּין שׁוֹין אַכְטְצֶעהְן יָאהר, וָואס לוֹיט דִין קֶען אִיךְ שׁוֹין דָאס פַארְלַאנְגֶען, אוֹיסֶער דֶעם הָאבּ אִיךְ מַיין אֵייגֶענֶעם גֶעשְׁמַאק, אוּנ אִיצְט זַיינֶען נִיט דִיא יָאהרֶען וָואס אַמָאל גֶעוֶוען, מֶען פְרֶעגְט שׁוֹין אִיצְט אַדֶעה בַּייא חָתָן כַּלָּה, אוֹיבּ זַייא גֶעפֶעלִין זִיךְ אֵיינֶע דִיא אַנְדֶערֶע אוּנ יֶעדֶער בָּחוּר אוּנ מֵיידֶעל גֵייעֶן נָאךְ דֶעם ווּאוּנְטְשׁ פוּן זֵייעֶר הֶערְצֶען אוּנ אִיךְ פַאר שְׁטֵייא נִיט וָואס גֶעפֶעלְט דִיר דֶער מְחוּתָּן נִיט? כַּאשֶׁר מֶען רוּפְט אִים אהרן דֶער סטאלער, וָואס אִיז דָאס פַאר אַבְזָיון וֶוען עֶר זָאל אֲפִילוּ זַיין אסטאלער, אָבֶּער אִים—וִויא מִיר וֵויסֶען—אִיז דָאךְ נָאר דֶער נָאמֶען גֶעבְּלִיבֶּען, אַלֵיין אִיז עֶר דָאךְ נָאר אַפָּאדְרַאצִיג בַּייא דִיא בַּאהנֶען פוּן סְטָאלְיַארְסְקָע זַאכֶען, עֶר אִיז אַיין עֶרְלִיכֶער מַאן, אַבַּעל צְדָקָה, אוּנ הָאט נָאךְ קֵיינֶעם קֵיין שְׁלֶעכְטֶעס נִיט גֶעטָאן, אוּנ וִויא עֶר אִיז גֶעוֶוען אַבַּעל מְלָאכָה פוּן דֶעסְטְווֶעגֶען קֶען עֶר גַאנְץ שֵׁיין לֶערְנֶען, שְׁרַייבֶּען, אוּנ מֶען זֶעהְט פוּן אִים אַרוֹיס אַז עֶר אִיז נִיט פוּן פְּרָאסְטֶע עֶלְטֶערֶן אוּנ קֵיין גֶעבָּארֶענֶער בַּעַל מְלָאכָה אוּנ בַּייא אַלֶעם דֶעם אִיז עֶר אַרַייכֶער מֶענְטְשׁ אוֹיךְ, אוּנ זִיא אִיז דִיא גַאנְצֶע יְרוּשָּׁתָה פוּן דֶעם פַארְמֶעגֶען, נָאר דִיא אַלֶע זַאכֶען לָאמִיר שׁוֹין אַוֶועקְלֵייגֶען אָן אַזַייט, אִיר גוּטְסְקֵייט אוּנ שֵׁיינְהַייט שְׁטֵייעֶן מִיר טִיף אִין מַיינֶעם הֶערְצִין אוּנ אִיךְ בֶּעט דִיךְ פָאטֶער אוֹיבּ דוּא הָאסְט מִיךְ אִין אֶמֶת׳ן וִויא דוּא זָאגְסְט לִיעבּ, אוּנ דוּא ווִילְסְט דַיין זוּהְן זֶעהְן מִיט פְרֵיידֶען אוֹיף דֶער וֶועלְט, נִיט פִירֶענְדִיג אוֹיף יֶענֶער וֶועלְט חָלִילָה, זָאלְסְטוּ מִיר אַלֵיין הֶעלְפִין מַיין פְּלַאן אוֹיסְפִּיהרֶען. זָאנְסְט וֶועסְטוּ מִיר קִירְצְלִיךְ בֶּעגְלֵייטֶען אוֹיף אַזַא וֶועג פוּן וֶועלְכֶע דוּא וֶועסְט שׁוֹין פוּן מִיר קֵיין מָאל קֵיין בְּרִיעף אוּנ קֵיין גֶערוּס נִיט קְרִיגֶען, אִיךְ הָאבּ זִיךְ אַצַייט גֶעשְׁלָאגֶען מִיט דֶער דֵעה אוֹיבּ אִיךְ זָאל דָאס דִיר אוֹיס זָאגֶען, נָאר אִיךְ בִּין פַאל פְרֵיידֶע אַז דוּא בִּיסְט דָאס דֶער גַאנְצֶען דוּרְךְ אַיין אַנְדֶער צוּפַאל, אוּנ אִיצְט זָאג אִיךְ דִיר אַז עֶס אִיז אַזַאךְ וָואס פַאר פַאלֶען חנה׳לע בְּלַייבְּט מַיינֶע, אוּנ דַאצוּ הָאבִּין מִיר זִיךְ צוּגֶעשְׁוָוארֶען....

דִיא לֶעצְטֶע וֶוערְטֶער הָאט ירוחם גֶערֶעט מִיט אַ שְׁרֶעקְלִיכֶען הִיץ, פוּן זַיינֶע אוֹיגֶען הָאבִּין אַרוֹיס גֶעקַאפֶּעט צְווֵייא גְרוֹיסֶע טְרֶערֶן, וֶועלְכֶע הָאבִּין זִיךְ גֶעוָועצְט אוֹיף זַיינֶע בַּאקֶען. עֶר הָאט בֵּעת מַעֲשֶׂה גָאר פַארְגֶעסֶען, אַז דָאס רֶעט עֶר מִיט זַיין פָאטֶער וָועלְכֶער אִיז גַבַּאי אִין דֶער קַצָּב׳שֶׁער שׁוּל, אוּנ וָואס אִיז גֶעגֶען דֶער בִּילְדוּנְג אוּנ לִיעבֶּע, עֶר הָאט פוּן דֶער הִינְטֶערְשְׁטֶער קֶעשֶׁענֶע פוּן רָאק אַרוֹיסְגֶעחַאפְּט אַוַייסֶע טִיכֶעל, אוּנ הָאט דֶער מִיט דִיא אוֹיגֶען אָנְגֶע-גֶעהֵייבֶּען צוּא ווִישֶׁען, זַייא זָאלֶען אוֹיסְזֶעהֶן אַז עֶר הָאט אַסַאךְ מֶעהר גֶעווֵיינְט וִויא אִין דֶער נַאטִירְלִיכְקַייט.

ר׳ משה וַוייזְט אוֹיס אִיז נָאךְ מֶעהר אִין כַּעַס גֶעוָוארֶען אוֹיף זַיינֶע לֶעצְטֶע רֵייד, זַיין פָּנִים אִיז אִין גַאנְצֶען אָנְגֶעצוּנְדֶען גֶעוָוארֶען, עֶר הָאט אַבִּיסֶעל פַארְרִיכְט

זיין באַרד, צו געקנעפעלט זיין ראָק. און דורך זיינע שיטערע ציין, האָבּין זיך קוים דורך גיזייט עטליכע אונגעבּאַרעמיגע ווערטער, — אַז עס העלפט ניט מיט גוטען, מוז מען מיט בּייזען, איך וועל דיר שוין ווייזען נעדאָראָסציג, וואָס דאָס איז ליבּע, — ער האָט אַשטאַרקען קלאַפּ געטאָן מיט דער טיר, און איז אַוועק גינאַנגען. —

ירוחם איז גישטאַנען וויא אַנאַנזיניגער, זיין האַרץ איז גיוועזען פאַל מיט וואונדען, די גידאַנקען האָבּען אים ניט גילאָזט איינרוהען, זיין קאָפּ האָט אים אָנגעהויבּען צו קלאַפּען וויא מיט האַמערס, די אויגען האָבּען אים שטאַרק געשווינדעלט און מיט גרויס מיה זיך אָנהאַלטענדיג אָהן די ווענט און די מעבּיל, איז ער קאַם אַריינגעגאַנגען אין צווייטען צימער, און וויא אַשטיק בּליי האָט ער זיך אַוואָרף געטאָן אויף אַדיוואַן, ער האָט פּראָבּירט איינינע מאָהל אַנטשלאָפין ווערין, נאָר די געדאַנקען: „וואו האָט גיקענט גיין דער פאָטער. האָבּין אים אַלע ווייטע אַצופּגעטאָן פון שלאָף, און יעדעס מאָל האָט ער זיך געפּריוועט איבּער קעהרין אויפין אַנדערין זייט, איבּער אַשטונדע האָט ער זיך געראַנגעלט מיט די אונרוהיגקייט, בּיז אַשטאַרקער דרעמיל האָט זיא בּעזיגט און ער איז אַנטשלאָפין געוואָרין, אין אַמינוט צעהען אַרום, אַלס זיינע אויגען זיינען שוין גיוועזען פעסט געשלאָסען, און זיינע נאָזע האָט אין דעם צימער גילאָזט הערין איינע געוועהנליכע שלאָף-שטימע, וויא פון אַבּעטרונקענען, אָדער וויא פון אַמענטשען וואָס האָט לאַנג ניט גיקענט איינשלאָפען איבּער זיינע צרות, איז אין דעם צימער אַריינגעגאַנגען אַהויכע אידענע פון אַיאָהר פערציג, דעם קאָפּ אַריבּער גידעקט מיט אַטיכעל און איז בּאַלד צו געגאַנגען צו ירוחם'ן מיט די ווערטער: דוא שלאָפסט גאָר ירוחם? שטייא אויף, וואָס איז איצט פאַר אַשלאָף? לאָמיר גיין עסען, זיא האָט צו געלייגט איהרע דאַרע און לאַנגע האַנד צו זיין קאָפּ, „אַי! דער קאָפּ איז אים טאַקע הייס וויא פייער" האָט זיא ווייטער גיזאָגט, ער מוז עפּעס זיין ניט געזונד זאָל ער שלאָפען, מיר דוכט עסיג מיט וואַסער וואָלט ניט שאַטען אים צו צולייגען", זיא האָט בּאַלד אַרויסגענומען אַטיכיל וואָס האָט גיהאַנגען לעבּען איהר לעדערנע קעשינע, איז דער מיט אַרויס געגאַנגען, און האָט עס בּאַלד אַריינגעטראָגען נאַס און צו זאַמענגעלייגט, מיט וועלכע זיא האָט אַרום געבּונדען ירוחם'ס קאָפּ, וועלכער איז גילעגין אַזוי וויא אין הינערפּלעט, און מיט די ווערטער: „זאָל זיין צוא רפואה" איז זיא אַריין אין קיך, זעהען אויבּ דער מיטאָג איז אין אָרדנונג.

בּעפאָר מען וועט דאָ בּייא ר' משה'ן גרייטען צום טיש און איידער מיר וועלין איהם לאָזען אַריין גיין, וואו ער איז אַזוי אין כּעס אַנטלאָפין, וועלין מיר זיין ווייב צערנען לאָזען זיך פּאַרעז אין קיך און מיר וועלין דעם געהרטען לעזער נעהענטער בּאַקאַנט מאַכען מיט ר' משה'ן, אָדער ר' משה בּאַרבּשטיין. —

מיט אַיאָר דרייצען צוריק אין אַשיינעם מיטוואָך איז אַריין געפאָהרען אין דער שטאָט דיכשעבוטס אַלאַיע דייטשע פור מיט פיהר פערד און מיט זיבּין

פּאסעזירען און זיינען גלייך צו געפאהרען צו איינע אידעשע שאמדר-גארניא, אדער אויף פּראסט איין אכסניא, דער עלטסטער פון די פּאסאזירען האט צו גערופען דעם דינער פון דעם האטעל, און האט געפרעגט אויב מען קען ביי זיי קריגען צוויי צימערן, איינע לעבען די אנדערע, און אלס ער האט איינע אנטוואָרט בעקומען, יא, איז ארויס פון פור איין אלטער איד פון איאר פינף און זעכציג ר' וואלף פארבשטיין באלד נאך אים זיין זון משה, אהויכער בערך פון איאהר צוויי און פערציג, מיט אשיינעם רויטהעם געזיכט, און מיט איין עכט געלבען צוויי שפּיציגען בארד, זיינע אמאגערע פרוי מיט צייכען פון דער יוגענד-שוינהייט, אאינגעלע פון פינף יאהר און אמיידיל פון איאהר דרייא, נאך אאיד פון איאהר צוויי דרייא און דרייסיג, זייער אשיינער מיט עכט שווארצע הארע, איינע שווארצע רונדע בארד מיט אגרויסען שטערן מיט צוויי ווינקלען, און זייער רייך געקליידעט, און איונג ווייביל פון איאהר צוואנציג וואס וואר רייצענד שיין, די אלע זיינען אריין אין די אפענע צוויי צימערן, און האבין זיך געלאזט דורך דעם דינער מיטען בעל-העגלה אריין בריינגען זייערע זאכען, האבען באלד געפאדערט אסאמאוואר און זיך געזעצט טייא טרינקען, די ווייבער האבען זיך באלד ארום געוואשין און זיינען אויך צום טיש צו גיגאנגען. —

„און וואס רעכינט איהר איצט-צו טאהן?“ האט דער שיינער איד, וועלכער האט געהייסען מארקוס לאפּידוס, געפרעגט ביי ר' וואלפען. —

„די ערשטע זאך רעכען איך, האט ר' וואלף גיענטפערט, „שיקין רופען אמעקלער, ער זאל מיר אפּ זוכען אקוואטיר, און דאן וועלין מיר זיך נעמען צום גישעפט“ און האט דער ביי אשטארקען שמעק טאבאק אריינגישלעפּט, דא איז איין אמת'ה אידעשע שטאט, און דאכט זיך דא מיט עטליכע טויזענד רובעל, קען מען וואס מאכען“.

„אבער וואס רעכינט איהר צו מאכען“? האט ווידער לאפידוס געפרעגט.

„איך ווייס?“ האט ר' וואלף גיענטפערט זיך אפּווישענדיג מיט אגאנץ דונקעלע פאטשיילקע, „איך רעכען לייען געלט אויף זיכערע משכנות, איך קען דאס גישעפט, ווארום דאס רוב טרעפט אז עס ווערט די לוים מיאוס און מאוס צאלענדיג פּראצענטען, ביז מען לאזט פערפאלען דעם משכן, וואס איז ווערט דרייא מאהל אזוי פיהל וויא דער קרן דער צו איז נאך מיין משה אגרויסער בריה, וואס ביי אנדערע איז אחרון, איז ביי דעם געשעפט אמעלה, אגוטען משכן לייקענט ער אפּ אין די אויגען, אז ער האט גאר ניט גענומען, חלעבען, מען מוז עס קענען“. —

אה! קיין בעסערין גישעפט וועט איהר שוין טאקע ניט געפינען, מיט דער צייט קען מען פון קליין גרויס ווערין, דאס הייסט פון א סקאנטיסט קען מען ווערדען אבאנקיר, און דאכט זיך גאר מיט קליינע פּראצענטען קען מען די קונדען אויס קוועטשען דעם מארך פון די ביינער, אזוי וויא אבעל טאקסע די געמיינע בעלי-בתים“, האט לאפידוס גיזאגט, צוקוועטשענדיג צווישין זיינע גראבע פינגער צוויי

שְׁטִיקְלַאךְ צוּקֶער", אִיךְ פָּאר אִיצְט אַוֶועק אִין מאסקווע, וַוייל אִיךְ בִּין דָארְט אַקָאמִיסְיָאנֶער פוּן לָאדְזֶער סְחוֹרָה, אִיךְ וֶועל נִיט לַאנְג דָארְטְ'ן זַאמֶען, אִיךְ וִויל מַיין גֶעשֶׁעפְט אִין גַאנְצֶען אַוֶועק וַוארְפִין, צוּזַאמֶען גֶעמֶען מַיינֶע עֶטְלִיכֶע רוּבֶּל חוֹבוֹת, אוּנ וֶועל אוֹיךְ קוּמֶען אַהֶער, מִיר גֶעפֶעלְט זֵייעֶר אַזַא אִידֶעשֶׁע שְׁטָאט, אוּנ אוֹיבּ אִיהר וֶועט וֶועלְ'ן מַאכְן מִיר דָאס גֶעשֶׁעפְט שׁוּתְּפוּת, אִיךְ בִּין נָאךְ דֶער צוּא אַגְרֶעסֶערֶער בְּרְיָה וִויא אַייעֶר משה". —

בַּייא דִיא וֶוערְטֶער הָאט ר' וואלף אוֹיף גֶעהוֹיבִּין דִיא אוֹיגֶען, וֶועלְכֶע זַיינֶען דִיא גַאנְצֶע צַייט גֶעוֶועְן שְׁטַארְק אַריין גֶעטָאן אִין דִיא הַייסֶע גְלָאז טֵייא, אוּנ פוּן דִיא בַּאקֶען וָואס הָאבִּין גֶעבְּלָאזֶען הָאט זִיךְ אַרוֹיס גֶערוּקְט אַ "בְּהַיכָא תֵּיתָא". —

"אִיךְ מוּז אַייךְ זָאגִין" הָאט לאפידוס וַוייטֶער גִיזָאגְט, "אַז מאסקווער גֶעשֶׁעפְטִין הָאבִּין מִיךְ שׁוֹין שְׁטַארְק דֶער עָסִין, מֶען עֶסְט נִיט, מֶען טְרִינְקְט נִיט, מֶען אִיז נוּר אַרַיין גִיטָאן אִין גִישֶׁעפְט, אוּנ פְרֶעגְט וָואס הָאט מֶען דֶער פוּן? וֶוען אִיךְ זָאל נִיט הָאבִּין מַיין אַייגֶענֶעם קַאפִּיטַאל מִיט וָואס צוּ דֶער לַאנְגֶען, וָואלְט אִיךְ שׁוֹין וֶוער וַוייסְט וואו גֶעהַאלְטִין, מֶען שְׁלָאפְט נִיט אִיבֶּער אַיין נַאכְט אָן פַּחַד, זֵייעֶר אָפְט טְרֶעפְט בַּאפַאלְ'ן אִין מִיטִין נַאכְט, וָואס עֶס פַאלְט פָּשׁוּט דִיא הָערְצֶער אַרוֹיס, עֶס אִיז נָאךְ אַיין נֵס וָואס עֶס לָאזְט זִיךְ אוֹיס צוּ אַיין נַארֶעשְׁקַייט, הַיינְט גְלַאט דֶער הַאנְדֶעל, דֶעם זֶעלְבֶּען סוֹחֵר וָואס אִיר גִיט צוּא לֵייזִין, בַּאלְד וִויא עֶר נֶעמְט אָפּ גֶעלְט פוּן אַייךְ שְׁרַייט עֶר אַייךְ נָאךְ אִים הָרֶענָאם, טְפְּ'דרדרו.... דָאס אִיז אַזֶעלְכֶע וֶוערְטֶער וָואס זַיינֶען דֶעם אִידִין לִגְנַאי'...

זַיין גִישְׁפְּרֶעךְ וָואלְט נָאךְ אֶפְשֶׁר זִיךְ גֶעצוֹיגִין וֶוער וַוייסְט וִויא לַאנְג וֶוען דֶער דִינֶער וָואלְט נִיט אַרַיין גִיקוּמֶען פְרֶעגִין אוֹיבּ זֵייא וִוילְ'ן נִיט אַרָאפּ גֵיין דַאוְונֶען מעריב מִיט אַיין מנין, אוּנ וֶועלְכֶר פְרוּמֶער אִיד זָאגְט זִיךְ אָפּ פוּן אַזֶעלְכֶען? ר' וואלף הָאט בַּאלְד אַוֶועק גִיוָוארְפִין דִי טֵייא אוּנ אִיז אַרָאפּ גִיגַאנְגֶען, לאפידוס אִיז אֲפִילוּ גִיוֶוען וַוייט דֶער פוּן, נָאר עֶר הָאט אִים גִימוּזְט נָאךְ טַאנְצִין אוּם צוּ וַוייזִין דָאס אָבְּוָואהל עֶר אִיז אַמֶענְשׁ וָואס גִיהֶערְט מֶעהְר צוּ דֶער נַייעֶר וֶועלְט פוּן דֶעסְט-וֶועגִין אִיז עֶר פְרוּם אוֹיךְ, דִיא וַוייבֶּער הָאבִּין זִיךְ שְׁלָאפִין גֶעלֵייגְט יֶעדֶערֶע אִין אִיר צִימֶער, ר' וואלף אִיז בַּאלְד אוּנְטֶן בֶּעקַאנְט גִיוָוארְן מִיטִין גַאנְצִין מנין לַיידִיג גֵייעֶר אָדֶער זֵיי צוּ רוּפִין מִיט דֶעם אֶמֶת'ן נָאמֶען "מֶעקְלַארֶעס" אוּנ יֶעדֶערֶער פוּן זֵייא הָאבִּין צוּ גִיזָאגְט ר' וואלפען אָן צוּ וַוייזִין אַיין דְרַייא פִיר פָּאדְהַאדְיַאשְׁצֶע קְוַואטִירֶען, אַף מָארְגִין הָאט וִוירְקְלִיךְ אַייגֶער אַיין פייוויל שווינדעלמאן אָן גֶעוִויזִין ר' וואלפִין אַיין קְוַואטִיר, הָאבִּין זִיךְ גִיזֶעגִינְט מִיט לאפידוס'ן אוּנ זַיין פְרוֹיא, וֶועלְכֶע זַיינֶען בַּאלְד אַרוֹיס גִיפָארִין, אוּנ זַיינֶען אִיבֶּר גִיגַאנְגֶען אִין נַייעֶם וואוֹינוּנְג, ר' וואלף הָאט בַּאלְד אַיין גֶעפִירְט זַיין קְוַוארְטִיר אוֹיף דֶער אַלְטְמָאדִישֶׁען אַרְט, הָאט אָן גִיקְלֶעפְּט אַיין צֶעטִיל אִין פֶענְסְטֶער וָואס גֵייט אַרוֹיס צוּם גַאס, "דָא לַייט מֶען גֶעלְט אַף פְּרָאצֶענְט" אוּנ זַיין גִישֶׁעפְט הָאט אָן גִיהוֹיבִּין צוּא וַואקְסֶען פוּן טָאג, דְעִן אִין לֵייעֶר אִיז קֵיין מַאנְגֶעל נִישְׁטָא, כְּמְעַט יֶעדֶער פָּאר בַּייא גֵייעֶר הָאט גוּט

דיא עטְליכֶע וֶוערְטֶער מִיט דֶעם אָרְט אויף־זיינֶע גִידַאנְקֶען פַארְצייכְנֶט , אונ מֶען הָאט אִים גִיטְרָאגְן זַאכְן פון אַלֶע זַייטְן : יֶעדֶען מֶענְטְשְׁן זָאל נָאט הִיטְן אַרַיין צו פַאלִין צו דִי סָקְאנְטִיסְטֶען אִין דִיא הֶענְט , טְרָאפִּין וַויים צִיהֶען זַיי אויס דִי בְּלוּט פון יֶעדֶען אֵבֶר בַּייא דִי קוּנְדֶען , אונ קוּלִין אָפּ גָאר אָן אַמֶעסֶער , דֶר חַלָף אִיז זַייעֶר צוּנְג אונ דִיא אוּנְעֶרְבַּארֶעמְלִיכֶע פְּרָאצֶענְטִין זַיינֶען זַייעֶרֶע בְּלוּט אִיגֶעל מִיט וֶועלְכֶע זַייא צַאפִּין דָאס בְּלוּט , אונ אַסַךְ בֶּעסֶער וָואלְט זַייא פַּאסְן מֶען זָאל זַייא רוּפֶען „דִיא מֶערְדֶער אָן גִיוֶועהְר״ „דִיא רַאוָּעלֶע בֶּעטְרִינֶער״, אונ „פְרוּמֶע גנבים״ דֶען זַייעֶר הַאנְדִיל אִיז פַאר מִשְׁפָּט מִיט רציחה , גזלה אונ גנבה . —

דֶער זוּן משה הָאט זִיךְ צו דֶעם גִישֶׁעפְט גִינוּמֶען , דֶען פון זַיין קִינְדְהַייט אָן הָאט אִים דֶער פָאטֶער גִילֶערִינְט עֶר זָאל זַיין מֶעהר מְקַבֵּל וִויא אַיין נוֹתֵן , אוּנְטֶער דֶער צַייט אִיז עֶר גֶעוואוינְט גִיוָוארִין צו אַלֶערְלַייא טְרֶערִין פון אלמנות פון יתומים אונ פון אַלֶע נויטבֶּעדֶערְפְטִיגֶע , עֶר אִיז שׁוין דֶער צו אַזוֹ גֶעוואוינְט גֶעוואָרְן, אַז בַּייא דִיא גְרֶעסְטֶע רִירֶענְדֶע סְצֶענֶעס , פְלֶעגְט עֶר בְּלַייבִּין גָאר גְלַייכְגִילְטִיג , אִין צְוַויא יָאר אַרוּם אַלְס דֶער פָאטֶער הָאט מִיט דִי גְרֶעסְטֶע נִידֶערְטְרֶעכְטִיגְקַייט מֶערְדֶערַייא אונ דָאךְ פְרוּם זַיין גִישֶׁעפְט גֶעטְרִיבֶּען , הָאט בַּייא אִים גֶעלִיעֶן זַיינֶע אַיין בֶּעקַאנְטֶע רַייכֶע פַאמִילְיֶע מארגולים , וָואס הָאבִּין גִידַארְפְט אַרויס פָארִין פון דירשעבוטס אַף אַיין פָארְמַאר מִיט בְּרִילְיַאנְטֶען אִין טויזֶענְד זֶעכְס הוּנְדֶערְט רוּבִּיל , דֶער בַּייא הָאט עֶר נָאךְ בַּייא אִים גִינוּמֶען אַיין שטר חוֹב מִיט אַוֶועקְסֶעל . דֶער אַלְטֶער הָאט אִין דִיא זַאכְן גָאר נִיט גֶעצְוַויפֶעלְט , אִיבֶּער הויפְּט פון דֶער פַאמִילְיֶע , אונ הָאט זַייא דִיא סוּמֶע אַרויס גִיגֶעבִּין , עֶר אִיז גָאר צו פְרִידֶען גִיוֶוען וָואס זַייא הָאבִּין זִיךְ גֶעלָאזִין דִיא פְּרָאצֶענְט פַארְאויס אָב צִיהֶען , אִין אַפָּאר טֶעג אַרוּם אִיז צוא אִים גִיקוּמֶען אַיין גְרויסֶער מֶעקְלֶער פון דִימֶענְטְוַוארֶען , וֶועלְכִין עֶר הָאט דֶעם פוֹרְמַאר גֶעוִויזֶען אוּם עֶר זָאל אִים שַׁאצֶען זַיין וֶוערְדֶע , וִויא גְרויס אָבֶּער וואר זַיין וֶוויטָאג , אַז עֶר הָאט פון אִים עֶרְפַאהְרֶען דָאס דֶער פוֹרְמַאר אִיז פון פְרָאסְטֶע שְׁטֵיינֶער , אונ דָאס עֶר אִיז פון אִים בֶּעטְרָאגִין גֶעוָוארִין , עֶר הָאט עֶס נִיט גִיקָאנְט גְלַייכְגִילְטִיג אַרָאפּ שְׁלִינְגֶען , דָאס אִיז פַאר אִים גִיוֶוען אַיין פַייל , וָואס אִיז אִים שְׁטֶעקִין גֶעבְּלִיבִּין אִין הַאלְז , עֶר הָאט בַּאלְד גֶעקְרָאגִין אַיין אוּדַאר אונ טַאקֶע אִין דֶעם זֶעלְבִּין טָאג גִישְׁטָארְבִּין , עֶר הָאט נוּר אוֹסְגֶעשְׁפִּייעֶט אָן זָאגִין משה'ן פַארִין טויט , דָאס הֵייסְט אֵיידֶער דִי כְּשֶׁרֶת נְשָׁמָה אִיז אִים אַרויס , עֶר זָאל אָפּ זוּכֶען דֶעם מארגולים אונ זִיךְ נוֹקֵם זַיין אָן זַיין פַאמִילְיֶע , אונ אויב זַיין פַאר פַאלֶענֶער זוּן יצחק וָועט זִיךְ גֶעפִינֶען , זָאל עֶר אִים גֶעבִין אַיין טְהֵייל אִין דֶער יְרוּשָּׁה .

משה וִויא מִיר קֶענֶען שׁוין אֵיינִיגֶער מַאסְן זַיין חַארַאקְטֶער אִיז אויךְ בַּייא דֶעם פָאטֶערְס פְּלוּצְלִיכִין טויט גְלַייכְגִילְטִיג גֶעבְּלִיבִּין , עֶר הָאט נוּר גִיקְלֶערְט וִויא אַזוֹ גֶעפִינְט מֶען דִי פַאמִילְיֶע מארגולים אוּם פון אִיר רַאכֶע צוּא נֶעמֶען , אונ פון זַיין פָּנִים מִיט דִי כְּשׁוּגֶענֶע מִינֶעס וָואס עֶר הָאט גִימַאכְט אִין שִׁבְעָה , הָאט מֶען גִיקָאנְט פַאר שְׁטֵיין אַז עֶר אִיז זַייעֶר דַאנְקְבַּאר דֶעם שַׁאצֶער פַאר דֶעם

פָּאטֶערְס טוֹיט, אוּנ דָאךְ אִיז עֶר אוֹיף אִים אוּנ מַארגוּלִיסעֶן פַארְדְרִיסְלִיךְ, וָואס דֶר עֶרְסְטֶער הָאט שׁוֹין לַאנְג נִיט פֶּערְזֶעצְט אוּנ דֶער צְוַויְיטֶער הָאט שׁוֹין לַאנְג נִיט גֶעשַׁאצְט, דֶען ווִירְקְלִיךְ וַואר עֶר שְׁטַארְק אוּנְטֶער דְרִיקְט בַּיים פָּאטֶערְס לֶעבִּין עֶר הָאט אִים קֵיין מָאל נִיט גִילָאזְט אוֹיס גֶעבִּין אַיין גְרָאשִׁין אוֹיף אַיין דְבַר מִצְוָה, וֶועלְכֶע משה הָאט נֶעפוּנֶען פַאר זַייעֶר נוּצְלִיךְ, אוּם זִיךְ אַיין פְרוּמֶען נָאמֶען צוּא שַׁאפִין, מִיט וֶועלְכֶע עֶר זָאל קֶענֶען שְׁפֶּעטֶער זַיין רָאלְיֶע שְׁפִּילֶען, דָא אָבֶּר מִיט דֶעם פָּאטֶערְס טוֹיט הָאט עֶר זִיךְ פָּשׁוּט מְחַיֶה גִיוֶועֶן, עֶר אִיז שׁוֹין גְוָוארִין זֶעלְבְּסְט הֶער אִיבֶּר אַלְס וָואס דֶר פָאטֶר הָאט גִילָאזִין אוּנ בַּייא דֶעם זֶעלְבִּין גִישֶׁעפְט הָאט עֶר אָן גִיהוֹיבִּין נָאר אַנְדֶער רָאלְיֶע צוּ שְׁפִּילֶען, עֶר פְּלֶעגְט גֵיין אַלֶע טָאג דַאוְונֶען, הָאט זִיךְ אָפְּט אָן גִיהוֹיבִּין אַרַיין צוּ מִישֶׁען אִין קְהָלְשֶׁע זַאכִין, שְׁפֶּעטֶר הָאט מֶען אִים שׁוֹין אָן גִיהוֹיבִּין צוּ רוּפִין אִין קָהָל-שְׁטִיבִּיל אוֹיף אַסִיפוֹת, אָבְּוָואהְל עֶר הָאט קֵיין מָאל קֵיין אַייגֶענֶעם וָוארְט גִיזָאגְט, דֶען עֶר פְּלֶעגְט שְׁטֶענְדִיג רֵיידֶען אוּנ וָואס יֶעדֶער הָאט גִיזָאגְט פְּלֶעגְט עֶר זָאגִין פַאר קָערְט, מֶען דֶער צֵיילְט פוּן אִים אַיין גְלַייךְ וָוארְט, אַלְס עֶר אִיז אַמָאל בַּייא אַזוֹ אַיינֶע אֲסִיפָה גִיזֶעסֶען אוּנ אַיינֶער פוּן דִי זִיצֶענְדֶע הָאט פָּאר גֶעלֵייגְט מֶען זָאל צוּ לִיבּ דֶעם גְרוֹיסֶען ווִינְטֶער פֵּיילִין הָאלְץ מִיט קוֹילֶען אָרֶעמֶע לַייט אַלֶע חֹדֶשׁ צוּ אַיין פוּד, הָאט ר' משה זִיךְ אָבּ גִירוּפִין: „גְרָאד פַאר קָערְט מֶען דַארְף זֶעהֶען אַז דִי אָרֶעמֶע לַייט זָאלִין טֵיילִין דִי בַּעֲלֵי בָּתִּים" אוּנ אַלְס דֶער זֶעלְבֶּער הָאט אִים גִיפְרֶעגְט ווִיא שִׁיקְט זִיךְ דָאס צוּ זָאגִין? הָאט עֶר גָאר נִיט רוּיט וֶוערֶענְדִיג גִיעֶנְטְפֶערְט „אוֹיבּ אִיר ווִילְט עֶס זָאל בְּלַייבִּין אוֹיף אַייעֶרֶע רֵייד זָאגְט זֶע אִיר ווִיא אִיךְ זָאג — קֵיין צְדָקָה הָאט עֶר אִין זַיין לֶעבִּין קֵיינֶעם אַיין קָאפֵּייקֶע נִיט גִיגֶעבִּין אוּנ אִיז דָאךְ גֶעשְׁטַאנֶען אִין אַיין הֵיילִיגֶען גֶערוּךְ, אוּנ אִין אַיין פָּאר יָאר אַרוּם, אַלְס עֶר הָאט דִי טַאקְסֶע אָן גֶענוּמֶען וַוייל זַיין הַארְץ וָואס אִיז גִיוֶועזִין אַיין מֶערְדֶער הֶערְץ, הָאט אוֹיךְ צוּ דֶעם גִישֶׁעפְט גִיטוֹיגְט, דֶען דִי טַאקְסֶע מִיט דֶעם סְקָאנְטִיסְט זַיינֶען בֵּיידֶע אַיין גֶעהִילֶעט אִין אַיין רוֹיבֶּער-מַאנְטִיל, אוּנ צַאפֶּען צוּ גְלַייךְ דָאס בְּלוּט פוּן דִי נוֹיט בֶּעדֶערְפְטִיגֶע, בִּפְרַט נָאךְ דִיא בֵּיידֶע זַאכִין הָאבִּין דֶעם בֶּעסְטֶען פְּלַאץ גֶעפוּנֶען אִין אַיין הַארְץ פוּן אַיין גַזְלָן, אוּנ בַּאלְד נָאךְ דֶעם הָאט מֶען אִים דֶערִיבֶּער אוֹיף גֶענוּמֶען אַלְס גַבַּאי אִין דֶער קַאצָאבֶּעשֶׁער שׁוּל. פַאר זַיינֶע קִינְדֶער הָאט עֶר אַרַיין גֶענוּמֶען אַיין מְלַמֵד אִין שְׁטוּבּ, וָואס זָאל מִיט זַייא שְׁרַייבִּין אוּנ לֶערְנֶען, וָואס עֶר הָאט דָאס בַּיין פָּאטֶערְס לֶעבִּין נִיט גִיקֶענְט אוֹיס פִירֶען, דֶען דֶער אַלְטֶער פְּלֶעגְט אִים שְׁטֶענְדִיג זָאגִין „וָואס טוֹיג דִיר אַיין פְרֶעמְדֶער מֶענְטְשׁ אִין שְׁטוּבּ? אִין אַיין גִישֶׁעפְטְס הוֹיז, וואוּ עֶס קוּמֶען פָאר אַלֶערְלַייא מִסְחָרִים דַארְף קֵיין פְרֶעמְדֶער אוֹיס קוּקֶער נִיט זַיין, אוּנ וָואס דַארְפְסְטוּ וַוארְפִין דַיין גֶעלְט אִין בְּלָאטֶע? וֶועט בַּאשֶׁערְט זַיין אַז דַיינֶע קִינְדֶער זָאלִין זַיין גִילֶערִינְטֶע חָלִילָה וֶועלִין זַייא קֶענֶען פוּן זִיךְ אַלֵיין, נֶעם זִיךְ אַיין מָשָׁל פוּן זִיךְ אִיךְ הָאבּ דִיךְ אוֹיךְ קֵיין מָאל נִיט גִילָאזְט לֶערְנֶען, אוּנ פוּן דֶעסְט-וֶועגִין הַלְוַאי אוֹיף אַלֶע אִידֶעשֶׁע קִינְדֶער גִיזָאגְט גֶעוָוארִין. משה אִיז אָבֶּער גִיוֶועֶן אַיין נַאנְדֶער מֶענְטְשׁ, עֶר

הָאט גִיוָואלְט זַיין זוּן זָאל קֶענֶען נָאךְ בֶּעסֶער וִויא אַיין רַב, אוּנ זָאל דָאךְ קֵיין רַב גִיט זַיין, אִין אַיין נוּיט זָאל עֶר נָאר קֶענֶען פַאר טְרֶעטִין אַיין רַבְ'ס שְׁטֶעלֶע, דֶערִיבֶּער הָאט עֶר גִינוּמֶען אַיין מְלַמֵד אִין שְׁטוּב, הַגַם עֶס פְּלֶעגְט זַיין מִיט צָרוֹת אֵיידָער עֶר פְלֶעגְט נֶעבַּאךְ יֶענֶעם בֶּעצָאלִין דִיא שְׂכַר לִמוּד, פוּן דֶעסְט וֶועגֶען הָאט עֶר זִיךְ בַּייא אִים גִיהַאלְטִין, וַוייל דֶער נָאמֶען פארבשטיין הָאט גִיקְלוּנְגֶען אַז דֶער מְלַמֵד הָאט גִיבֶּעטִין גֶעלְד פְּלֶעגְט עֶר אִים שְׁטֶענְדִיג זָאגִין, אִיר לֶערִינְט נָאר על מנת לקַבֵּל פרס? נֵיין, דָאס טָאר מֶען נִיט בַּייא אוּנְז אִידֶען', אוּנ בַּייא יֶעדֶער מָאל הָאט עֶר זִיךְ מִיט אִים צוּא קְרִיגְט, אוּנ אַזוֹ פְּלֶעגְט עֶר אִים אָבּ צִיהֶען פוּן טָאג צוּ טָאג בִּיז עֶר פְּלֶעגְט אִים אוּיס צָאלִין כִּמְעַט גִילְדֶענְס וַוייס, מִיט זַיין וַוייבּ הָאט עֶר אוֹיךְ נִיט בֶּעסֶער גִילֶעבְּט וִויא מִיט דֶעם מְלַמֵד וִויא נוּר זִיא הָאט גִיבֶּעטִין גֶעלְט בַּייא אִים אִין מַארְק צוּא גֵיין, פְּלֶעגְט זִיא זִיךְ מוּזִין מִיט אִים צוּא קְרִיגֶען, בַּייא נַאכְט הָאט זִיא אִים גֶעמוּזְט אָבּ גֶעבִּין רֶעכֶענוּנְג, וואוּ זִיא הָאט אַהִין גִיטָאן דָאס גֶעלְט, וָואס עֶר הָאט אִיר גִיגֶעבִּין, דֶעם רֶעכֶענוּנְג פְּלֶעגְט מַאכִין דִי טָאכְטֶער רייזיל, אוּנ וואוּל אִיז גִיוֶוען דִיא אוּיעֶרִין וָואס הָאבִּין נִיט צוּא גִיהֶערְט וָואס צְוִוישֶׁען דִיא אַלְטֶע פָאר פָאלְג הָאט זִיךְ גִיטָאן, אַלְס עֶס הָאט גִיפֶעלְט צוּם חֶשְׁבּוֹן עֶטְלִיכֶע קָאפֵּייקֶעס אוּנ בַּיי אַלֶעס דֶעם פְּלֶעגְט זִיא דָאךְ מַעְלִים זַיין, אַבְּוָואהְל זִיא אִיז גִיוֶועזְ אוּנְטֶער וָוארְפִין אוּנְטֶער דֶעם שְׁטְרֵיינְגְסְטֶען קָאנְטְרָאל, וַוייל אִין דֶער טְהַאט וַואר זִיא אֵיינֶע גוּטְהֶערְצִיגֶע פוּן דֶער נַאטוּר אוּנ אִיז גִיוֶוען אֵיינֶע מתן בסתר, דָאס הֵייסְט זִיא פְּלֶעגְט טֵיילִין צְדָקִ'ת אִין גֶעהֵיים, אוּנ אָךְ אוּנ וֵויא פְּלֶעגְט אִיר זַיין אַז עֶר הָאט זִיךְ וֶוען דֶער פוּן דֶערְוואוּסְט.

צוּא דִיא אַלֶע גָאלְדֶענֶע מַעְלוֹת זַיינֶע אִיז עֶר נָאךְ גִיוֶוען אַיין גְרוֹיסֶער לִיגְנֶער אוֹיךְ, אַזוֹ וֶוערְט פוּן אִים דֶער צֵיילְט אַז עֶר הָאט נָאךְ דָארְט גִיוואוֹינְט פוּן וַואנֶען עֶר אִיז גִיקוּמֶען, פְּלֶעגְט עֶר דֶער צֵיילִין אַז עֶר הָאט אַמָאל גִיהַאט אַיין פֶערְד מִיט אַיין וָואגִין, וָואס דֶער פֶערְדִיל הָאט זַיין גְלַייכִין נִיט גִיהַאט, נוּן הָאט עֶר אַיין מָאל גִידַארְפְט פָארִין אַיין שְׁטְרֶעקֶע פוּן אַדְרַייא הוּנְדֶערְט וְוֶיארְסְט, אִיז עֶר אַזוֹ גִיךְ גֶעפָאהְרִין אַז עֶר הָאט גֶעהַאלְטִין דֶעם בַּייץ, הָאט עֶר נָאר גִיהֶערְט וִויא עֶס קְלַאפְּט אָן דִי וְוֶיארְסְטִין, טִיג, טִיג, טִיג, אוּנ אִין אַפָּאר שָׁעָה אִיז עֶר גֶעקוּמֶען אִין דֶער שְׁטָאט וואוּ עֶר הָאט בַּאדַארְפְט, אַנַאנְדֶער מָאל הָאט עֶר דֶער־צֵיילְט, אַז עֶר הָאט אַמָאל גֶעהַאט אַצִינַארִין שְׁפִּיץ פוּן אַיין שְׁטִיק בֶּערִינְשְׁטֵיין, וָואס מֶען הָאט גֶעמוּזְט פַאר רֵייבֶערִין אִין דְרִיטֶען צִימֶער, דָאס הֵייסְט עֶר פְּלֶעגְט הַאלְטִין אִין מוֹיל, אוּנ אִין דְרִיטֶען צִימֶער פְּלֶעגְט דֶער יוּנְג זַיינֶער מוּזִין צוּ לַייגִין פַייעֶר צוּם פַּאפִּירָאס אוּנ אַזוֹ הָאט עֶר עֶס גֶערֵייכֶערְט, אוּנ אַלְס אֵיינֶער הָאט אִים גִיפְרֶעגְט וואוּ דָאס אִיז אַהִין גִיקוּמֶען, הָאט עֶר בַּאלְד גִיעֶנְטְפֶערְט, אַז עֶר הָאט עֶס אַמָאל אַוֶועק גִישְׁטֶעלְט אוֹיפִין פֶענְסְטֶער, הָאט מֶען עֶס גִיגַנְבֶעט, דֶער כְּלַל אוּם זַיינֶע לִיגֶענְס אוֹיס צוּ שְׁרַייבִּין, דַארְף מֶען הָאבִּין נָאר אַיין בֶּעזוּנְדֶערֶע וֶוערְק, קוּרְץ עֶר אִיז גִיוֶוען אַיין מֶענְטְשׁ מִיט אַיין הֶעכְסְט פֶערְדָארְבֶּענֶעם חַארַאקְטֶער, אוּנ יֶענֶעם שְׁלֶעכְטָן טָאן אִיז בַּייא אִים גִיוֶוען אַיין קִינְדֶער שְׁפִּיל, נָאר

קומענדיג אין דער שטאט האט ער שון דיא גרויסע ליגענס אוועק געווארפן, אונ איז נור געבליבן ביי א געשעפטס ליגענס, דאס הייסט יענעם אב נארען פון קאפ ביז דיא פיס איז ביי אים געווען איין מיט געבארענער טאלאנט, אונ ביי דיא אלע איבעריגע מעלות · וואס מיר האבן שון פריער גירעכינט, זיין געשעפט האט אונטערדעסין געוואקסען נאך בעסער וויא אין דעם פאטערס האנד ·

דיא קינדער זיינע זיינען געווען איין געגענזאץ פון אים, זייא האבן זיך איין געגעבן אין דיא מוטער מעהר אלס אין פאטער, זיינען ביידע געוועזן זייער גוטהערציגע נעהארכזאמע, שטילע אונווירקליך גוטע קינדער, ירוחם האט זייער גוט גילערינט, אונ אלס ער האט גיזעהען דאס פון דעם לערנען מיטען מלמד וועט ער צו קיין צוועק ניט קומען, האט ער זיך קאם איין געבעטין ביי זיין פאטער ער זאל אים שיקען אין איין ראבינער שול, ירוחם האט דער ביי גאר אנדערס געמיינט, ער האט ווירקליך געוואלט ווערין א מענטש אונ ניט בעלעבטיגען זיין קארגען שלעכטען פאטער, ער האט ברעה גיהאט צו ענדיגען דיא שולע אונ דאן אהעבערין שטודיום צוא בעזוכען, נור מיט אקורצע צייט צוריק אלס ער איז אויף איין האכצייט געוועזן איז ער בעקאנט גיווארין מיט דער פריילין אננא פישעלעוויץ אין וועלכע ער האט זיך שטארק פערליבט, וויא זיא אויך אין אים אונ זייער ליבע האט גיוואקסין פון טאג צו טאג אזוא וויא ביי איין מלוה דיא פראצענט, ביז זיי האבן זיך גישווארין, קיינער האט דער פון ניט געוואוסט נאר זיינער איין קאלעגע נתן קערן, וועלכין ער האט דער ציילט דיא גאנצע געשיכטע, דער קערן איז אפילו גיוועזן פון זייער פיינע עלטערין, ער אליין האט אבער גיהאט איין העכסט פערדארבענעם הארואקטער, אונ אלס ער האט זיך מיט ירוחם׳ן צו קריגט, אונ האט אף דיא הייסע מינוטין דעם פאטער געטראפען האט ער אים באלד דעם סוד ענדעקט, אבוואהל ער האט ירוחמ׳ן געגעבען זיין תקיעת כף אז ער וועט עס קיינעם ניט אויס זאגין, דעריבער איז ער איצט אויף אים אזוא אין כעס געוועזן ביז ער איז פון שטוב אנטלאפין, זוכין מיטלען געגען ירוחמ׳ס ליבע ·

# 2.

דער איינפאכסטער מענטש מיט גוטע זיטען,
קען דעם גרעסטען גליק ערבייכען ·
מישט זיך אבער אשלעכטער אריין אין מיטען ?
זא איז צוא זיינע אונגליקין נישטא קיין גלייכען ·

אויף דער צווייטער גאס פון משה פארבשטיינס וואוינונג, גראדע אויפען ווינקעל איז גישטאנען אשיין דרייא עטאזיגעס הויז, וועלכע האט גיהערט צו אהרן פישעלעוויץ, די אויסערע פערצירונג דעם הויזעס מיט פערשידענע פיגורין, האבן שוין געוויזען וויא פרעכטיג אינעווייניג מוז זיין, אונ ווירקליך דער הויף וואר

נענוג ברייט אונ לאנג. ריינגסאום אויף ביידע זייטען זיינען געוועזין באלקאנס, אין דער מיטע איז געשטאנען איינע זייער שיינע אלטאנקע, דורך אויס בעדעקט מיט גריז ם אין מיטין איינע פאנטאנע, וואס דורך אקנאבע וועלכער האט געהאלטין דעם לאנגען האלדז פון איין בוטעל מיט איין אפענעם מויל האט געזעצט וואסער. ארום זיינען געוועזין געפלאנצט זייער סימעטריש יונגע בוימעלאך, וועלכע האבען גיט אב געטראטין מיט זייער שאטין פון דער העררליכער פאנטאנע, פון ביידע זייטען זיינען געשטאנען צוויא גרויסע לאנטערין, וועלכע האבין דעם אבענדס אויף דעם הויף בעלייכטעט, לינקס אין טויער איז געוועזין אגרויסע גלעזערנע טיר מיט איין שיינע מארמארטרעפפע, וואס האבין ארויף געפירט צוא ר' אהרן פישעלעוויץ, אונ די גאנצע איין ריכטונג וואר אויף דער פריצעשער ארט, דאס הויז האט איין מאל געהערט צו איינעם רייכין פאלנישען פאמעשציג, אלס דער ר' אהרן האט נאך געטראגין אויף זיך דעם נאמען סטאלער, ער אליין איז אבער קיין סטאלער געוועזן נור דאך וואר ער דערביין איין גרויסער קענער, ווייל זיינע עלטערין האבין געהאט איין מעבעל מאגאזין, אונ איז זייער גענט געוועזן אין דער ארבעט נאך די עלטערינס טויט, אלס מען האט ביא זייא פאר חובות צוא גע-נומען די גאנצע געבליבענע מעביל, האט ער גאר ארעם אן געהויבין צו טרייבען זיין געשעפט, אין אקורצע צייט ארום האט מען דארטין געבויט איין באהן אונ ר' אהרן האט דורך רעקאמנדאציאנען אן גענומען אלע סטאלארסקע ארבייט, דען ער האט געהאט איין שיינעם צונג אונ פעדער אונ אין איין פערלויף פון אפאר יאר האט ער פאר דינט ארוביל אכט טויזענד, דאן איז ער שוין געווארען איין פאלנער פאדראציג אונ גאטעס זעגען האט אויף אים ווירקליך גערוהט, דען יעדע זאכע וואס ער האט געטאן האט אים געגליקט אונ ביי זיינעם זעכס אונ צוואנציג-סטען יאהר האט ער שוין געהאט איין קאפיטאל פון ארוביל צוואנציג טויזענד, ער האט זיך שוין דאן געלאזט ריידין שדוכים, אונ האט ווירקליך געמאכט איינע זייער שיינע פארטייא אויס נאריא, ער האט גענומען דרייסיג טויזענד רוביל נדן אונ איינע שיינע אונ קלוגע פריא, אונ האבין געלעבט זייער גליקליך, צוויא יאר נאך זיין חתונה האט ער געקויפט זיין הויז, האט געשאנקען אפאר טויזענד רוביל אף איין „בית מלון אורחים“ פאר ארעמע, ער האט פאר גרעסערט זיינע צדקות פון טאג צו טאג, אונ אין דאס הויז איז אריין דיא מזל וברכה אים פאלען זינען דעם ווארטעס, אונ מיט רעכט האט מען זיין הויז געקאנט רופין אברהם אבינו'ס שטוב, דען פון דארטין איז יעדער הונגעריגער ארויס זאט, יעדער נאקעטער אן געטאן, אונ קיין נויט בעדערפטיגער אהנע שטיצע, אונ וויא ער אזוא אויך זיין פרויא האבען נור געטראכט פיר וואהל דער ארמען.

אין דער זעלבער שטאט איז מיט איניגע יאר צוריק געוועזן איין גרויסער פאדראציג ר' זימיל אייזענשטיין איינער פון ר' אהרונ'ס גוטע פריינד, וואס האט זיינעם איין גרויסין פאדריאד ניט געקאנט אויס פירען, ווייל ער האט עס גענומען איבער זיינע קרעפטין, מען האט דער ביי קאנפעסקירט זיין גאנצע פאר מעגין

אונ ער איז געבּאך געבּליבּין זייער אָרעם , ער האט דעם גרויסען קלאפּ ניט גע-
קאנט איבּער טראָגין , איז ער באלד שרעקליך קראַנק גיוואָרין אונ אַלס ער האט
גיזעהען דאס זיינע קרעפטין גייען צום ענדע , האט ער געשיקט רופין ר׳ אהרונען ,
אונ האט אים גיבּעטין ער זאָל איינע פון זיינע קינדער צו זיך נעמען , ער האט
גיהאַט איין זון מיט איין טאָכטער , נון האט ר׳ אהרן זיינע איין מיידעלע פון אַיאָר
זעקס צו זיך גענומען , אונ האט אים פאר שפּראָכין צו האַלטין וויא איין אייגען
קינד , אונ וועט פאר איר שטענדיג זאָרגין אונ איין אינגעלע פון אַיאָר צוועלף
האט מען אָב געשיקט צוא אַנאַנדער גוטין פריינד אין סאדאס , וועלכער האט
אויך פאר שפּראָכין אים צוא לערנען .

דאס מיידעל חנה אָדער וויא מען האט איר דאָרטין אין הויז גירופען אננא
איז צו זיי אַריין מיטין רעכטין פוס , מען האט איר אויף דער העכסטען שטופע
געאָדוקירט , גילערנט פּיאַנאָ שפּילען , אַנדערע וויסענשאַפטען אונ זיא איז בּייא
זייא געוואָרין אַלס טאָכטער גירעכענט , דער צו האט איר נאך די נאַטור בּעשאָנקען
מיט איינע צו ציהענדע שוינהייט איין זאַנפטע שטימע אונ איין שיינעס וואוקס
אירע שוואַרצע האר האבין בּעדעקט דעם אַלבּאַסטער ווייסען שולטער , אין דיא
אויגין איז גילעגין פאל רייץ , אונ קורץ עס האט איר קיין זאַך ניט גיפעלט וואס
אַשיינעס מעדכען דאַרף האבין , דער צו וואר זיא נאך זייער קלוג אונ בּעשיידין ,
עס איז קיין חתונה גיוועזין קיין פאָרנעהמע גיזעלשאַפט אונ קיין באל וואו אננא
זאָל ניט זיין גילאַדין דאן ערסט איז דער באל גיוועזין אים פאָלען גלענץ , דען
ווירקליך האט זיא פאַרשיינט די שמחות אונ אין איר געגענוואַרט האט יעדערער
נעהאט איין בּעשעפטיגונג , דער צוא וועט שוין איבּעריג זיין צו ערקלערין , דאס
עס האבין זיך צוא איר אסך געשדכינט , אונ דאס זיא האט געהאט גענוג בּעגליי-
טער , עס האבין זיך אַרום איר געדרייט יונגע לייט וויא בּינען אַרום איין בּינ-
שטאָק אָדער וויא מעקלאַרעס אַרום איין בּערזע , דאך איז יעדערער גיבּליבּין מיט
איין שאַנדע נאז אפילו די רייכסטע יונגע לייט , ווייל וויא מיר האבין שוין גילעזען
האט זיא ירוחמ׳ן גישוואָרין , אונ איר שוואור וואר בּייא איר היילינג , בּייא איר
זעכצען יאר דאס הייסט אין דער צייט ווען ירוחמ׳ס פאָטער האט ערפאַהרען פון
פון דיזער געהיימער ליבּע , האט זיא שוין צוא איר שוינהייט קיין גלייכען ניט
גיהאַט , נור אין שפּיגעל וועלכער האט איר גיזאָגט דעם אמת אָבּער גאַנץ זעלטין ,
דען וויא שיין זיא איז גיוועזין , האט זיא דאך דעם שפּיגעל געהאסט , עבּען זאָ
וויא זיא האט פיינט געהאט דיא אַלע שמוק-זאַכען , דאס פלעגט זיא שטענדיג
רופען , „דיא פערדישעפערציהרונג״ איהר גאַנצער שמוק איז בּעשטאַנען פון
איין קליינעם גלאַטען פינגעריל , וועלכער האט נור געהאט איין פיינען אויף
שריפט „אַלעם גייט פאָראיבּער״ איהר בּעשעפטיגונג איז שטענדיג גיוועזען אָדער
בּיים פּיאַנאָ אָדער אין לעזען אונ דאַריבּער איז זיא גיוועזין דיא אויג אין קאפּ בּייא
דער פאַמיליע פישעלעוויץ . ווייל קיין אייגענע קינדער האָבען זייא ניט געהאט .

דִיא אוּהר הָאט שׁוֹין גֶעהַאלְטֶען אַכְט , אַלְס אִין עֶס־צִימֶער אִיז גֶעזֶעסֶען דִיא פַאמִילְיֶע פִישֶׁעלֶעוִויץ , בַּייא אַיינֶעם רוּנְדֶען וַוייס־גֶעדֶעקְטִין טִישׁ , בַּייא אַיינֶעם קָאכֶענְדֶען סַאמָאוַואר , אוּנ הָאבֶּען גִירֶעט וִויא גֶעוֶוייְנְלִיךְ וֶועגִין זַייעֶרֶע אִינְטֶערֶעסִין , וָואס גִיהֶערֶן אִיבֶּערְהוֹיפְּט צוּ זַייעֶר חַאַרַאקְטֶער , עֶר ר׳ אהרן הָאט בַּארֶעכֶנְט יֶעדֶעס וָוארְט וָואס עֶר הָאט פוּן זַיין מוֹיל אַרוֹיס גִילָאזִין , אוּנ הָאט אַלֶץ עֶרְוַוארְט דֶען בֶּעשִׁידֶענֶען אַנְטְוָוארְט פוּן זַיינֶער פְּרוֹיא , וֶועלְכֶע וַואר בֶּעשֶׁעפְטִיגְט מִיט דֶעם טֵייא אָנְגִיסֶען , אננא אִיז גִיזֶעסֶען גֶעגֶען זַייא מִיט אַבּוּךְ אוּנ וַואר דַארִין שְׁטַארְק פַאר־טְרַאכְט , דוּרְךְ דִיא אָפֶענֶע פָארְטֶעצְקֶע פוּן דִיזֶען צִימֶער , הָאט מֶען גֶעשְׁפִּירְט אַגַאנְץ לַייכְטֶען אָבֶענְד ווִינְטֶעלֶע , וָואס הָאט אַריין גֶעוֵוייהֶעט אִין דֶעם צִימֶער , אַהַאלְבֶּער מָאנְד הָאט גֶעשַׁיינְט אוֹיפִין הִימֶעל , אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט מִיט שְׁטֶערֶען , דֶער ווִינְד הָאט גֶעווִיזֶען אַבַּאלְד אָנְקָאמֶענְדֶען רֶעגֶען , אוּנ דֶער אָבֶענְד אִיבֶּער הוֹיפְּט אִיז גִיוֶועזִין אַהַאלְבּ רוּהִיגֶער אַפְּרִיל — אָבֶענְד . —

„אִיךְ רֶעכִין אַז מֶען דַארְף צוּ נֶעמֶען נָאךְ אַפָּאר דִינֶער אִין „מלון אוֹרחים״ אוּנ דָארְטִין אַיינְפִיהרֶען מֶער אָרְדְנוּנְג וִויא בִּיז אִיצְט״ הָאט ר׳ אהרן גִיזָאגְט צוּא זַיין פְּרוֹיא מאלווינא , וֶועלְכֶע הָאט גֶעשְׁלוּנְגֶען דֶעם מַאנְס גִיצֵיילְטֶע וֶוערְטֶער , „וַוייל דִיא אָרֶעמֶע לַייט בַּאקְלָאגִין זִיךְ אַז עֶס אִיז גָאר קַיין אָרְדְנוּנְג נִישְׁטָא“ .

אִיךְ פַאר שְׁטֵייא נִיט צוּ וָואס דוּ פְרֶעגְסְט מִיךְ , הָאט מאלווינע גִיעֶנְטְפֶערְט , אַז דוּ גֶעפִינְסְט עֶס פַאר נֵייטִיג דַארְף מֶען עֶס אַוַדְאי טָאן , דוּא וֵוייסְט דָאךְ אַז אִיךְ בִּין קַיין מָאל נִישְׁט דַאגֶעגִין דַיינֶע וָוארְטֶען אוּנ מִישׁ זִיךְ קַיין מָאל נִיט אִין דַיינֶע גִישֶׁעפְטִין , אוּנ אִיךְ פוּן מַיינֶע זַייטֶע וֶועל מָארְגִין גֵיין נֶעמֶען אוֹיף וֶועשׁ , אוּנ וֶועל דָאס מַאכִין וִויא עֶס גֶעהֶער צוּ זַיין , חָלֶעבִין מֶען דַארְף זֶעהֶען זֵיי זָאלִין זִיךְ דָארְטִין הָאבִּין , אַזוֹ וִויא אִין דֶער הֵיים , וָוארוּם עֶס טְרֶעפְט אַז עֶס נֶעכְטִיגֶען גַאנְץ פַיינֶע פַארְאָרֶעמְטֶע מֶענְטְשִׁין אוֹיךְ , דוּא וֵוייסְט אהרן וָואס אִיךְ וֶועל דִיר זָאגִין , אָט דֶער וָואס אִיז הַיינְטִיגֶע וָואךְ גֶעקָאמֶען וִויא הֵייסְט עֶר ? זיסמאן בערנוס זֶעט אוֹיס אַגַאנְץ אָרֶענְטְלִיכֶער מֶענְטְשׁ צוּ זַיין , מֶען דַארְף אִים וֶוען עֶס אִיז אַרוֹיף בֶּעטִין צוּ אַמִיטָאג , אוּנ אִים פְרֶעגִין וֶוער אוּנ פוּן וַואנֶען עֶר אִיז , עֶפֶּעס זָאגְט מִיר מַיין הַארְץ אַז עֶר הָאט גֶעמוּזְט זַיין אַמָאל אַשֵׁיינֶער בַּעַל־הַבַּיִת . —

אֶמֶת מַאכִי , הָאט זִיךְ ר׳ אהרן אָבְגֶערוּפֶען , עֶר קוּמְט מִיר אוֹיךְ פָאר בַּאקָאנְט , אִיךְ זֶעה אִין אִים עֶפֶּעס אַיוֹרֵד , שִׁיק אִים מָארְגֶען רוּפֶען , אִיךְ וֶועל בַּיי אִים אַלֶץ אוֹיס פְרֶעגִין , אוּנ טָאמֶער וֶועלִין מִיר אִים טַאקֶע מִיט וָואס קֶענֶען הֶעלְפִין , יַא , יַא . עֶס אִיז דָא גֶענוּג מֶענְטְשֶׁען אוֹיף דֶער וֶועלְט , וָואס וֶוערִין נֶעבַּאךְ גָאר אוּנְשׁוּלְדִיג פַאר לָארִין , אוּנ עֶס אִיז נִישְׁטָא וֶוער עֶס זָאל זֵייא אָפִילוּ הֶעלְפִין אִין זַייעֶר נוֹיט ; הִיא אִיז דוּכְט זִיךְ דָא גְבִירִים אַסַךְ , קִימֶערִין זַייא זִיךְ גָאר וֶועגֶען אַזֶעלְכֶע פַארְלָארֶענֶע ? וֶוען יֶעדֶערֶער פוּן זֵייא וָואלְט עֶט וָואס גֶעגֶעבִּין , וָואלְט מֶען זֵייא דָאךְ גֶעקֶענְט מִיט עֶפֶּעס אוֹיפְהַאלְטִין , אַזֶעלְכֶע אִיז אַסַךְ עֶרְגֶער וִויא דִיא וָואס קֶענֶען אַהַאנְט אוֹיס שְׁטֶעלִין , יֶענֶע זַיינֶען שׁוֹין דֶער צוּא גֶעוָואהְנְט , אוּנ גֶעפִינֶען אַלֶעס וָואס זַייא דַארְפֶען אִין זַייעֶר גְרֶעסְטֶע נוֹיט , דִיא

אָבֶּער נֶעבַּאךְ , נָאר וָואס קוּמְט אַרוֹיס פוּן דִי רֵייד , אָדֶער עֶס הֶעלְפְט נִיט , אָדֶער מֶען דַארְף נִיט רֵיידֶען , עֶר הָאט דֶער בַּייא אַשְׁטַארְקִין מַאךְ גִיטָאן מִיט דֶער הַאנְד , אַזוֹ וִויא עֶר וָואלְט אוּנְצוּפְרִידֶען גִיוֶועןאוֹיף דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט . —

מִיר וֶועלִין אָבֶּער אוּנְזֶערֶע צְדָקוֹת נִיט אוֹיפְהֶערִין , הָאט זִיךְ מאלווינע אָבְּגֶערוּפִין , לְאָמִיר גִישְׁט קוּקֶען אוֹיף דִיא הִיגֶע מֶענְטְשִׁין , וָואס זַייעֶרֶע הֶערְצֶער אִיז פוּן אַייזֶען , הַלְוַאי וַוייטֶער , מֶעהר וָואס מִיר הֶעלְפִין מֶענְטְשֶׁען , מֶעהר הֶעלְפְט אוּנְז גָאט , מִיר זַיינֶען שׁוֹין דֶער צוּ גִיבָּאהרֶען .

וַוייכְט וָואס נָאךְ מאלווינע אִיךְ וֶועל דִיר זָאגִין , נֶעם שׁוֹין פַּאר אַיין גַאנְג פַּאר דִיא תלמוד-תורה קִינְדֶער אוֹיף הֶעמְדְלַאךְ אוּנ שִׁיק זַייא דָאס טַאקִי בַּאלְד אָפּ , עֶר הָאט בַּאלְד אַקוּק גֶעטָאן אוֹיף אננען , וָואס הָאכְטוּ זִיךְ אננע אַזוֹא פֶערְטְרַאכְט אִין כּוּךְ ? הָאט עֶר אִיר גֶעפְרֶעגְט , דוּא מוּזְט דָארְט זוּכֶען אַחָתָן ? אננא הָאט אוֹיף אִים אַיין אוּנְצוּפְרִידֶענֶען קוּק גִיטָאן , אִיז אַבִּיסֶעל רוֹיט גִיוָוארִין , וָואס עֶס הָאט אִיר מֶערְקְווירְדִיג גֶעפַּאסְט , אוּנ הָאט דַאבַּייא אַיין אוּנְבֶּעמֶערְקֶענְדֶע זִיפְץ גֶעטָאן , אִין דֶעם זֶעלְבֶּען אוֹיגֶענְבְּלִיק הָאבִּין זַייא דֶער הֶערְט אַקְלוּנְג פוּן אַגְלֶעקִיל , אַלֶע דְרַייא הָאבִּין דִיא אוֹיגֶען אוֹיסְגֶעשְׁטֶעלְט אוֹיף דֶר טִיר אוּנ הָאבֶּען מִיט אוּנְגֶעדוּלְד עֶרְוַוארְטֶעט דֶען גַאסְט , — וִויא עֶרְשְׁרָאקִין זַיינֶען זַיי אָבֶּר גִיוָוארִין אַלְס אַן שְׁטַאט אֵיינֶעם אַמִיזַאנְטֶען אָבֶענְד בֶּעזוּכֶער אִיז וִויא אַמְשׁוּגֶענֶער אַרַיין גֶעלָאפִין משה , דִי הָאר זַיינֶען בַּייא אִים גִיוֶועןאִין גְרֶעסְטֶען אוּנְאָרְדֶענוּנְג , דִיא אוֹיגֶען זַיינֶען אִים גֶעוָוארִין אַרוֹיס גֶעשְׁטַארְצֶעט , וִויא אַשׁוּים הָאט אִים גִישְׁלָאגִין פוּן מוֹיל , עֶר הָאט זָאגַאר קֵיין גוּטֶען אָוֶוענְד נִיט גִיזָאגְט אוּנ הָאט בַּאלְד אָן גֶעהוֹיבֶּען : אִיךְ וֶועל זִיךְ אָן אַייךְ נוֹקֵם זַיין , מֵיינְט נִיט אַז דָאס וֶועט אַייךְ גְלַאט אַוֶועק , אִיר זָאלְט וִויסֶען אַז אִיךְ בִּין אנוקם ונוטר כנחש , אִיהר הָאט נִיט אָן גִיהוֹיבִּין מִיט אַאִינְגֶעלֶע , וִויא אִיךְ בִּין אַאִיד אַז אִיהר וֶועט מִיךְ גִידֵיינְקֶען עֶס מָאג מִיר אֲפִילוּ קָאסְטֶען צְוֵוייא טוֹיזֶענְד רוּבִּיל , אִיךְ זָאג אַייךְ לָאזְט אַייךְ אָפּ דֶער פוּן , על אמונתי אִיהר וֶועט מִיךְ גֶעדֵיינְקֶען , אַלֶע דְרַייא הָאבִּין זִיךְ שְׁטַארְק דֶער שְׁרָאקִין , דֶען אָנְפַאנְגְס הָאבִּין זַייא גֶעמֵיינְט דָאס משה אִיז פוּן זִינֶען גֶעוָוארְט , אוֹיסֶער חנה הָאט זִיךְ עֶפֶּעס גֶעשְׁפִּירְט , אִיהר הַארְץ וֶועלְכֶע הָאט שְׁטַארְק גֶעקְלַאפְּט , הָאט אִיהר גִיזָאגְט אַז דָא מוּז עֶפֶּעס זַיין , זִיא אִיז גִיוָוארִין בְּלַייךְ וִויא דִיא וַואנְט , אוּנ הָאט עֶפֶּעס גֶעוָואלְט רֵיידֶען , נָאר דִי לִיפֶּען זַיינֶען אִיר פַאר שְׁלָאסִין גֶעוָוארִין אוּנ דִיא צוּנְגֶע הָאט אִיהר אוֹיפְגֶעהֶערְט דִינֶען , זִיא אִיז גֶעשְׁטַאנֶען וִויא אֵיינֶע שְׁטַאטוּע גַאנְץ אוּנ גָאר אוּנְבֶּעוֶועגְלִיךְ , נָאר אִיר הַארְץ הָאט זִיךְ מִינוּטֶען וַוייזֶע אוֹיפְגֶעהוֹיבִּין אוּנ אַרָאפּ גֶעלָאזִין , וֶועהרֶענְד אהרן אוּנְד זַיינֶע פְרוֹיא מאלווינע וַוארִין שְׁטַארְק בֶּעשֶׁעפְטִיגְט מִיט דֶעם אַיינְשְׁטִילֶען דֶעם משה'ן .

בֶּערוּהִיגְט אַייךְ , הָאבִּין זַייא בֵּיידֶע גִיזָאגְט אִין אֵיין שְׁטִימֶע .

עֶרְצֶעלְט אוּנְז דִי אוּרְזַאכֶע פוּן אַייעֶר קוּמֶען אַהֶער , אוּנ וָואס אִיהר זַייט אַזוֹי צוּ טְרַאגִיג ? הָאט ר' אהרן גֶעזָאגְט . —

זעצט זיך, טרינקט אַ גלאָז טײא, האָט זיך מאלווינע אָפּגערופֿען זיך זעצענד. װעלכע איז דיא גאַנצע צייט געשטאַנין, דאָס מוז אַוודאי זיין עפּעס אַ העטצע פון צינגער. דען אין דעריין פּעהלט דאָך ניט בייא אונזערע אידעשע קינדער, ניט אױס גערעט זאָל דאָס זיין, בייא אידען וויא מיר קענען אַז עס איז ניטא וואס צו טאָן, ווערט דאָך נאָר גירעט וועגען יענעם, נאָר ניט פון אונז ווערט איהר דאָס ערוואַרטען, דאָס איז זיכער צינגער.

משה וואָס האָט דיא גאַנצע צייט געשאָפּעט וויא אַ גאַנז האָט זיך אַנידער געזעצט, ער האָט אַרױס גינומען זיין פּאַטצײלקע פון קעסענע, האָט דאַמיט אָפּ געווישט דעם שוױיס וואס האָט אים גערונען אויף זיינע באַקען, אונ האָט שוין מיט אַ קוים הײזעריכע שטימע ווידער גירעט „צינגער" זאָגט איהר? וועמעס דען צינגער אַז ניט אייערע, קלאָמערסט מאכט איהר זיך גאָר ניט וויסענדיק, ניט איר האָט מיין בחור'ל ירוחם'ן דעם קאָפּ פאַר דרײט מיט אייער טויד? ממה נפשך האָט איהר עפּעס גיוואָלט טאָן, לעב איך דאָך נאָך, איר האָט דאָך מיך אויך גיקענט פרעגען, איך האָב שאָן גאָר אויף דעם קיין דיעה ניט? צו אַז איהר האָט ניט וואו אַהין צו טאָן, דאַרף מיין קינד זיין דיא כפּרה? ניין, דאָס וועלען נאָך מיינע שונאים ניט זוכה זיין, קען קומען דער הימעל צוא דער ערד? אַזוי קען אַזאַ שידוך ניט זיין, זיא זאָל זיין אייערע אַניינענע וואָלט נאָך אפשר גיקענט זיין. אָבער ניט אַז היינט איז זיא בייא אייך אונ מאָרגין וואו זיא וועט אַליין וועלין, איך זאָג אייך איך וועל זיך מיט אייך אָפּ רעכענען עד דור העשירי.

אננא׳ן, בייא דעם וואָרט „אַניינענע" האָט זיך אָנגיהויבען פערשידענע פאַרבען צו בייטען אין געזיכט, אונ אירע אויגען האָט שטאַרק געשווינדעלט, דער בוך איז איר אַרױס גיפאַלין פון דיא הענט, זיא האָט זיך אַראָפּ גילאָזין אין דעם לעהנשטול, וואָס איז נעבען איר גישטאַנין אונ איז אין אונמאכט גיפאַלין, ר׳ אהרן אונ דיא פרויא האָבין זיך גענומען איר צו דער מינטערין, די דינערשאַפט זיינען פון קיך צו זאַמען גילאָפין אויף מאלווינעס הייסען וויא אַ מוטערליכין געשרייא, אונ אין אַזאַ פאַזע האָט מען איהר אַריין גיטראָגין ביינאהע אָהנע קרעפטען אין איהר שלאָף צימער, חנה האָט ביז דעם אויגענבליק משה'ס ענט-דעקונג ניט געוואוסט דאָס זיא איז ניט זייערע אַ געבאָרענע טאָכטער, זיא האָט ניט אַנדערס גימיינט אַז דאָס זיינען איהרע עלטערין, אונ זיא האָט זייא אויך פאָטער אונ מוטער גירופין, אונ ווירקליך לויט זייער פעטערליכין בענעהמען אונד איר ערציהען וואָלט קיינער דאַרין געצווייפעלט, דען אַנדערס וויא טאָכטער האָט זיא פאָן זייא דיא גאַנצע צייט ניט גיהערט, דעריבער האָט עס שטאַרק איהר הערץ צו געדריקט ביז חלשות.

ר׳ אהרן האָט געפּריווט מיט קלוגע אַנווענדונגען אָבהאַלטען ר׳ משה׳ן, נאָר קיין זאַך האָט ניט גיהאָלפין, ער האָט געשריען, געליאַרעמט אונ האָט ענדליך אַשטאַרקין קלאַפּ גיטאָן מיט דער טיר, אונ אַוועק גייענדיק האָט ער

ואר גיזאגט, איך וועל זיך שויך זעהן מיט אייך ביים קירזונער אויפן פלעקעל" דער לעצטער גראבער אוים דרוק, וואס איז דא גיגאנגען אין דער שטאט פון איין אויער צום אנדערין וויא איינע גאלדענע מינצע, האט ר' אהרן'נען וויא איין עלעקטרישער פונק דורך גיזעצט די גידאנקען, אונ האט זיך זעלבסט קיין רעכענונג ניט גיקענט אפ געבין, וואוהין דיזע ווערטער צילען, ביי א מינוטען צעהען איז ער גישטאנען פאר טראכט אונ האט אלץ ניקלערט וואס קען ער מיר טאן, ער האט גילאזט אין איינינע מאמענטין אריבער לויפין זיינע אלע גישעפטין איבער זיינע גידאנקען, ער האט ארוים גערופין אלע זיינע געהיימניסע, אונ האט זייא קאנטראלירט, אב וועלכע עס איז, איז ניט ענטדעקט ווארדען ר' משה'ס געפערדיכען אויער, הגם ער האט קיין וויכטיגע ניט גיהאט, נאר אז א שונא שטראסעט דעם אנדערין נעמט מען פאר די סודות, אונ מען זעט אויב אלע זיינען זיכער טרייא, אלס ער האט אלעם געפונען אין גרעסטין ארדענונג, האט ער ביי זיך גיטראכט: ניין, ער קען מיך גאר ניט טאן, ער קען מיר נאר ניט לאזען קויפען א פסוק פון אתה הראית, אויב איך וועל שמחת תורה אייה דאווענען ביי דיא קצבים, אונ אויב איך וועל דער צו חשק האבין, נאר אלענפאלס דארף מען זיך דערין איבער צייגען אונ זעהן צו מאכין אוים, אויב עס איז ווירקליך אזוי, דען וואס טויג מיר האבין צו טאן מיט אזא גראבען יונג, אונ נאך מיט א גבאי, וואס האט איין שטיקיל בעטרעף ביי דיא רייבער באנדע אדער קצבים, אונ דאך וויל איך מיין חנה'לען קיין ערגערנים ניט מאכין אונ פאר נארען, ניין, מען דארף זיך פאר לאזין אויף גאט, וועט דאס באשערט זיין מוז דאך ווערען, ווען ניט: וועלין מיר קריגען פאר איהר אזא סחורה, ער איז אנאר, ער זאל זיך וועלען בארעכענען, וואלט ער פאר שטאנען אז ער איז א נאר, אונ וויא איך בין אהיינטוועלטיגער איז עס דאך פאר עם א יחוס, ער קען מיך גאר ניט טאהן, מיינע גישעפטין זיינען דאך ניט קיין פאר שטעלטע, וויא זאגט מען: אז מען עסט קיין קנאביל ניט . . . . נאר לאמיר גיין זעהן וואס איז דארטין מיט חנה'לען, אונשולדיגעס קינד! ווער עס וויל בעליידיגט דיך נעבאך, דוא האסט נישט קיין וואהרען פארשטעהער, ווער עס וויל בענוצט דיינע טרערין, ווער עס וויל פאר גיסט דיך נעבאך דיין בלוט, דער גאט אבער וואס איז א פאטער פון יתומים וועט זיך פאר דיר אננעמען, ער וועט קריגין דיין קריג, אונ איך וועל אויך פאר דיינע טרערין ניט שווייגין אויב דוא וועסט עס אונשולדיג פארלירען, איך האב דיין פאטער געשווארין דוא זאלסט מיר אלס טאכטער גירעכינט זיין, איך מוז דאהער מיין שבועה היילינ האלטין אונ גאט וועט מיר בעלוינען לויט מיינע טהאטען, ער איז צו גינאנגין צום טיר, האט איר פאר שלאסען אונ איז מיט טרערין אין די אויגין ארין גינאנגען אין אננאס צימער, וואו חנה איז געלעגען אויף איר בעט, דעם גארסעט אויף געבונדין, איהר פנים נאס פון דיא וואסער וואס מען האט זיא געשפריצט, אויף די באקין, וואס ביז יעטצט איז גילעגען איינע שיינע ראזע פארבע, איז גיוועזין צו זעהן אגעלקייט, דיא מאלין רויטע

לִיפְּפֶּען זַיינֶען גֶעוֶועזִין בֶּעצוֹיגֶען מִיט אַ בְּלָאֶע הוֹיט , דִיא אוֹיגֶען צוּא גֶעמַאכְט , נַאנְץ אָפְּט הָאט זִיא גִינֶג גֶעבֶּען אַ שְׁלוּקֶערְץ . אוּנְד בַּאלְד נָאךְ דֶעם הָאט זִיא זִיךְ בֶּעגָאסִין מִיט טְרֶערִין . אַזוֹא וִויא אַשְׁטַארְקֶער רֶעגֶען נָאךְ אַ דוּנֶער . בַּיי יֶעדֶעם מָאל הָאט זִיא מַאלְוִוינֶען וֶועלְכֶע אִיז לֶעבִּין אִיהר גִיזֶעסִין אוּנ גֶעוֵויינְט . אַ חַאס גִיטָאן פַּארֶען הַאנְד אוּנ קוּים וַואס מֶען הָאט גִיהֶערְט , הָאט זִיא גִיזָאגְט דוּרְךְ אִירֶע פַאר שְׁלָאסֶענֶע צֵיין „מוּטֶער“ אוּנ דַאבַּייא הָאט אִיר אַשְׁוִוידֶער אָנְגִיפַאנְגֶען . אהרן הָאט בַּאלְד אָנְגֶעזָאגְט : מֶען זָאל אִיר גוּט אַיינְדֶעקִין אוּנ לָאזִין רוּהִיג לִיגֶען אוּנ פריידע דִיא דִינְסְט מֶעדְכֶען זָאל בַּייא אִיר אִין צִימֶער גֶעכְטִיגִין .

אִין דֶר זֶעלְבֶּע שְׁטוּנְדֶע הָאט זִיךְ ירוחם פוּן זַיין שְׁטַארְקִין שְׁלָאף אוֹיפְגֶעוַואכְט . עֶר הָאט גָאר נִיט גִיקֶענְט פַאר שְׁטֵיין . וֶוער אִיהם הָאט דֶעם קָאפּ פֶּערְבּוּנְדִין . הָאט אַרוֹיס גִיהַאפְּט זַיין זֵייגֶערִיל . אָה שׁוֹין הַאלְבּ צֶעהן . שׁוֹין גוּט שְׁפֶּעט . הָאט עֶר צוּ זִיךְ אַלֵיין גִיזָאגְט . נָא . אִיצְט אִיז גְרַאדֶע דִיא צַייט . אִיךְ זָאל עֶפֶּעס אָנְהֵייבֶּען צוּא טָאן פַאר זִיךְ אוּנ פַאר וָואהל מַיינֶער טַייעֶרֶע חנה׳לע . עֶר הָאט גֶענוּמֶען אַטִינְט אוּנ פֶּעדֶער מִיט פַּאפִּיר . אוּנ הָאט צְוֵוייא בְּרִיף אוֹיפְגֶעשְׁרִיבֶּען : הָאט עֶס פַאר זִיגֶעלְט אוּנ הָאט אַרַיין גֶערוּפֶען דִי שְׁוֶועסְטֶער רייזעלע . מַיין טַייעֶרֶע שְׁוֶועסְטֶער . עֶר אִיז אוֹיף אִיר אַרוֹיף גִיפַאלִין . הָאט אִיהר אָנְגִיהוֹיבֶּען צוּ קוּסֶען . רייזעלע . דוּא ווִילְסְט דַיין בְּרוּדֶער זָאל אַמָאל זַיין אַ לַייט ? דוּא וַוייסְט דָאךְ מַיינֶע טְרַייֶע שְׁוֶועסְטֶער . וִויא אִיךְ וֶוער אוּנְטֶערְדְרִיקְט בַּייא אוּנְזֶער פָּאטֶער . וִויא עֶר לָאזְט מִיךְ נִיט לֶערְנֶען קַיין וִויסֶענְשַׁאפְּטֶען . וָואס יֶעצְט פָּארְדָערְט . נוּן הָאבּ אִיךְ בַּאשְׁלָאסִין . נָאךְ הַיינְט בַּייא נַאכְט אַוֶועק צוּא פָּארֶען פוּן דֶער הֵיים . גָאר אָן טַאטֶעגְס וִויסֶען . אִיךְ הָאבּ שְׁטַארְק הֶשֶׁק צוּם לֶערְנֶען . דַארוּם וִויל אִיךְ אַ הֶעהֶרֶע שְׁטוּדְיוּם בַּאזוּכִין . אִיךְ הָאף אַז דוּא וֶועסְט זִיךְ אַ מָאל פְרֵייעֶן מִיט דַיין בְּרוּדֶער . אוּנ דוּרְךְ מִיר וֶועסְטוּ אַשֶׁעגֶערֶען שִׁידוּךְ אוֹיךְ בֶּעהוֹיפְטִין . נָאר צְוֵוייא זַאכִין ווִיל אִיךְ דִיךְ בֶּעטִין . עֶרְשְׁטֶענְס . בַּאשְׁוֶוער אִיךְ דִיךְ בַּייא אַלְלֶעם הֵיילִיגֶען אַז קֵיינֶער זָאל פוּן דִיר גִישְׁט וִויסֶען אַז דוּא וַוייסְט דֶער פוּן . אוּנ צְוֵוייטֶינְס . זָאלְסְטוּ אַרַיין גֵיין צוּ הָערְן פישעלעוויץ אוּנ אָט דֶעם בְּרִיף אִיבֶּער גֶעבִּין זַיין טָאכְטֶער חנה׳ן . דוּא זָאלְסְט זָאגִין אַ תִּירוּץ אַז אִיךְ הָאבּ גִיבֶּעטִין דֶעם לַאטֵיינִישֶׁען גְרַאמַאטִיק . אוּנ דֶער וַוייל וֶועסְטוּ אִיהר דָאס קֶענֶען אָבּ גֶעבִּין אֵיינֶענְהֶענְדִיג , נָאר אִיךְ בֶּעט דִיר רייזעלע וִויא גָאט אִיז דִיר לִיעבּ עֶס זָאל זַיין בְּסוֹד סוֹדוֹת . דֶער פַאר וֶועל אִיךְ דִיר שִׁיקִין מַתָּנוֹת פוּן וַואנֶען אִיךְ וֶועל נָאר זַיין . נוּא זַייא גֶעזוּנְד מַיינֶע טַייעֶרֶע שְׁוֶועסְטֶער אוּנ דוּ זָאלְסְט מִיר אָפְּט שְׁרַייבִּין . זֵיי הָאבִּין זִיךְ בֵּיידֶע שְׁטַארְק צוּא קוּסְט . אוּנ הָאבִּין דֶער בַּייא גֶענוּג טְרֶערִין פֶּערְלָארִין . רייזל מִיט אַ זֵייעֶר גֶעדְרִיקְטֶעם הֶערְץ . וָואס הָאט קַיין וָוארְט גִישְׁט גִיקָאנְט אַרוֹיס גֶעבִּין . אוּנ מִיט טְרֶערִין אִין דִיא אוֹיגִין הָאט זִיא דֶעם בְּרִיף בַּאהַאלְטִין אוּנ אִיז אַרַיין גִיגַאנְגִין צוּ דֶער מוּטֶער . ירוחם הָאט צוּ זַאמֶען גִינוּמֶען זַיינֶע בִּיכֶער . זַיינֶע קְלֵיידֶער . אַבִּיסִיל וֶועשׁ וָואס אִיז אִין דֶעם צִימֶער גִילֶעגִין אִין קָאמָאד . הָאט עֶס אַלְץ פַאר פַּאקְט אִין אַ קְלֵיין צִימֶענְדַאנְצִיל . אוּנ מִיט כָּאל

שְׁרעקְין אִיז ער אַרויס גֶיגַאנְגֶען פוּן טִיר, אוּנ הָאט גֶינוּמֶען אַפְּרָאסְטֶע בְּרִיצְקֶע, אוּנ גְלַייךְ אוֹיפֶן וַואקְזַאל אַוֶועק, דִיא נַאכְט וַואר דוּנְקֶעל, עֶס הָאט גֶעשְׁפְּרִיצְט אַקְלֵיין רֶעגֶעלֶע, אוּנ ער הָאט דַאבַּייא קֵיין הִינְדֶערְנִיס נִיט גִיהַאט, ער הָאט בַּאלְד אַ בִּילֶעט גִינוּמֶען, אוּנ מִיט זַיינֶע אֵיינְצִיגֶע אוּנ צְווַאנְצִיג רוּבֶּעל וָואס ער הָאט פוּן זַיין שְׁפַּארְקַאסְטֶע אַרויס גִינוּמֶען, אִיז ער גְלִיקְלִיךְ אָבֶּער מִיט גְרויסֶע שְׁווִירִיגְקֵייטֶען אָנְגִיקוּמֶען אִין פֶּעטֶערְסְבּוּרְג, וִויא בֶּעטְרִיבְּט זַיין הָארְץ וַואר אִין דִי אֵיינִיגֶע טַאגֶען פוּן זַיינֶער רֵייזֶע אִיבֶּער חנה'ן, אוּנ וִויא שְׁלֶעכְט אִיז אִים גֶעוֶועזֶען צוּם מוּטְה, אִיבֶּער זַיין יֶעצְטִיגֶען בֶּעגֶעבֶּענְהַייט אִיז אִיבֶּעריג צוּא בֶּעשְׁרַייבֶּען, דֶען יֶעדֶער קֶען עֶס לַייכְט פַאר שְׁטֵיין, אוּנ יֶעדֶעס פֶערְלִיבְּטֶעס הֶערְץ דַארְף אַיין אַנְטְהֵייל נֶעמֶען אִין זַיינֶע לֵיידֶען.

## 3.

בֶּעסֶער טְרוּקֶען בְּרוֹיט צוּא עֶסֶן אִימֶער,
אִין אֵיין הויז וָואס רוּהֶע אִיזְט,
אֵיידֶער מִיט בְּרָאטֶען פָאלֶלֶע צִימֶער,
וָואס זַיינֶען נָאר מִיט קְרִיג פַאר מִישְׁט —.

מַארְקוּס לַפִּידוּת אִיז ווִירְקְלִיךְ וִויא ער הָאט משה'ס פָאטֶער צוּא גֶעזָאגְט צוּא רִיק פוּן מָאסְקְוִיא גֶעקוּמֶען, נָאר ער הָאט שׁוֹין בַּיים לֶעבֶּען דֶעם אַלְטֶען נִיט גֶעטְרָאפֶען, ער אִיז גְלַייךְ מִיט זַיין פְרוֹי צוּא גֶעפָארִין צוּא משה'ס וָואהנוּנְג, וֶועלְכֶער הָאט אִיהם פַּייז אֶנְגֶענוּמֶען, ער אִיז בַּייא אִים גִיוֶועזֶען אַ פָּאר וָואכֶען, ער הָאט אִיהם פָערְגֶעלֵייגְט אַשׁוּתְּף צוּא זַיינֶע גִישֶׁעפְטִין צוּא זַיין, משה הָאט עָס אָבֶּער נִיט אָנְגֶענוּמֶען, נוּן הָאט זִיךְ דִיזֶער לַפִּידוּת אַלֵיין גֶעמַאכְט אַנִישֶׁעפְט. וָואס קֵיינֶער הָאט דֶער פוּן נִישְׁט גֶעוואוּסְט, אַנְדֶערֶע הָאבִּין אוֹיף אִיהם גֶעזָאגְט אַז ער הַאנְדֶעלְט גַאנְץ רַאיֶעל, אוּנ אַנְדֶערֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט גְרַאדֶע פַאר קֶעהרְט, אַז ער אִיז אֵיינֶער פוּן דִיא דוּנְקֶעלֶע פֶערְזָאנֶען, דָאס הֵייסְט פוּן דִיא וָואס הָאבִּין זִיךְ מוֹרָא בַּייא טָאג אִין גַאס צוּא וַוייזֶען, דֶען ווִירְקְלִיךְ הָאט אִים זֶעלְטֶען וֶוער גִיזֶעהֶען אַם טַאגֶע, אוֹיסֶער זַיינֶע בֶּעזוּכֶער, וָואס יֶעדֶער אֵיינְצִיגֶער הָאט זַייא גֶעהַאלְטֶען פַאר פֶערְהַאפְּטֶעטֶע, גַאנְץ אָפְט פְלֶעגְט מֶען דָארְט הֶערִין קְרִיג מִיט זִידְלֶערַייא אוֹיף דֶער מָאסְקֶעווֶער אַרְט, וָואס פְלֶעגִין אָפְט דֶער גֵיין בִּיז אַגִישְׁלֶעג, אוּנְטֶער דִיא זֶעלְבֶּע אִיז אוֹיךְ אוּנְזֶער ר' משה גִיוֶועזֶען, דֶער לַפִּידוּת פְלֶעגְט אָפְט אַוֶועק פָאהרֶען, בַּאלְד צוּא רִיק קוּמֶען, אוּנ דָאךְ הָאט קֵיינֶער נִיט גֶעוואוּסְט וואו הִין אוּנ וֶוענִין וָואס, אוּנ בַּייא אַלֶעם דֶעם הָאט ער זַיין הויז גֶעפִירְט וִויא אַשֵׁיינֶער בעל הבית, פְלֶעגְט אָפְט אַרֵיין שִׁיקֶען אַ צְוַואנְצִיג פוּנְט לִיכְט, אַפָּאר פוּנְט בּוֹימִיל אוֹיף דֶעם נֵר תָּמִיד פוּן דֶער קָצְבִישֶׁער שׁוּל, יָמִים נוֹרָאִים פְלֶעגְט ער שׁוֹין בֶּעצָאלִין פַאר אַיין עֲלִיָה, אוּנ הָאט דֶער פַאר שְׁטַארְק אוֹיס גֶענוּמֶען, דָאס וַוייסֶען מִיר דָאךְ שׁוֹין, אַז אַטֶענְטְשֶׁען וָואס גֵייט גוּט, נֶעמֶען אִים אַהַאלְב שְׁטָאט אַרוֹיף אוֹיף דִיא צֵיין, אוּנ וָואס בַּייבֶער

עֶר אִיז מֶעהר הָאט עֶר שׂוֹנְאִים , אוּנְזֶער לפידות'ן הָאט דִיא בֵּיידֶע זַאכִין נִיט גִיפֶּעלְט , מֶען הָאט וָועגֶען אִים שְׁטַארְק גִירֶעט , דָאךְ אָן אַצְוֶועק , אוּנְטֶער אַלֶע אִיבֶּערִיגֶע אַיין גַייֶער זַיינֶע אִיז אוֹיךְ גִיוֶועזֶען נָתָן קֶערְן , וָועלְכֶער הָאט דֶער פְּרוֹי זַיינֶער גִילֶערִינְט שְׁרַייבִּין , קֶערְנֶען הָאט לפידות עֶרְקֶענְט פַאר אַיין בְּרַאוֶוען מֶענְטְשֶׁען , אוּנ אוֹיף אִיהם הָאט עֶר זִיךְ אַלֶעם פַאר טְרוֹיט , עֶר פְלֶעגְט אִים שְׁרַייבֶּען זַיינֶע בְּרִיף לַייֶענֶען דֶעפֶּעשֶׁע , אוּנ עֶר הָאט זִיךְ בַּייא אִים גֶערֶעכֶענְט פַאר אַבֶּן-בַּיִת . אִין דָאס זֶעלְבֶּע הוֹיז אִיז אִיצְט אִין דֶער גְרֶעסְטֶער קְרִיטִישֶׁער לַאנְגֶע אַרַיין גֶעגַאנְגֶען ר' משה דֶער צַיילֶען זַיין פֶערְלֶעגֶענְהַייט אוּנ פְרֶעגֶען צוּא גְלַייךְ אַיין עֵצָה , וָואס מֶען טוּט דֶער צוּא , אָדֶער בֶּעסֶער גֶעזָאגְט זוּכֶען אַיין מִיטֶעל וִויא זִיךְ אָן פִּישֶׁעלֶעוִויצֶען נוֹקֵם צוּא זַיין , עֶר הָאט שׁוֹין גֶעפוּנֶען כִּמְעַט זִיךְ שְׁלָאפֶען לַייגֶענְדִיק לאפידות'ן , עֶר אִיז אַרַיין גֶעגַאנְגֶען אִין זַיין שְׁלָאף צִימֶער דִירֶעקְט אוּנ זָאגְט : וָואס זָאגְסְטוּ בְּרוּדֶער צוּא אַזוֹיא אַיין עֵסֶק ? בַּייא פְּרָאסְטֶע מֶענְטְשֶׁען אִיז „דוּא“ אוּנ „בְּרוּדֶער“ אִיז אָנְגֶענוּמֶען פַאר אַיין זַייעֶר גַייעֶנְדֶע מִינְצֶע , זַייא פַאר גֶעסֶען גָאר אַז פוּן דֶעם בְּרוּדֶער וָוערְט בַּאלְד אַשְׁוֶועסְטֶער קִינְד אוּנ מִיט אַיין מָאל דֶער גְרֶעסְטֶער שׂוֹנֵא , דָאךְ אָהְנֶע רֶעכֶענוּנְג הַאלְטֶען זַייא זִיךְ אָן אִים וִויא חֲסִידִים אָן אַגוּטֶען אִידֶען , עֶר דֶער דַייטְץ יִמַּח שְׁמוֹ הָאט מִיךְ אִין גַאנְצִין אָבְּגֶעקוּילֶעט אַז עֶר הָאט גִיט וואוּ צוּא בֶּעגְרָאבֶּען זַיין שְׁפֵלָה דַארְף עֶר זִיךְ צֶעפֶּען צוּא מַיין זוּן , וִויא גִיפֶעלְט דִיר אַזַא זַאךְ ? אַחֵלֶק הָאט עֶר אִין אִים אַרַיין גֶעלַייגְט , מֶען מוּז אִיהם זֶעהֶען צוּא בֶּעגְרָאבֶּען דֶעם פַארְשִׁיוֶועןְ סְטָאלֶער , מֶען דַארְף אִים מַאכִין עֶר זָאל אוּנְז נֶעדַיינְקֶען , דֶער לפידות וָועלְכֶען משה'ס אַרַיין קוּמֶען הָאט גַאנְץ וַוייניג אִינְטֶערֶעסִירְט , הָאט נוּר גִיפְרֶעגְט מִיט אַלֶעבֶערְלִיכֶע שְׁטִימֶע : וֶוער וָואס וֶועמֶען ? אוּנ הָאט זִיךְ צוּא גְלַייךְ אוּיס גֶעטָאן שְׁלָאפִין צוּא גֵיין , וֶועמֶען הָאט משה וַוייטֶער גֶעזָאגְט , דוּא קֶענְסְט גָאר נִיט דֶעם אַפִּיקוֹרֶס פִּישֶׁעלֶעוִויצְקֶען ? עֶר הָאט דָאךְ מִיר מִיט זַיין מוֹיד אוּנְגְלִיקְלִיךְ גֶעמַאכְט , מֶען דַארְף אִים גוּט אַרַיין נֶעמֶען אִין דִיא הֶענְט , אָט אִיצְט אִיז צַייט מֶען זָאל זִיךְ אָן אִים נוֹקֵם זַיין , וָואס זָאגְסְטוּ צוּא דֶעם אַז עֶר וִויל מִיךְ הָאבִּין פַאר אַיין מְחוּתָּן ? נוּא , וִויל עֶר מִיךְ זָאל עֶר דִיךְ אוֹיךְ וָועלִין . . . . דוּא וֶועסְט דֶער פוּן אָבְּלֶעקִין אַגוּט בַּיינְדִיל— אַ הָאט זִיךְ לפידות אָבְּגֶערוּפֶען , אָט דֶעם רַייכֶען פִּישֶׁעלֶעוִויצֶען מֵיינְסְטוּ , דָאס אִיז דָאךְ טַאקֶע אִין דֶער אמת'ן אַגַאנְץ פֶעטֶער הָעכְט עֶהֶע ! אוֹיף אִים הָאבּ אִיךְ שׁוֹין לַאנְג גֶעוָוארְפֶּען אַיין אוֹיג יַא דוּא בִּיזְט גִירֶעכְט , אִיהם אִין דִיא הֶענְט דַארְף מֶען טַאקֶע נֶעמֶען , אָבֶּער דוּא אַמְחוּתָּן מֶעגְסְטוּ זַיין מִיט אִים , דוּא מִיט דַיין מוֹיל קֶענְסְט דָאךְ בַּייא אִים חַאפֶּען אַוַואזְנֶע פוֹיטִיקֶע , דֶער בַּייא אִיז עֶר צוּא גֶעגַאנְגֶען צוּא אַגְלֶעזֶערְנֶעם עֶלְמֶערְל , הָאט אַרוֹיס גֶענוּמֶען אַשֵׁיין גְרַאפִינְצִיקֶעל , הָאט אָנְגֶעגָאסֶען אַרִיכְטִיגֶען רְבִיעִית , אוּנ מִיט אַיין קֶעהר הָאט עֶר עֶס אַרַיין גֶעגָאסֶען אִין זַיין צוּא שְׁפְּרַייטֶעטֶען מוֹיל , עֶר הָאט אָן גֶעגָאסֶען דֶעם אַנְדֶערֶען מָאל אוּנ הָאט עֶס משה'ן דֶערְלַאנְגְט , נַא משה טְרִינְק ,

מִיר זָאלִין זוֹכֶה זַיין צוּא טְרִינְקֶען אוֹיף זַיין חֲתוּנָה. הָאט עֶר צוּא אִים גֶעזָאגְט וָואס פַאר אַיין עֵצָה אָבֶּער גֶעפִינְט מֶען דֶערְבַּייא, אִיךְ וָואלְט דִיר עֶטְוָואס זָאגִין דוּא זָאלְסְט צוּא אִים אַרוֹיף שִׁיקֶען אִין אַפְּרֶעמְדִינְס נָאמֶען לַייעֶן אַיין גמ"ח אוֹיף מַשְׁכָּנוֹת אִיךְ וֶועל דִיר שׁוֹין גֶעבֶּען דֶער צוּא אַמֶענְטְשֶׁען, אוּנ דוּא זָאלְסְט אוֹיף מָארְגִין דֶערְלַאנְגֶען אַזַאיַאווְלֶענְיֶע אִין פַּאלִיצְיֶע אַז דִיא זַאכֶען זַיינֶען בַּייא דִיר גִינַאנְוֶועט. דִיא קָאפְּיֶע זָאלְסְטוּ מִיר אָבְּגֶעבִּין אוּנ אִיךְ וַוייס שׁוֹין וָואס דֶער מִיט צוּא טָאהן. דֶער כְּלַל אִיךְ וֶועל זֶעהֶען אִים צוּא מַאכֶען אוֹיס גְבִיר. עֶס אִיז נָאר שְׁוֶוער אֵיידֶער עֶר וֶועט אִין וָואס אַרַיין פַּאלִין אִיז עֶר שׁוֹין אָבֶּער אַרַיין גֶעפַאלֶען וֶועט אִים שׁוֹין דֶער שְׁלִימַזֶעל צִיהֶען. אוֹיךְ הָאבּ אִיךְ שְׁלוּחִים אוֹיף אַמֶענְטְשֶׁען זִיךְ אָן צוּא זֶעצִין.

יָא הָאט זִיךְ משה אָבְּגֶערוּפִין אוֹיס טְרִינְקֶענְדִיג זַיין גְלָאז בְּרַאנְפִּין, אָבֶּער אַז אִיךְ וֶועל דָאס טָאן וֶועט עֶר דָאךְ פַארְשְׁטֵיין אַז אִיךְ הָאבּ דָאס גִימַאכְט אוּנ עֶר וֶועט זִיךְ הִיטֶען וַוייטֶער. מַיין עֵצָה וָואלְט גִיוֶוען אַז דוּא זָאלְסְט דָאס טָאן אוּנ טַאקֶע בַּאלְד אָנְהֵייבֶּען. דֶען וָואס טוֹיג דֶער צַייגֶערִין. וָואס פַאר אַשְׁטְרַאף קוּמְט אָבֶּער פַאר אַזַא קְלֵיינִיגְקַייט.

דֶער פַאר. אוּנ דֶער צוּא נָאךְ וָואס אַז מֶען וֶועט אִים פַאר שִׁיקֶען לַעֲזָאזֵאל אִיז וַויינִיג פַאר דִיר? הָאט לאפידוס גִיעֶנְטְפֶערְט. דֶער צוּא וֶועט מֶען נָאךְ דַארְפִין אוּנְטֶער פִינְקְלֶען זַיין הוֹיז. הַגַם זִיא אִיז פַארְזִיכֶערְט אִין דָאפִּילְט וָויפֶעל זִיא בַּאטְרֶעפְט נָאר מַיינֶע מֶענְטְשִׁין וֶועלִין עֵדוּת זָאגִין אַז זֵייא הָאבֶּען אַלַיין גִיזֶעהֶען וִויא עֶר הָאט פֶּעטְרָאלִים גִיגָאסִין אוֹיף דִיא וֶוענְט אוּנ דַאן אִיז עֶר פַארְטִיג דוּא פַארְשְׁטֵייסְט משה וָואס מִיר קֶענֶען דֶער פוּן הָאבִּין?

אִיךְ זָאג דִיר דֶעם אֶמֶת הָאט משה גִיזָאגְט. דוּא הָאסְט גִיקֶענְט זַיין אַיין מִינִיסְטֶער אִין אַקְלֵיינֶע מְדִינָה צוּ לָאמִיר גֵיין אוּנ מָארְגִין וֶועלִין מִיר אָנְהֵייבֶּען דֶערַיין צוּא טָאן. גוּט נַאכְט בְּרוּדֶער. בַּייא נַאכְט גִיבּ נָאךְ עֶפֶּעס אַשְׁטִיקֶעל קְלֶער וִויא דָאס בֶּעסֶער צוּא מַאכִין עֶר הָאט זִיךְ אוֹיף גֶעהוֹיבֶּען אוּנ גֶעוָואלְט אַוֶועק גֵיין —.

הֶער משה נָאךְ וָואס. הָאט לאפידוס אִים אָבְּגִיהַאלְטִין. קֶערִין גִיט דָאךְ אַשְׁמוּנְד דַיין מַיידִיל אוּנ עֶר גֵייט אַרַיין גַאנְץ אָפְט צוּא פִישֶׁעלעוויצקען לָאז זִיךְ צוּא צוּא אִים. עֶר זָאל אַלְץ דֶער גֵיין וָואס דָארְטִין טוּט זִיךְ אוּנ זָאל דִיר דֶער צֵיילִין. עֶר אִיז אַגוּטֶער יוּנְג אוּנ קֶען אוּנְז שְׁטַארְק צוּא נִיץ קוּמֶען. נוּא גֵייא אִיךְ וֶועל מָארְגִין זַיין בַּייא דִיר אַזוֹי פוּן צֶעהֶען בִּיז צְוֶועלְף דֶעם זֵייגֶער. זֵייא הָאבִּין זִיךְ בֵּיידֶע גִיזֶעגִינְט. משה אִיז אַוֶועק גִינַאנְגֶען אוּנ לאפידוס הָאט זִיךְ שְׁלָאפִין גִילֵייגְט. עֶר הָאט אָבֶּער נִיט בַּאלְד אַיינְגִישְׁלָאפִין. עֶר הָאט גִיקְלֶערְט כְּלַאנֶען זֵייא אַלְץ אוֹיסְגִיבֶּעסֶערְט אוּנ עֶנְדְלִיךְ דָאךְ אַיינְגֶעשְׁלָאפִין.

בֶּעפָאר מִיר וֶועלִין דֶעם קַאפִּיטִיל גֶעבִּין אַיין אַנְדֶער וֶוענְדוּנְג. וֶועלִין מִיר דֶעם לֶעזֶער אַבִּיסִיל בֶּעקֶענֶען מִיט קֶערֶען. וָואס אִיז זֵייעֶר נוּצִיג צוּ אוּנְזֶער גֶעשִׁיכְטֶע. אִיךְ מוּז אָבֶּער פַארְאוֹיס בֶּעטִין אוּם עֶנְטְשׁוּלְדִיגוּנְג. וָואס אִיךְ מַאךְ

דֶעם לֶעזֶער בַּאקַאנְט מִיט אַזַא נִידֶערְטְרֶעכְטִיגֶע פֶּערְזָאן • נָאר אַמָאל אוּם צוּא ווִיסִין גֶענוֹיא דִיא גִישִׁיכְטֶע מוּז מֶען זִיךְ בֶּעקֶענֶען מִיט אַזֶעלְכֶע מֶענְטְשִׁין • וָואס פַּאסֶען זָאגַאר נִיט פַאר אוּנְז • אִיבֶּערִיגֶענְס מִיר טוֶּען דָאךְ מִיט אִים קַיין שִׁידוּךְ נִיט • הַיינְט קֶענֶען מִיר אִים אוּנ מָארְגִין נִיט • דֶער קֶערְן ווִיא מִיר הָאבִּין שׁוֹין פְרִיעֶר עֶרְצֵיילְט אִיז גֶעוֶועזִין פוּן גַאנְץ אָרְדֶענֶערֶע אָבֶּער עֶרְלִיכֶע עֶלְטֶערֶען בִּיז זַיין צֶעהֶענְטִין יָאהר הָאבִּין זַייא אִים גִיהַאלְטִין אִין אַחֵדֶר אוּנ עֶר הָאט אפילו גִישְׁמַאק גִילֶערִינְט • נָאר פוּן זַיין קִינְדְהַייט אָן הָאט עֶר זִיךְ שְׁטֶענְדִיג גִילֶערִינְט מְסִירוֹת אוֹיף דִי אִיבֶּערִיגֶע קִינְדֶער • פְלֶעגְט אָפְּנַארִין דִיא עֶלְטֶערִין אוּנ דָעם רֶעבִּין אוּנ אִיז שְׁרֶעקְלִיךְ ווִילְד גִיוֶועזִין • דִיא מוּטֶער פְלֶעגְט אִים שְׁטֶענְדִיג רוּפִין „דֶער בֵּייזֶער בַּאגֶעגֶענִיס“ וָואהֶער בַּייא אוּנְז אִידִין וַואקְסִין אַרוֹיס דִיא פָאר וֶוערְטֶער ווַיים יֶעדֶער פְרוּמֶע אִידֶענֶע • קוּרְץ עֶס הָאט אִים דַאצוּ גִיצוֹיגֶען צוּא וָואס עֶר אִיז אִין חֵדֶר גִיוואוֹינְט גֶעוָוארִין ; שְׁטֶענְדִיג פְלֶעגְט עֶר זַיין אַזוֹיא ווִיא מְשׁוּגֶע • אַז עֶר הָאט קַיין הֶעצֶע נִיט גִימַאכְט • קַיין מְסִירָה נִיט גִיפוּנֶען אוֹיף וֶועמֶען • עֶפֶּעס אָפְּנַארִין וֶועמֶען ; אוּנ אַזוֹי הָאט זִיךְ בַּייא אִים דִיא גְרָסָא דִינַקְתָא (יוּגֶענְד-לֶעהְרֶע) אַיינְגֶעוָוארְצֶעלְט אִין זַיינֶעם הֶערְצֶען • אוּנ דִיא אַלֶע מַעֲלוֹת הָאבִּין זִיךְ אַיין נֶעסְט גֶעמַאכְט אוֹיף זַיינֶע גֶעדַאנְקֶען • דָאס ווַייסֶען מִיר דָאךְ שׁוֹין אַז עֶס אִיז נָאר שְׁוֶוער דֶעם קְלֶענְסְטִין פַארְבְּרֶעכִין צוּא מַאכֶען • דַאן צַייט שׁוֹין דַאצוּ בִּיז עֶס וֶוערְט אַגֶעוָואוֹנְהַייט • זַיינֶע עֶלְטֶערִין הָאבֶּען אִים אָפְּגֶעגֶעבִּין אִין דֶער זֶעלְבֶּער שׁוּלֶע וואוּ ירוחם אִיז גִיגַאנְגֶען אוּנ הָאבֶּען בֵּיידֶע גְלַייךְ גִיעֶנְדִיגְט • עֶר אִיז גִיוָוארִין אַיין אַיינְגֵייעֶר בַּייא דֶעם משה׳ן • פַארְשְׁטֵייט זִיךְ שׁוֹין זַייעֶנְדִיג אַיין אִינְטִימֶער פְרַיינְד מִיט ירוחמ׳ן • וֶועלְכֶער הָאט אִים אַלֶעס פֶּערְטְרוֹיט • שְׁפֶּעטֶער הָאט עֶר זִיךְ שׁוֹין פֶערְלִיבְּט אִין משה׳ס טָאכְטֶער נוּר קַיין גֶעגֶענְלִיבֶּע הָאט עֶר בַּייא אִיהר נִיט גִיטְרָאפִין • ווַייל רייזל אָדֶער רעזאליע פארבשטיין הָאט! אִים עֶרְקֶענְט פַאר זֵייעֶר אַפַּאלְשִׁין מֶענְשֶׁען • דַאן אִיז עֶר ווִידֶער בֶּעקַאנְט גִיוָוארִין מִיט פִישֶׁעלעוויצעס פאמיליע • אִיבֶּערְהוֹיפְּט אִיז אִים אננא גִיפֶעלִין , דָאס אִיז דָאךְ שׁוֹין אַיין אַלְטֶער כְּלָל , אַז אוּנְז גֶעפֶעלְט אַלְץ וָואס יֶענֶער הָאט • עֶר הָאט דֶער בַּייא גָאר אַנְדֶערְשׁ גֶעמַיינְט • אֵיינֶע פוּן דִיא בֵּיידֶע פְרֵיילִינְס זָאל אִים דָאךְ אָנְקָאמֶען • עֶר הָאט שְׁטֶענְדִיג גֶעזוּכְט זִיךְ גֶעפֶעלִיג צוּא מַאכִין בַּייא דִיא פישעלעוויצעס אוּנ הָאט דַארִיבֶּער גֶעהַאט אַיין גַאנְץ פְרַייעֶן אוּנ אָפְטֶען אַנְטְרֶעט • יֶעדֶעס מָאל מִיט אַיין אַנְדֶער אוֹיסְרַייד • דִיא פישעלעוויצעס וֶועלְכֶע זַיינֶען גֶעוֶוען גָאר אוֹיבֶּער אָן חָכְמוֹת אוּנ אָן זַיטִיגֶע מֵיינוּנְגֶען • נִיט ווִיא הַיינְט פִּירְט זִיךְ אַז דִיא לִיפֶּען רֵיידֶען נִיט וָואס דָאס הֶערְץ אוּנ גֶעדַאנְקֶען מֵיינֶען ; הָאבֶּען גָאר נִיט גֶעפוּנֶען זַיינֶע אָפְטֶע וִויזִיטֶען פַאר אוֹיפְפַאלֶענְד אוּנ הָאבֶּען אִים גַאנְץ פְרַיינְדְלִיךְ בֶּעהַאנְדֶעלְט • זָאגַאר דִיא אננא וֶועלְכֶע הָאט אִים אִינֶערְלִיךְ שְׁטַארְק גִיהַאסְט • עֶס טְרֶעפְט בַּייא מֶענְטְשִׁין אִיבֶּערְהוֹיפְּט בַּייא רַייכֶע אַז אִין זֵייעֶר מִיטֶענֶעם קְרֵיזָאק דְרֵייט זִיךְ אַרוּם עֶפֶּעס אַשְׁלֵייעֶנְגֶעלֶע וָואס זוּכְט נוּר ווִיא אִין זַייא דֶעם גִיפְט אַרַיין צוּא

לאזען . — דער זעלבע קערין וועלכע אננעס בליקען האבען שטענדיג קאלט געטראפען איז גיוועזן שרעקליך אויפגעבראכט אויף איהר אונ דיא פאמיליע, דען בעהיטע גאט יעמאנדען צוא ליעבען אונ ניכט געליבט צוא זיין, אזא מענטש קען ווירקליך אויס נייד, דעם אנציגדערם אויפים פייער ברייגען, איבערהויפט נאך ביי איונגע מענטשען, וועלכע דיא פונקען פון דער נקמה ענטצינדעט זיך זייער לייכט אונ מאמענטאל, איונגער מענטש וואס האט נאך ניט דעם עלטערין איבערלייג אונ פאלעם פערשטאנד, קען ווירקליך מיט איין ווארט אמענטשען אונגליקליך מאכען, עס מעג אפילו דער ביי ליידען מעהרערע, דען ער טוהט עס אהנע רעכענונג, ער וויל גאר ניט וויסען דעם סוף דער פון, אט עפעס אזא שיקעל צופאל האט איצט געזוכט קערין, וויא זיך נוקם צוא זיין אן דיא גוטע אונ פרומע אננען, אז איינער זאל קומען איהם זאגין דאס אננען האט איין אונגליק געטראפען וואלט ער זיינע קינפטיגע קאריערע אפגעגעבען, ער וואלט אהנע צווייפעל יענעם געשאנקען זיינע אונ זיין טאטענס חלק לעולם הבא, צום אונגליק אבער איז קיינער ניט געקומען, אונ ער האט וויא אווארעם אליין געגראבען פיליכט וועט ער עטוואס קענען געפינען אויף איהר, ער וואלט זיך זיכער געלאזט ארוים נעמען ביידע אויגען, מען זאל צו גלייך אננען ארוים נעמען איינע, דיא ערסטע זאך האט ער פראבירט משה׳ן דער ציילען פון דער געהיימער ליעבע אונ דאן האט ער מיט דיא גרעסטע אונגעדולט ערוואַרטעט אז פון דיא זעלבע פאר שאלטענע קערנער זאל עטוואס ארוים וואקסען, ער האט דעם גאנצען טאג אונ דיא נאכט ניט גערוהט, ער האט מיט דיא גרעסטע שוויריגקייטען ערווארט עס זאל טאג ווערין, אונ ער זאהל לויפען צוא משה׳ן הערין וואס הערט זיך דארטען, יעדער שעה איז איהם געוועזן איאהר לאנג, יעדע מינוט האט איהם געשיינט אז ירוחם קלאפט ביי איהם אונ וויל זיך מיט איהם שלאגען, יעדען אויגענבליק האט ער ערווארט אנעס זידלעריא אונ האט אלץ איבער גע-רעכענט וואס ער וועט איהר ענטפערין, אבוואהל ער האט ניט געוואוסט פון משה׳ס זיין ביי פישעלעוויצען, דאך האבען איהם זיינע געדאנקען געזאגט אז עפעס גלאט וועט דאס ניט אוועק, ער האט זיך געטרייסט זעהענדיג אין דער פינסטער וויא פישעלעוויץ שרייט אויף דער טאכטער, וויא משה טופעט מיט דיא פיס אונ שרייט דוא חצופה, דוא שארלאטאנקע, פון דיא פארשטעלונג זיינע אליין האט ער זיך פשוט מחיה געוועזן, ער האט זיך איגערליך געפרייט, האט זיך זעלבסט עטליכע מאל גערופען מאלאדעץ, אונ ווען ער וואלט קענען, וואלט ער זיך אליין אקוס געטאן...

משה איז גאנץ שפעט אהיים געקומען, ער האט באלד בעזוכט ירוחם׳ס בעט, ליידער אבער ער האט איהר געפונען ליידיג. מן הסתם האט ער ביי זיך געטראכט איז ער געגאנגען נעכטיגען ביי א בעקענטען, נאר ער מעג שוין טאן וואס ער וויל, אבי איך האב שוין געגען דעם אפלאן געמאכט האט

ער ווייטער געקלערט, אויסער דעם וואס ער וועט מיין מחותן ניט זיין, וואס מיין כבוד וועט בלייבען אויף איין ארט, קען נאך זיין אז איך וועל איהם לעבענדיגערהייד ירשענען מיט אשיינעם משא ומתן, דען וויא מיר ווייסען אנקמה וואס איז פערמישט מיט אגעלט-אינטערעסע, שטייגט איבער אלע מאסען, איהר וואוטה האט דאמאלס קיין גרענצע ניט, אונ מען זוכט מיטלען איבער צוויא אורזאכען איהר צוא פערפאלקאמען, אזוי קלערענדיג האט ער זיך שלאפען געלייגט, אונ וויא צווישען אונז גערעט איז ער געלעגען אין געהאקטע וואונדען, די קישען האט זיך אים גענדרייט צו קאפען ער האט אריין געגראבען דעם פנים אונ אלע ווײלע איז איהם אריבער געלאפען איין אנדער געדאנקען, טאמער חלילה פירט לאפידוס ניט אויס, טאמער פאלט ער אריין אונ שלעפט מיך אויך צו, דאן איז דאך שוין אנעק פון מיין כבוד פון די גדולה אונ פון מיינע גבאות, אונ בלייבען אנאר וויל קיינער ניט, דאס אלעס האט איהם נישט געלאזט איינרוהען, דען דאס איז יעדען בעקאנט, אז מען טוהט עפעס אפארברעכין, בפרט אז מען דארף זיך פארלאזען אויף פרעמדע איז אסאך ערגער וויא דער טהאט אליין, עס שטעלין זיך פאר זייער גרויסזאמע זאכען, יעדער פינטעלע זעהט אויס וויא אגאנצער בארג, דער יא אונ ניין וואקלען זיך שטארק ארום וויא אויף איין געוויכט, דאך ציהט דאס רוב דער יא אריבער, אלע מינוט דער זעהט מען דא דעם פראקוראר דא דעם אסטראג אונ דא די געשווארענע מיט גלידער, די וואהרע ריכטער, אונ דאס רוב זעהעט ער וויא זייא טראגען ארויס איין אפּראוודאטעלנעם ווערדיקט דען נאך איז קיינער געבליבען ביי זיך אונגערעכט, זיבעצען מאל אין איין מינוט האט ער גאט געבעטען, ער זאל איהם דעריין העלפען. דען נאך איז קיין גנב, אפעריסט אונ מערדער געגאנגען טאן זיין טהאט אן גאט, ער זאגט בעת מעשה צוא נדרים, נדבות, אויף אלערלייא וואהלטהאטען, נאר גאט זאל איהם העלפען, דאס רוב לאזט זיך אפילו אויס אז ער נארט גאט אפּ, דאס זעלבע האט אויך די נאכט משה געטאן, ער האט צו געזאגט צו טיילען ליט תרפ״ט אלפים רענדלאך, ער האט זיך א נדר געטאן חתונה צוא מאכען אכצענהונדערט ארעמע כלות אונ יעדערע צו געבען נדן מיט אויסשטייער, נאר ער זאל אויספירען זיין נקמה, אונ גאט זאל איהם באשערין מיט אגליק פון העלער הויט אונ אן מיהע, אזוי איז אנגענאמען ביי אלע ליידיג-גייער אונ געלט-גאיצען, אז זייא טראכטען נאר גאט זאל זייא אראפּ ווארפען גליקען פון הימעל, אונ אזוי האט זיך דאס ביי אונז אידען פעראייגענט פון דעם מן אן. —

זייא לעבין אפּ יאהרנלאנג מיט דער האפפענונג אונ ווינטשען זיך בעריייכערט צו ווערדען, דען די האפענונג אונ דאס ווינטשען זיינען זייער ביליגע שטאפען, אונ דאך שאפען זייא יעדען זייער פיעל פערגעניגען, אין די זעלבע האפענונג אונ ווינטשען האט ער די נאכט פערבראכט, אונ וויא דער

זיינער וואס איז אין עלמערעל אין דעם צימער געשטאנען האט געשלאגען זיבען, האט ער זיך גאנץ גוט אויסגעגענעצט אונ איז שוין געוועזען אויף די פיס, ער האט באלד אפ געוואסען נעגעל-וואסער אונ האט געזאגט מיט גרויס כונה די ברכות איבערהויפט אשר יצר אונ איז אוועק אין שול דאבענען, דארטען האבען זיך אפילו אסך געוואונדערט איבער זיין פריהצייטיגען קומען וואס דאס איז געוועזען שלא כפעם בפעם, ווייל ער פלעגט שטענדיג קומען מיט אנדערהאלבען שעה שפעטער, ביי זיך האט ער אבער געטראכט לאמיך ליינען דעם ערסטען פונדאמענט פאר גאט פון מיינע נדרים אונ נדבות. דען אז מען וויל קלומערשט גאט צוא פרידען שטעלען, אדער ביי אים עפעס בעטען, הייבט מען אן די ערשטע זאך פון דאבנען, דען דאס קאסט דאך קיין געלט ניט, ער האט ארויס גענומען זיין טלית ותפילין פון אהירשען לעדערנעם זאק, פון וועלכען עס איז אויך ארויס געפאלען אצוזאמענגעלייגטער בויגען פאסט-פאפיר, דאס איז געוועזען ירוחמ׳ס בריף צום פאטער ער האט עס אוועקגעלייגט אויפן שטענדער, האט אנגעטאן דעם טלית מיט אגרויסע פאר תפילין אונ האט גיעפענט אנגראבען דרך-החיים, אונ האט גענומען גאנץ שנעל ליינען דעם בריף:

ליעבער פאטער!

איין גאט איז מיין עדות אז מיר איז איצט זייער שווער דעם בריעף צו שרייבען, נאר איך בין דערצו געצוואונגען, זאנסט וואלסטו מיך געהאלטען פארען גרעסטען פארברעכער, די מעשה איז דער פון אזוי דוא ווייסט דאך אז איך בין זייער אנגענאמען פארען לערנען, וואס איז ערווידער דיין האראקטער וויא איך האב ארויסגעזעהן אין דעם איצטיגען יאהר-הונדערט טויג ניט אמענטש אן וויסענשאפט, ליידיג-גייער געפינען זיך גאנצע מערייאדען צוא וועלכע איך האב פון מיין קינדהייט אן ניט געוואלט געהערן, איך האב שטענדיג לוסט געהאט צו זיין אנוצליכער מענטש אויף דער וועלט, איך האב שטענדיג פאר אכט רייכטהום, וועלכע וואקסען ניט ארויס פון אייגענע ארבייט, אונ שוין כמה מאל מיט דיר גערעט דעריבער, נאר דוא האסט שטענדיג מיינע ווערטער אויס געלאכט, דוא האסט מיר געגעבען ביישפילען פון אזעלכע מענטשען פאר וועלכע איך האב קיין נאמען ניט, אדער דאס אנדערש צו זאגען פון געבארענע טויגע ניכטען אונ האסט מיר אין גאנצען אפ געווענדעט, אין מיינעם הערצען האט אבער געברענט א העלישער פייער וואס קיין זאך אויסער לעהרע וואלט עס ניט געלאשען, אונ איך האב געמוזט זוכען מיטלען וויא מיין וואונטש אין ערפילונג צוא ברייגען, ענדליך האט זיך דער פייער פערבונדען מיט נאך אברענינדעו פלאם, איין פלאם דער ליעבע, וואס איז נאך ווייטער פון דיר וויא די בילדונג, אפלאם וואס קיין זאך קען שוין ניט לעשען, ביידען די ערפילונג דער וואונטשען, אט די צוויא פלאמען האבען מיך

פַּארְוָואגְט , אִיךְ וֵוייס נָאךְ אַלֵיין נִישְׁט וָואהִין , דֵיינֶע וָוערְטֶער וָואס הָאבֶּען מִיךְ גֶעטְרִיבֶּען הָאבֶּען מִיר נָאךְ מֶעהר רֵייזֶע-לוּסְט צוּ גֶעגֶעבֶּען , אוּנ אִיךְ הָאבּ גֶעמוּזְט אָן דֵיין פָּאטֶערְלִיכֶען אָבְּשִׁיעד פוּן דֶער הֵיים אַנְטְלֵייפֶען , עֶנְטְשׁוּלְדִיג מִיר פָּאטֶער וָואס אִיךְ הָאבּ עֶס גֶעטָאהְן , נֵיין , נִישְׁט אִיךְ הָאבּ עֶס גֶעטָאהְן , נוּר דִיא לוּסְט צוּם לֶערְנֶען אוּנ דִיא הֵיילִיגְקֵייט פוּן מַיין שְׁבוּעָה וָואס דַארוּיף בֶּעשְׁטֶעהט דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט , אִיךְ פַּארְלַאנְג פוּן דִיר אַז דַיין זֶעגֶען זָאל מִיר אִיבֶּערַאל בַּייא שְׁטֵיין , זָארְג נִיט פוּן מֵיינֶעט וֶועגֶען אִיךְ וֶועל מִיט מַיין אָרֶענְטְלִיכֶען חַארַאקְטֶער אוּנ מִיט מַיינֶע אֵייגֶענֶע מִיהֶע אוּמֶעטוּם דוּרְךְ קוּמֶען אוּנ אִיךְ הָאף אַז דוּא וֶועסְט פוּן מִיר נַחַת הָאבֶּען , טוּא קֵיין שְׁלֶעכְטְץ נִיט דִיא מֶענְטְשֶׁען וֶועלְכֶע דוּא רֶעכֶענְסְט פַאר שׁוּלְדִיג אִין מַיין אַנְטְלוֹיפֶען , אִיךְ אַלֵיין בִּין נָאר דֶערִינֶען שׁוּלְדִיג , לֶעבֶּע וָואהל אוּנ זַייא אוֹיךְ גְלִיקְלִיךְ לוֹיט וואוּנְשֶׁע דֵיינֶעס זָאהנֶעם . ״ירוחם״

אַזוֹי ? הָאט עֶר בַּייא זִיךְ גֶעטְרַאכְט , אִיז עֶר גָאר אַנְטְלָאפֶען פוּן דֶער הֵיים ? וֶוער אִיז דֶערַיין שׁוּלְדִיג אַז נִיט דִיא מויד ? עֶר שְׁרֵייבְּט דָאךְ דָאס אַלֵיין , נוּא מֶעג אִיךְ דָ״זִךְ שׁוֹין אִיצְט אַוַודַאי אַרְבֵּייטֶען בְּכָל אַמְצֵי כּוֹחִי , אִים אוּנְגְלִיקְלִיךְ צוּא מַאכֶען , עֶר הָאט גָאר פַארְגֶעסֶען אַז דָאס טְרַאכְט עֶר אִין גַאטְּ֒עס הויז , אוּנ אִין דֶער צַייט וֶוען עֶר דַאבֶנְט מִיט כַּוָונָה , דָאס לֶעצְטֶע הָאט שׁוֹין אָבֶּער אוֹיךְ קֵיין מַמָשׁוּת נִיט גֶעהַאט , וָוארוּם זַיין קָאפּ , וֶועלְכֶער אִיז בִּיז אִיצְט גֶעוֶוען בֶּעשֶׁעפְטִיגְט מִיט פַארְשִׁידֶענֶע גֶעדַאנְקֶען , הָאבֶּען גֶעמוּזְט אַרוֹיף גֶעמֶען נָאךְ אַנֶעדַאנְקֶען , וואוּ הָאט ירוחם גֶעקֶענְט פָאהרֶען , אָבְּוָואהל עֶר אִיז גֶעוֶוען זֵייעֶר אוֹיף גֶעבְּרַאכְט אוֹיף אִים דָאךְ אִיז עֶר גֶעבְּלִיבֶּען גַאנְץ קַאלְט אוּנ הָאט אִין מִיטֶען דַאבְנֶען גַאנְץ אָפְּט גֶעבּוּרְטְשֶׁעט ננוּא , רבש״ע , דֶען וִויא מִיר הָאבֶּען שׁוֹין פְרִיעֶר עֶרְקְלֶערְט , הָאט אִים קֵיין סְצֶענֶע גֶערִירְט , דָאךְ הָאט עֶר שׁוֹין גֶעדוּלְד נִיט גֶעהַאט צוּא בְּלַייבֶּען בִּיז צוּם סוֹף דַאבְנֶען אוּנ הָאט בַּאלְד נָאךְ דֶעם לֵייעֶנֶען אוֹיסְגֶעטָאהְן דִיא גַאנְצֶע רֶעלִיגְיָאזֶע אַמוּנִיצְיֶע עֶר אִיז שְׁנֶעל אַרוֹיסְגֶעלָאפֶען פוּן שׁוּל , עֶר אִיז גְלַייךְ אַהֵיים אַוֶועק וואוּ אִים הָאט שׁוֹין עֶרְוַוארְטֶעט אַזִידֶענְדֶער סַאמָאוַואר מִיט אַפְרִישְׁטִיק , בַּייא וֶועלְכֶע עֶר הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט וַוארְטֶען זַיין אַלֶערְלִיבְּסְטֶען גַאסְט לאפידוסען .—

## 4.

דֶער מֶענְשׁ אִין נוֹיט , פַארְלִירְט דִיא הָאפְנוּנְג אוֹיךְ ,
זַיין שִׁיקְזַאל וַוארְפְט עֶר אוֹיף דֶען הִילְפְלָאזֶען הָאפֶען ;
עֶר פַאר גֶעסְט גָאר אַז דֶער גָאט וָואס זִיצְט הוֹיךְ ,
הָאט אִיבֶּערַאל זַיינֶעט וֶועגֶען וָואלְטְהֶעטֶער גֶעשַׁאפֶען.—

דֶער זֵייגֶער הָאט שׁוֹין מִיט אַפָּאר צֶעהנְדְלִיג מִינוּטֶען צוּרִיק גֶעשְׁלָאגֶען נַיין , דִיא זָאנֶע אִיזְט שׁוֹין גֶעשְׁטַאנֶען אוֹיפְן הֶעכְסְטֶען אָרְט אִין הִימֶעל אוּנ אִיז גֶיוֶוען

(פראצענטניק) אין

אִין פָּאלְקָאמֶען שַׁיין , אוּנ אוֹיסֶער דֶעם שַׁיינֶען הָאט זִיא נָאךְ אוּנֶערְבַּארֶעמְלִיךְ גִיבְּרֶענְט , דֶער בַּאנַאכְטִיגֶער קְלֵיינֶער רֶעגֶען הָאט אָבְּגֶעוַואשֶׁען דִיא שְׁטֵיינֶער פוּן דִיא גַאסֶען אוּנ טְרָאטוּאַרֶען , מֶען הָאט נִיט גֶעפִילְט דֶעם קְלֶענְסְטִין וִוינְד , אוּנ דַארִיבֶּער הָאט אוֹיךְ דֶער וָואלְקֶענְדִיגֶער שְׁטוֹיבּ וָואס פְלֶעגְט שְׁטֶענְדִיג אַרוּם גֵיין אִין דֶער שְׁטָאט וְוִיא אַשְׁטִיקֶענְדֶער רוֹיךְ , הָאט אִיצְט קַיין שׁוּם מַאכְט נִיט גִיהַאט , אִין שְׁטָאט וַואר שׁוֹין אַלֶעם בְּעוֶועגְלִיךְ אַלֶעם הָאט גֶעלֶעבְּט , אַלְס רייזל הָאט זִיךְ אָנְגִיטָאן אָפְּצוּטְרָאגֶען אנגען דֶעם בְּרִיף זִיא הָאט אִין מִיר גִיטְרָאפֶען קֶערְנֶען , אוּנ גַאנְץ קַאלְט הָאט זִיא אִים זַיין הֶערְץ עֶרְפְרֵייט , דָאס זִיא קוּמְט בַּאלְד צוּרִיק, לוֹיט זַיין אִיצְטִיגֶען קוּמֶען אוֹיסְגֶעפּוּצְט מִיט דֶעם וַויים דֶעקָאלְטִירְטֶען קְרַאגֶען, הָאט עֶר נִיט עֶרְוַוארְט אַזַא קַאלְטֶען אוֹיפְנַאם , דָאךְ הָאט עֶר אַנֶעמַאכְטֶען הַייפְלִיכֶען שְׁמֵייכֶעל גִיגֶעבִּין אוּנ אִיז אַרַיין אִין שְׁטוּבּ . רייזיל אִיז ארויף גֶעקוּמֶען צוּ פישעלעוויצען , וֶוערֶענְד זַייא הָאבֶּען נָאךְ גִיפְּרִישְׁטִיגְט , צוּגְלַייךְ מִיט אִיר אִיז נָאךְ דַאן אַרוֹיפְגִיגַאנְגֶען אַנַאנְץ שַׁיינֶער אִיד אוֹיף וֶועלְכֶענְס גֶעזִיכְט מֶען הָט גִיקֶענְט עֶרְקֶענֶען דָאס עֶר אִיז אַמָאל גִיוֶוען אַנַאנְץ רַייכֶער מַאן , עֶר אִיז אֲפִילוּ גִיוֶועזֶען גַאנְץ אַרֶעם גֶעקְלֵיידֶעט , אָבֶּער דָאךְ הָאט פוּן אוּנְטֶער דִיא אַלֶע שְׁמַאטֶעס אַרוֹיסְגֶעשַׁיינְט אַנַאנְץ עֶדֶעלֶעס הֶערְץ וֶועלְכֶע אִיז גִילֶעגִין אִין זַיינֶע אוֹיגֶען , דִי אוֹיגֶען זַיינֶען דִיא בֶּעסְטֶע קֶענְצֵייכֶען פוּן יֶעדֶען , אִין זַייא לִיגְט אַלֶעס וָואס מֶען וִויל עֶרְפַאהרֶען , עֶס אִיז אָבֶּער מֶערְקְווירְדִיג וְוִיא יֶעדֶע קְלַאסְסֶע מֶענְשִׁין הָאבִּין זַייעֶרֶע פַּאסֶענְדֶע אוֹיגֶען, גַנָבִים צוּם בַּיישְׁפִּיל הָאבִּין אוֹיגִין וָואס בְּרֶענֶען בַּייא זַייא אִין קָאפּ , בַּייא מֶערְדֶער זַיינֶען דִיא אוֹיגֶען שְׁמֶענְדִיג אַרָאפְּגֶעלָאזִין , דִיא בַּעֲלֵי טַאקְסֶעס , סוֹחֲרִים , כְּלֵי קוֹדֶשׁ עֶטְצֶעטֶרוּם הָאבֶּען פַארְשְׁטָאכֶענֶע אוֹיגֶען , בַּייא צְבוּיַאקֶעס לִיגְט דִיא פַאלְשְׁקֵייט אִין דִיא אוֹיגֶען . קוּרְץ אִין דִיא אוֹיגֶען קֶען מֶען דֶעם פַּיינְסְטֶען אוּנ אָרְדֶענֶערְסְטֶען מֶענְטְשֶׁען עֶרְקֶענֶען , בַּייא אִים אִיז אוֹיךְ אִין דִיא אוֹיגֶען גִיוֶען צוּ לֶעזֶען , עֶרְלִיכְקַייט , עֶלֶענְד אוּנ נִידֶערְשְׁלָאגֶען . —

זַייא זַיינֶען בֵּיידֶע אַרַיין גִיגַאנְגֶען אִין דֶעם צִימֶער וואו פישעלעוויץ מִיט דֶער פְרוֹיא הָאבִּין גִיפְרִישְׁטִיגְקְט , בֵּיידֶע הָאבִּין זַייא אָפּ גִיגֶעבִּין דֶעם גִיוֶוינְלִיכִין גוּט מָארְגֶען , פישעלעוויץ הָאט זִיךְ בַּאלְד גִישְׁטֶעלְט , אוּנ הָאט אִים פְרַיינְדְלִיךְ דִיא הַאנְד גִיגֶעבֶּען אוּנ הָאט אִים גִיבֶּעטִין זִיצֶען , אוּנ מאלווינע הָאט אִים דֶער לַאנְגְט אַגְלָאז קַאפֶע , פישעלעוויץ הָאט זִיךְ בַּאלְד גִיוֶוענְדֶעט צוּא רייזלען אָן ווערְטֶער אוּנ הָאט עֶרְוַוארְטֶעט אִיר בַּאגֶער , „אִיז פְרַיילִין אננא צוּ הוֹיזֶע ?“ הָאט רייזל אִים גִיפְרֶעגְט , יַא בִּיטֶע גֵייעֶן זִיא אַרַיין אִין זַאל , וָואצוּ דַארְפְט אִיר זִיא ? הָאט פישעלעוויץ גִיפְרֶעגְט , „מַיין בְּרוּדֶער הָאט פַאר גֶעסְען אַלַאטַאאִינִישֶׁען גְרַאמְמַאטִיק“ , הָאט זִיא גִיעֶנְטְפֶערְט , אוּנ אִיז בַּאלְד אִין זַאל אַרַיין , זִיא הָאט גִיטְרָאפִין אננען זִיצֶענְדִיג לֶעבֶען רָאיַאל , שְׁפִּילֶענְד גַאנְץ פִּיאַנָא אֵיינֶע מָארַאלֶע שְׁטִיק , פָאלְגֶענְדֶעס אִינְהַאלְט .

מַיין מוּטְה אִיזְט מִיר עֶנְטְרִיסֶען ,
פְרֶעמְד בִּין אִיךְ דָא אִין דָאס הוֹיז ,
וְוִיא מִיר אִיז , וֶוער קֶען דֶען וִויסֶען ?

גְלֶענְד בִּין אִיךְ , דַאצוּ הִילְפְּלָאז ,
מַיין מוּטֶער וָואס הָאט מִיךְ גִיטְרָאגָען , גִיזוֹיגֶען ,
וָואלְט וִויסֶען וִויא שְׁלֶעכְט מִיר אִיז אִיצְט ,
וָואלְט זִיא זִיךְ פַאר גָאט אִין דְרַייעֶן גִיבּוֹיגֶען ,
בֶּעטֶענְד אִיךְ זָאל זַיין פוּן שׂוֹנְאִים גֶעשְׁטִיצְט .

---

אִיךְ הָאבּ זִיךְ דָאס קַיין מָאל נִיט פָארְגֶעשְׁטָעלְט ,
אַז פְרֶעמְדֶע זָאלֶען מִיךְ עֶרְצִיהֶען ,
וִויסְט אוּנ פִינְסְטֶער אִיז מִיר מַיין וֶועלְט ,
מַיין פָאטֶער זָאל זִיךְ דָארְט פַאר מִיר מִיהֶען ;
זָאלֶען דֶען דִיא מֶענְטְשֶׁען נִיט זַיין גֶעשְׁטְרָאפְט ?
וָואס פַארְגִיסֶען אוּנְשׁוּלְדִיגֶע בְּלוּט ,
צוּ אוּנְזֶער גָאט אִין הִימֶעל דֶען שְׁלָאפְט ?
אַז אַזָעלְכֶע זָאלֶען מַיידָען זַיין רוּט . . . .

אננא אִיז דַאן גִיוֶועזֶען אָנְגֶעצוֹיגֶען אִין נֶעגְלִיזֶע , דָאס הֵייסְט אִין מָארְגֶענְ־קְלֵיידֶער , אוּנ וִויא שְׁלֶעכְט זִיא הָאט אוֹיס גִיזֶעהֶען פוּן דִיא לַיידֶען פוּן דֶעם פֶערְ־גַאנְגֶענֶעם אָבֶענְד , אוּנ וִויא עֶס הָאט אִיהר אַבִּיסֶעלֶע אָבְּגֶעצֶערְט דִיא שְׁמֶערְצֶען דָאךְ הָאט זִיא אוֹיסְגֶעזֶעהֶען גִינוּג אֵיידֶעל אוּנ שֵׁיין , אוּנ מִיט דְרַייסְט הָאט מֶען אוֹיף אִיר אִין דֶעם פְּרִיהמָארְגֶען גִיקֶענְט זָאגֶען אַז דָא רוּהְט דִיא וַואהרֶע יוּנָאנַא , דִיא גֶעטִין דֶער יוּגֶענְד אוּנ שֶׁענְהַייט , וִויא זִיא הָאט רייזלען דֶערְזֶעהֶן הָאט זִיא אוֹיפְגִיהֶערְט צוּ זִינְגֶען דָאס לִיעד .

רייזל הָאט זִיךְ מִיט אִיהר בֶּעגְרִיסְט אוּנ הָאט זִיךְ לֶעבִּין אִיר גִיזֶעצְט אוּנ מִיט אֵייגֶע זֵייעֶר שְׁמֵייכְלֶענְדֶע אוּנ אַנְלָאקֶענְדֶע מִינֶע צוּ אִיר גֶעזָאגְט, עֶנְטְשׁוּלְדִיגֶען זִיא פְרַיילִין פישעלעוויץ וָואס אִיךְ שְׁטֶערֶע זִיא פוּן אִירֶעם פֶּערְגֶענִיגֶען אוּנ רַייס זִיא אָפּ פוּן דֶער פְּיַאנֶא , „אָפְּפֶּערִין זִיא דָאךְ פִּיר מַיינֶען אוּנ זִיא הֶעכְסְטְפָּערְלִיבְּטֶען בְּרוּדֶער אֵיינִיגֶע מָאמֶענְטֶען אוּם דִיזֶען בְּרִיף דוּרְךְ צוּ לֶעזֶען , בַּייא דִיא וֶוערְטֶער הָאט זִיא אננען דֶערְלַאנְגְט אַבְּרִיף וָועלְכֶע זִיא הָאט מִיט פְרֵיידֶע אִין אִירֶע זִילְבֶּער וַוייסֶע הֶענְט אַרַיין גִיחַאפְּט , אַזוֹי וִויא אַ פְרוֹיעֶנְצִימֶער נֶעמְט מִיט פֶערְגֶענִיגֶען צוּ אַגֶעט פוּן אַמַאן פוּן וֶועלְכֶען זִיא וָואלְט שׁוֹין לַאנְג גֶעוֶועלְט פָּטוּר וֶוערִין , זִיא הָאט נִיט גֶעוואוּסְט וָואסֶער אַמֵיינוּנְג זִיא זָאל גֶעבֶּען ירוחם׳ן אִיבֶּער דִיא עֶנְטְדֶעקוּנְג דֶער שְׁוֶועסְטֶער , זִיא אִיז בַּאלְד רוֹיט גִיוָוארֶען , בַּאלְד בְּלֵייךְ אוּנ הָאט עֶס גֶענוּמֶען לֵייעֶנֶען :

הֶערְצֶענְסְגֶעלִיבְּטֶע אננא !

וִויא קְרֵיינְקְט מִיר אוֹיגֶענְבְּלִיקְלִיךְ דָאס אִיךְ בֶּעפָאהר מֵיינֶער אָפְּרֵייזֶע , דִיךְ נִיכְט גֶענוּג אַנְשׁוֹיטֶע, דָאס אִיךְ מִיט דַיינֶע הֶערְלִיכְקֵייט זִיךְ נִיכְט אָנְזֶעטִיגֶען קֶענְטֶע אוּנ
(פראצענטניק)

אונ מיט מיינע הייסע טרערין , דיינע אלבאסטערווייסע האנדע ניכט גענונג אפּ וואשען קענטע , מיין הערץ איז ניכט מעהר מיין , מיינע געדאנקען זינד מיר בערויבט דיא ביידע בלייבען ביי דיר , נור דער אפּאטיע דאפּאן איזט מיר פאר-לייט נאכגעבליבען דאמיט צו רעגירען , אין דיא זעלבע הערצען אונ געדאנקען מארשירען ארום פערשידענע מיינונגען וועלכע שטרעבען נור צו איינעם פונקטע , צוא דיך מיין לעבין , מיין הערץ בלייבט מיר פול מיט וואונדען , וועלכע דער געשיקליכסטע ארצט ניכט אום שטאנדע איזט זיא צו היילין , אליין אונזער ווידער זעהען אונ דיין ליבליכער קוס ווירד דיא בעסטע מוקסטורע זיין פיר מיינע וואונדען , דער געשיקליכסטער מאלער איזט ניכט אים שטאנדע צו בעצייכנען דיא ברענענדע פלאמע דער ליבע צוא דיך , קיין פעדער פון בעסטען דיכטער קאן מיין צערשטערונג ניכט שילדערין , אונ נאך האט קיין אנאטאמישעס טעאטער זא איין פערוואונדעטעס הערץ ערעפענט , וויא מיינע אונגליקליכע , אננא , איך בין שוין ווייט פון דיך , מיינע טהייערע אננא , זאל איך דיא ווארטען גאנץ גלייכגילטיג איבערטראגען ? זא מוז איך צוא ערסט איין מערדער-הערץ זיך ערווערבען , יעדע שטונדע פירט מיך ווערסטען ווייטער פון דיך , אונ איך צווייפלע ניכט דאס ביז מיינער אנקונפט אויף ארט אונר שטעלע זאל נור איינע לעבענדיגע לייבע געבראכט ווערדען , ווירקליך , איך לעבע , וואס פאר איין ווירדע האט אבער ביי מיר דאס לעבען אהנע דיך זעהען צו קענען , דיא וועלט איזט ניכט מעהר מיר ליעב , ניכט פיר מיך שיינט פארלייביג דיא זאננע , אלעס איזט מיר פינסטער , אלעס איזט מיר אונאנגענעהם , מיך האלט נור אויף אויף דען אירדישען באדען איין פונק דער האפענונג , אונזער אונשאצבארע ווידערזעהן , אונזער גאנצער טראכט דאך נור בלייבען אונזער קינפטיגער עקזיסטענץ וועלכע איך יעצט מיט גאטעס הילפע אונד דיינע טרייהייט פארגענאמען האבע , דיזע טרייהייט שאפט מיר גענוג מאטעריאל אלעס איבער צוטראגען , איך בין געזיכערט דאס דוא מיר טריי בלייבען ווירסט אונ אונזער קינפטיגען גליק מיט גידולד ערווארטען , לאז זיך קיין ערגערניס צו אונד בלייבע ביי יעדען צופאל רוהיג , דיינע בריפע צו מיר קענסט דוא דרייסט מיינער שוועסטער איבערגעבין , פון וועלכע דוא אויך אנטווארטען בעקאמען ווירסט , איך קיסע פון דער פערנע , דיינען פיר מיינע אויגען שטעהענדען שאטען , וועלכען איך אויך פאנאטאכטיש אומארמע , דיין דיך אהנע גרענצען ליבענדער .

„ירוחם"

פ. ס. דען פאלשען קערנען ווייבע אימער אויס ......

גענוג זיפצען זיינען פאר לארען געגאנגען ביים לעזען דעם בריף , פון דען ביידען ווייבספערזאנען , זייערע אויגען האבען זיך געעפינט וויא צווייא קוועלען וואסער , וועלכע האבען שטארק בענעצט זייערע שיינע ראזא באקין זייערע שנייא ווייסע טיכעלאך זיינען דורך געווייקט געווארען אונ קוים האבין זייא זיך אויף דיא ערטער גיהאלטען , ביידען האבען זייא איינע מיט דיא אנדערע נישט

גיקענט, ווייל זייערע הערצער זיינען שטארק פאר דריקט גיוואָרען זא, דאס זייא האבען דעם אָטהעם נישט גיקענט אפּ ציהען, רייזיל, נאכדעם זיא האט דיא שפּראכע גיפונען, האט זיך מיט שווירינקייטין קוים גישטעלט, האט די אָהנע אויף הערענדע ווייענדע אננען די הענד גינומען, אננע האט זיך אויך גישטעלט קוים זיך האלטענדיג אויף דיא פיס, אונ ווען רייזל זאל איר נישט ארום נעמען אום זיך צו שיידען, וואלט זיא זיכער אין איהר שטול גיפאלין צוריק, דיאביידע מעדכען האבען זיך שטארק ארום גינומען, אונ האבען גיוויינט אונ זיך גיקוקט, אונ קוים וואס מען האט גיהערט האט אננא געזאגט „וויר בלייבען אויף עוויג אונטימע שוועסטער“ אונד „צוב ווידערזעהן“ ווארפאן ביידען דאס לעצטע וואָרט, רייזל איז אוועק גינאנגען אונ אננא האט זיך וויא אשטיין אין וואסער אראפּגילאזען אין איהר פאטעל, אונ איז איינינע מינוטען געבליבען זיצען גאנץ אונד גאר אונבעוועגליך, נאכדעם האט זיא דעם בריף ארויף גענומען, האט עס נאך אמאל גילעזין, צוא איהרעם הערצען גידריקט אונד גיקוקט אונ האט עס צוא לעצט באהאלטען, זיא איז ווידער געבליבען זיצען פאר טראכט, דיא גידאנקען האבען איר אויפגיהערט צו דינען, זיא האט איר האנד צום קאפּף צו גילייגט, אונ האט זיך גיוואלט אפּ שפּארען אן ראַיאל איר עלענבויגען האט אבער אשטארקען קלאפּ גיטאן אן איינינע קלאווישען זא, דאס דיא ווילדע אונצעלענדע קלאנגען האבין דעם זאל ערציטערט, מאלווינע איז ארייין גילאפען ערשראקען, וויא פאן איין פלעצליכען דאנערשלאק, זיא האט קוים אויפגעהויבען אננען, האט זיא אריין געפירט אין איר צימער, אונ האט איר אויף איר בעט גילייגט, אויף מאלווינעס פראגע „וואס איז דיר ווידער מיין קינד?“ האט זיא קוים גיענטפערט, „שרעק דיך נישט מוטער“ דאס איז דיא נעכטיגע ערנינערונג, לאז מיך ליבע מוטער רוהיג ליגען, מאלווינע האט לעבען איהר בעט אשטול גישטעלט, דארויף אנלעקל גילייגט אונ איז ארויסגיגאנגען, זיא האט פארשטאנען אז פישעלעוויצען וועט אויפפאלענד זיין איר זאמען, אונ דאס ער וועט זיך קריינקען, אז זיא זאל זאגין דאס אננא איז ווידער אונוואהל, דאריבער איז זיא צוריק מיט אשטייכעלע ארייין גיקומען וואמיט זיא האט איר מאן גאנץ בערוהיגט. —

איך פארשטייא אז דעם לעזער איז איצט גאנץ שווער פון אָרט אויף צוא שטיין, עס קען אויך מעגליך זיין, דאס ער איז פיל אדער ווייניג אין דער געשיכטע אינטערעסירט, איך מוז אים אבער דאפאן אבבייסען, ער ווירד מיר ווארשיינליך פערצייען, וואס איך וועל אים אנדערסוואו פירען, נישט ווייט, דאס הייסט אין צווייטען צימער וואו פישעלעוויץ איז מיט דעם אורח גיזעסען אונ האבין גירעט, אין דער צייט ווען דא איז פארגעקומען דער גישפרעך צווישען אננען מיט ראזאליען, דאס איז גיוועזען דער זעלבע אורח פון „מלון אורחים“ וואס איז פארגיקומען פאר בעקאנט פישעלעוויצען מיט דער פרויא אונ וועלכען זיי האבין גירעכענט ארויף צו בעטען אים צוא קאפּע אדער אויף אמיטאג. —

איך מוז אייך זאגען איר קומט מיר פאר בעקאנט, האט פישעלעוויץ

אנגיהויבען צוא בעתוסען , מיר וואלט זייער אינטערעסאנט געוועזען אז איך זאל אייך דאמיט ניט בעלעסטיגען איר זאלט מיר אייער גאנצע ביאגראפיע ערצייהלען .

פאר וואס דען ניט ? האט בערנוס געענטפערט ארויס נעמענדיג זייער איין שמוציגע טיכעל פון קעשענע אונ זיך אפווישענדיג , מיין ביאגראפיע, האט ער ווידער גיזאגט , איז וויא מען וויל קען מען זאגען מען קען אסך דערצייהלען , אונ עס איז נישטא וואס צו הערען , אדער מען קען גאר פון ווייניג ווארטען , זייער פיל פאר שטיין , איך מוז אייך זאגען איך בין אמאל גיוועזען אנגביר , הגם אויף מיר איצטקוקענדיג איז דאס שווער צוא גלייבען , דאך גלייבט עס מיר פריינד , דארום איך מיין חלילה ניט ביא אייך עפעס וואס דער פאר צוא געווינען , איך האב ניהאט אאימעניע אין קיעווער גובערניע , אונ האב גילעבט וויא אפירסט , ביי מיר פלעגט זיין גאנצין אפטע באלען , אבענדע אונ האב געשעטיצט מענטשין וויא אגביר פאסט . נאר וועלכער גביר איז אן שונאים ? איך האב גיהאט אפילו דיא פאר שונאים , וועלכע איך האב דיא גרעסטע טובות געטאן , אונטער וועלכע עס איז אויך גיוועזען מיינער אשכן , וואס האט שטענדיג געזוכט מיין רעה , מיט עטליכע יאהר צוריק איז דער זעלבער בעקאנט גיווארען עפעס מיט אכאלדאט , וואס איז נאך גיוועזען פון דיא ערסטע פאמיניקעס אונ זייא האבען צו זיך צו געקראגען אגאנצע חברה , וועלכע האבען מיר אונגליקליך גע-מאכט , זייא האבען מיר אונטערגעווארפען פאלשע וועקסלען אויף אלער האנד גרויסע מענטשען אונ דער שכן וואס האט מיך שוין לאנג גיוואלט דער טרינקען האט זיך גילאזט קאכטען ארובל זעכסהונדערט , אונ מען האט ביי מיר אין איין פינסטערע נאכט אוועק גישטעלט פארבאטענע סחורה , דם הייסט אזעלכע סחורה וואס האט ביא קיינעם זיך ניט גידארפט געפינען , דאס איז גיוועזען אין דר צייט ווען דער צווייטער פוילעשער מאטעז האט אויפגעבראכען , דיא זעלבע האבען מיר אויף מארגען געמאסערט מען האט ביא מיר באלד גימאכט אביסקעס , מען האט קאנפעסקירט מיין גוט , אונ איך בין אפגעזעסען צווייא מיט אהאלבען יאהר , אונ וייל דער מסור וואס האט מיך גימאסערט איז באלד אנטלאפען אונ מען האט מיינע שולדיגקייט ניט גיקענט ארויס ווייזען , האט מען מיר פאר-לייפיג ארויס געלאזען , אין דער צייט פון מיין זיטצען איז מיר מיין ווייב אפ געשטארבען , מיין אידעם מיט זיין טאכטער אויך אקליינער זון פון אאר ניין , וואס האבען מורא ניהאט מען זאל זייא אויך ניט פאר שולדיגען זיינען אנטלאפען אונ עד היום ווייס איך ניט וואו זייא זיינען אהין געקומען , זא לאנג איך וועל לעבען האב איך פארגענומען צו גיין פון שטאט צו שטאט , ביז איך וועל דער גיין וואו מיין זון אונ טאכטער זיינען אהין גיקומען , איך מוז אייך זאגען דעם אמת , מיין לעבען האט שוין ביא מיר גאר קיין ווערט ניט , עס האט מיר שוין אלעס דער ע-ען אונ איך ערווארט דיא גליקליכע מינוטען , מען זאל מיר געפינען אטויטען , ער האט זיך אפ געווישט דיא אויגען אין וועלכע טרערען זיינען גישטאנען , ווארום קיין גוטץ האט איך שוין ניט אין מיין לעבען צו ערווארטען , איך האב זיך

שוין פון אלעם מיאש געוועזען , דען וואס טויג דאס לעבען , אז עס איז חלילה נישטא פון וואס צו לעבען , איך וואלט נאך אפשר גיקענט בזעת אפי עפעס פארדינען , נאר מיט וואס ? ער האט זיך דערביי פארטראכט .

אייער נאמען שיינט מיר איז ר׳ זוסע בערנוס, האט אים פישעלעוויץ געפרעגט.

פרעגט שוין גאר ניט מיין פריינד האט בערנוס גיענטפערט , אונ האט אמאך געטאן מיט זיין האנד , ביי איין בעסערער צייט וועל איך אייך אלעס דער ציילען .

הערט זע האט זיך פישעלעוויץ צוא אים אנגערופען , איך וועל אייך דער וויל לייען אהונדערטער , אונ גאט זאל אייך מצליח זיין , דען איך גיב עס אייך מיטען פולען האנד , ער האט דערביי ארויס גינומען אקליין פארטעפעל פון דער טאשע אונ האט אים דער לאנגט פיער פינף אונ צוואנציגער , אונ אויב אייער מסחור וועט פאדערען נאך , מעגט איר צוא מיר קומען לייען אנמילות חסד , איך וועל אייך ניט אפ זאגען , נאר וואס רעכנט איהר דער מיט צו טאן ?

איך רעכן קויפען אונ פאר קויפען וואסערע סחורה עס וועט זיך מאכען , נוא לאמיך זע טאקע שוין גיין עפעס זוכען , אונ אייך זאל גאט בעפרידיגען לויט אייערע מעשים טובים , איך פון מיינער זייט וועל שוין מן השמים געפינען עפעס ארעה מיט וואס אייך דער פאר אפ צוא דינען , האט ער גיזאגט מיט איין לעבערליכע מינע , ער האט זיך אויף געהייבען אונ האט ווידער באדאנקט פישעלעוויצען אונ איז מיט פאל פריידע אוועק גינאנגען . —

אמענטש, אז דער גליק גייט אים דורך טיהר אונ טויער, אז די הונדערטער ווילען פון אים ניט אפטרעטען שפיעלט ביי אים קיין געלט קיין ראלע ניט , ער הייבט נאר דאן אן צו שפירען ווען דיא נויט פעריאדע איז אנגעקאמען , דען דעם מענטשענס לעבען גייען דורך אין פעריאדען, שלעכט , גוט , ווידער שלעכט, ווידער גוט , דאן הייבט ער ערסט אן יעדען רובל צוריק צו ווינקען , שווער אבער איידער ער קריגט אים צוריק אריין , דיא וועלט ווערט איהם איין שרעקליכער להבעים , וואס זוכט אים צו טאן ערוווידער , ער באמערקט וויא וואס איינער וויל, קומט אים נבאדע דער גענענזאטץ , ער הייבט אן צוא בעטראכטען וויא דעם ארעמאן וואס האט אליין ניט פון וואנען צוא לעבען , העלפט גאט מיט אצאל קינדער פון וועלכע ער וואלט וועלען פטור ווערען , זיא שאדעט אבער גיט קיין הונגער , קיין קעלט אונ קיין מאנגעל , ווערענד ביים רייכען שטארבט דער איינציגער טראסט וואס האט אפ געקאסט טויזענדער זיין קוראציאן , וויא דער יעניגע וואס זיין לעבען איז אים שוין צוא לאסט ער בעט זיך פינפצעהן מאל אין טאג דעם טויט , לעבט צו זיינע איינענע קריינקונג, ווערענד דער רייכער קראנקער וואס וואלט זיין גאנצען פערמעגען אפפערן פיר איינינע יאהר לעבען , שטארבט ער נאר אונערווארטעט , וויא דער ארעמער פאר זעצט משכנות אום דעם לאטעריא צעטעל אויסצוקויפען , אונ לעבט מיט דיא ריינע האפנונג א קליינעם טהייל פון

אלאז צוא געווינען , ווערענד דער נרעכטע געווין פאלט אריין צום רייבען גאר אונגעהאפט , אסך אזעלכע זאכען בעמערקט ער נור ווערענד דער ארמוט הערשט אויף אים , דאס ווערט ביי אים אלס לעקציאן פערצייכנט צו זיינע קינפטיגע פעריאדע , אבוואהל גרעסטענטהיילס ווערט ביי דיא גוטע צייט אלעס פאר געסין , דאך בלייבט ביי אים אויך עטוואס , ביי דעם בערנוסען איז אויך איצט דער צופאל גיוועזען , ער האט שוין גאר גיט גיטראכט ביי אים זאל ווען איינשטיין אגאנצער הונדערטער , אונ די ריקהאלטונגס-לעהרע דער פערשווענדונג האט ביי אים דען בעסטען פלאטץ איצט געפונדין , ער פלעגט נאר שטענדיג טראכטין גאט זאל איהם מיט עטוואס באשערין , וועט ער שוין וויסען וויא דאס איינצוהאלטין , אונ ווער קען פאר שטיין וויא גרויס זיין פרייד איז גיוועזען הונדערטע גליקין זייגען אים מאמענטאל אריבער גילאפין פערשידענע נישעפטען האבין אים נעבליצט פאר זיינע אויגין אונ פונפצעהן מאל אין א מינוט האט ער זיך אטאפ גיטאן זיין זילעט קעשענע אויב דער הונדערטער האט זיך ניט ארויס געגליצט , ביז ער האט איינגעקעהרט די ערשטע זאך אין דער מעקלער-רעסטא-ראציאן , אום נעשעפטס גילעגינהייטין צוא זוכין . —

## 5.

שווער איז דעם , ווער עס אגליק ערוואַרט

עס גייט אים שיעור ארויס דיא נשמה !

נאך מעהר אבער ווערט דער מוח אויס גידארט ,

אז מען ווערט אשותף צו א נקמה .....

משה איז ארום גינאנגין איבערן צימער הין אונ הער , אלס די וואַזער האבין געוויזין אויף דעם זילבערנעם ציפער בלאט פון זיין זייגער , נאהנט פון האלב צוועלף , ער האט זיך קיין ארט ניט גיפונען , האט אלץ גיטראכט צופעלע , וואס קען דאס זיין , וואס לאפידעס איז נאך ניטא ! ער האט דער וואַיל שטארק אריין גירעט מיט קערנען , וועלכער האט אים אלס צו גיזאגט צו טאן , נאך מעהר וויא ער ווינטשט עס , ניט אויס פריינדשאפט צו משה'ן , נאר א"יס נקמה צוא חנה'ן , דען וויא מיר ווייסין האט אים משה באלוזאם — עקסטראקטען אויף זיין וואונד דער ראכע גיגאסין מיט דער פעראיינינונג דער מיינונגען , לאפידוס האט זיך שוין לאנג ניט גילאזט בעטין אונ איז באלד אריינגינאנגען מיט א ברייטין ״גאט העלף״ ער האט זיך באלד גיזעצט אונגעבעטענערהייט , ״האסטו אנגעגרייט אלץ וואס מען דארף ?״ זייגען זיינע ערשטע ווערטער גיוועזען .

יא ברודער ביא מיר איז אלץ פארטיג האט זיך משה אבגערופין , ביא דיר וואס הערט זיך ? ביא מיר , איז דער פלאן פארטיג , דיא זאיאוולעניע מוז דער לאנגין גאר אזייטיגער מענטש , דארויף האב איך באשטעלט מיין מעקלער פייוול שווינדעלמאן , וועלכער האט עפעס היא אשטיקיל נאמען איך האב זיך

שוין מיט אים גיזעהן. אונ ער דארף דא זיין אין אהאלבער שעה ארום, מיין מענש וועט אויך קומען באלד, אונ מען וועט עס אבארבעטין בדבעי. גרייט דער ווייל אז אביסיל ייין בפריסין, ווארום עס טוט זיך גאר בעסער, עס האט נישט לאנג געדויערט, אונ רייזיל, וואס איז אויף די ווערטער אז גיקומען האט אויס דעם פאטערס וואונק באלד אויפן טיש גישטעלט אגרויסע פלאש בראנפין, אונ באלד נאך דעם זיינען אנגיקומען די צווייא געסט, איינער אנידעריגער אבייכיגער אידיל, וואס אין זיינע אויגין איז גילעגין הוילער שווינדיל, דאס איז גיוועזין ר' פייוול שווינדעלמאן, אין דעם אנדערינס אויגין איז גילעגין גיבארענער גנב, ער איז גיוועזן אהויכער אונ אדארער אונ ווייל מיר ווייסין ניט זיין אמתי פאמיליע, וועלין מיר אים נאר רופין מיכל, — דיא אלע האבין זיך ארום גיזעצט ארום טיש אונ שנאפסין זיינען גיפלויגין וויא אויף אשלאבט-פלאץ קוילען, אדער וויא פעטש בייא אשנאידערשע אסיפה, זייא האבין זיך דער צו צוגיהאפט אזוי וויא אידין צום שטיין וואס משה האט גישלאגין וואסער, אונ אלס יעדער פון זייא האט שוין גיהאט אין קאפ מעהר וויא אין קעשענע, האט זיך אנגיהויבין אגאנץ עפענטליכער גישפרעך.

ניין, דאס איז נאר נישט, דאס איז נישט מעהר וויא אפארשפיל פאר א חתונה, האט לאפידוס גיזאגט דער פון קענען מיר גאנץ ווייניג נוצין האבין, דיא רעכטע גידיכטע וועלין מיר ערשט שעפין אז מיר וועלין אונטער פינקלען פישעלעוויצעס הויז, אונ דאס מוז גישעהן וויא גיך עס וועט זיך לאזין, אז דיא שטראלין וועט שיינען בייא אים אויפין דאך, דאמאלס וועט איר זעהן וואסער אגאט מיר האבין, איהר וועט זעהן וויא אט דער מיכל, וועט דאמאלס שוויצין, ער וועט קריכין אין פייער וויא אגוטער פריינד, אונ וועט דער בייא גאנצע עשירות שלעפין צוא מיר אהיים, אונ וועט נאך זיין איין עדות, אז ער האט פעטראלעאום גיגאסין אויף די וועגד, איר ווייסט נאך ניט ברידער וואטער אבריה דער מענטש איז. —

דער מיכל האט דער בייא אהוסט גיטאן אונ האט זיך וויכטיג אויס גידרייט אויף זיין שטול וויא אמושל, אדער וויא איין מענטש, וואס בעזיצט איין בעניידענדען טאלאנט. —

רייזיל, וועלכע איז אין אווינקעלע גיזעסין אונ האט פאר שטאנען וואס זייערע ווערטער צילין, האט לעזענדיג אבוך, דיא אלע ווערטער פערצייכינט, אויף א בלעטיל.

איבעריגינס, האט לאפידוס גיזאגט, משה, גיב אהער דעם ערשטען בעך פורענות אונ זאל מיכל גיין, מיר וועלין אים דא ווארטין, נאר קערן זאל פריער ארויף גיין, משה האט באלד ארויס גיטראגין איין איינגעבונדענעם פעקעלע, וועלכע ער האט אויפגעבונדין אלעמען צוא ווייזין ווערינד קערין איז ארויס פון שטוב, אלע האבין עס באטראכט אונ צוגלייך בעוואונדערט די רייכטהום פון דעם מענטשין, דען אין דעם מאמענט איז זייא זיכער פאר גיקומען, דאס זיי וועלען

דָאךְ מִיט אִים אוֹיךְ אַמָאל מַאכֶען דִיא זֶועלְבֶּע שְׁפִּיל, מִיכל הָאט עֶס בַּאלְד גִינוּמֶען אוּנ אִיז אַוֶועק, — דֶער וַוייל זַיינֶען אַלֶע דָא צוּ פַאלֶען וִויא דִיא שֶׁעפְּסֶען אִין שְׁלַאכְט-שְׁטוּב. —

קערן אִיז אַרַיין גִיקוּמֶען צוּ פִּישֶׁעלעווִיצען אוּנ הָאט דִיא עֶרְשְׁטֶע זַאךְ גִיפְרֶעגְט „וָואס מַאכְט אננע“? אוּנְד אַלְס עֶר הָאט אֵיינֶע אַנְטְוָוארְט בֶּעקוּמֶען דָאס וִיא אִיז אוּנְוָואהל, אִיז אִיהם אַסַךְ לַייכְטֶער גִיוָוארֶין אוֹיפֶען הַארְצִין עֶס הָאט אִיבּ בֶּעסֶער גִיפְרֵייט, וִויא מֶען וָואלְט אִים אֶנְזָאגֶען, דָאס זַיין פָאטֶער הָאט דִיא גְרוֹיסֶע גֶעוִוינְס גֶעוִוינֶען עֶר הָאט שׁוֹין גָאר קַיין עֶרְלוֹיבֶּנִיס גִיפְרֶעגְט אוּנ אִיז בַּאלְד אַרַיין אִין אִיר צִימֶער, עֶר הָאט זִיא גִיטְרָאפֶען זִיצֶענְדִיג אוֹיפֶען בֶּעט מִיט אַבְּרִיף אִין הַאנְד, וֶועלְכֶען זִיא וַואר זֶא פֶערְטִיפְט אִין לֶעזֶען, דָאס זִיא הָאט זַיין אַרַיין קוּמֶען גָאר נִיט בֶּעמֶערְקְט, זִיא הָאט דַאן צוּ גְלִידֶערְט יֶעדֶעס וָוארְט, יֶעדֶע זִילְבֶּע הָאט זִיא גֶעפִינֶען פִיר צֶעהן דַייטִיג, זַיינֶע עֶרְשְׁטֶע וָוארְטִין וָוארִין: „וָואס מַאכְסְטוּ לִיעבֶּע אננע, דָאס עֶרְשְׁטֶע מָאל הָאט זִיא פוּן אִים גִיהֶערְט דִיעזֶען אִינְטִימֶען אוֹיסְדְרוּק „וָואס מַאכְסְטוּ“? זִיא הָאט אוֹיף אִיהם אַיין דוּרְכְדְרִינְגֶענְדֶען בְּלִיק גִיטָאן, מִיט וֶועלְכִין זִיא הָאט אִים וִויא מִיט אַשְׁפִּיז דוּרְךְ גִישְׁטָאכִין, אוּנ הָאט אִים נִישְׁט גִיעֶנְטְפֶערְט, דוּא בִּיסְט אננא אוֹיף מִיר וַואהְר-שַׁיינְלִיךְ פֶערְדְרִיסְלִיךְ, אִיךְ הָאבּ זִיכֶער דַארִין קַיין שׁוּלְד, אִיבֶּערִיגֶענְס אִיךְ קֶען בְּלַייבִּין ירוחמס שְׁטֶעלְ-פַארְבְּרֶעטֶער, אוּנ בִּין דַאהֶער גִיקוּמֶען, דִיךְ מַיינֶע לִיעבּע אננא טְרַייסְטִין, עֶר הָאט אִיר דֶער בַּייא אַרוּם גֶענוּמֶען אוּנ גִיוָואלְט אַקוּש טָאן, עֶר הָאט אָבּער דֶער בַּייא גִיחַאפְּט אַשְׁטַארְקִין שְׁטוּיס פוּן דֶער שְׁוַואכֶער אננע, וֶועלְכֶע הָאט זִיךְ אֶנְגֶע-שְׁטְרֵיינְגְט מִיט אִירֶע אַלֶע קְרֶעפְטֶען, פוּן וֶועלְכֶען עֶר אִיז אַרוּיף גִיפַאלִין אוֹיף אַ וִוינְקֶעל פוּן אַשְׁרַאנְק אוּנ פוּן דֶעם קְלַאפּ אִין קָאפּ וָואס עֶר הָאט גֶעקְרָאגֶען, הָאט מֶען שׁוֹי גִיקֶענְט פַאר שְׁטֵיין אַז אִים פַאר דְרִיסְט שׁוֹין דֶער גַאנְצֶער בֶּעזוּךְ. —

אננעס גֶעזִיכְט אִיז גִיוָוארִין אִין רוֹיטֶע פַארְבֶּע, דִיא אוֹיגֶען זַיינֶען גִיוָוארִין בַּייא אִיר דְרַייא מָאל אַזוֹי גְרוֹיס, אוּנ הָאבִּין אוֹיסְגֶעזֶעהן וִויא יָעמַאנְד שְׁטוֹיסְט זֵייא בַּייא אִיהר פוּן קָאפּ אַרוֹיס, דָאס עֶרְשְׁטֶע מָאל הָאט זִיא צוּ אִים מִיט אַזַא הִיץ גִירֶעט: קערן, דוּא עֶרְלוֹיבְּסְט זִיךְ צוּ פִיל, וֶוענְדֶע דַיין טְרָאסְט אָן בַּיינֶעם גְלַייכֶען, אוּנ גִיבְּט מֶער זָאלִין דַיינֶע פוּסְטֶע מַיין שְׁוֶועל אִיבֶּער טְרֶעטִין.

דָאס עֶרְשְׁטֶע מָאל, הָאט עֶר זִיא גִיזֶעהן אִין אַזַא צָארִין, עֶר הָאט זִיךְ אַלֵיין דֶער שְׁרָאקִין, דֶער אֵיינְצִיגֶער קוּם אִיהְרֶער, וָואלְט דֶעם לַייכְטְזִינִיגֶען קֶערְנֶען— הָאט עֶר בַּייא זִיךְ גִיבְרַאכְט — צוּ אִיהרֶעם פָארְטַהייל גֶעגֵייגְט, גְלַייכֶער אָבֶּער אַז עֶס הָאט זִיךְ אַזוֹי גִיבַּאכְט, עֶר הָאט מִיט בַּעס דִיא טִיר גִיעֶפִינְט, אוּנ אַרוֹיס קוּמֶענְדִיג הָאט עֶר אִיהר גִיזָאגְט „וַוארְט אננע דוּא וִוירְסְט מִיךְ גֶעדֵיינְקִין, עֶר הָאט אַשְׁטַארְקִין קְלַאפּ גִיטָאן מִיט דֶער טִיר, אוּנ אִיז אַרַיין גִיגַאנְגִין אִין עֶס צִימֶער, וואו פִּישֶׁעלעווִיץ הָאט שׁוֹין בֶּעטְרַאכְט דִיא זַאכִין וָואס דֶער אוּנְבֶּעקַאנְטֶער מִיכל הָאט אִים גִיבְרַאכְט אִים נָאמֶען פוּן אַשְׁטַאטִיגֶען יוֹרֵד לַייהֶען אַ גמילות חסד. —

„וִויפִיל הָאט עֶר אַייךְ גִיהֵייסִין בֶּעטִין דַארוֹיף? הָאט פִּישֶׁעלעווִיץ גִיפְרֶעגְט.



א(פּרצענטליק)

„זָעקס הוּנְדֶערְט רוּבֶּעל הָאט מיכל גִיעָנְטְפֶערְט , נָאר אוֹיף אַקוּרְצֶר צַייט“ .

פּישעלעוויץ הָאט נָאךְ אַמָאל נִיט אִיבֶּער גִיפְרֶעגְט , הָאט אַרוֹיס גִינוּמִין פוּן קַאמְאָדֶע דִיא גֶעווִינְשְׁטֶע סוּמֶמֶא אוּנ הָאט עֶס מיכלן אָבְּגִיגֶעבִּין וֶועלְכֶע אִיז בַּאלְד אַוֶועק גִיגַאנְגִין , פּישילעוויץ אִיז שְׁטֵיין גִיבְּלִיבִּין אוּנ הָאט בֶּעוואוּנְדֶערְט צוּ וָואס דֶער יוֹרֵד אִיז גֶעבַאךְ גִיקוּמֶען , אָן אוֹיפְהֶער הָאט עֶר אִים בֶּעדוֹיעֶרְט אוּנ הָאט בַּייא טְרַאכְט , וִויא אַז נָאט וִויל שְׁטְרָאפִין אַמֶענְטְשִׁין , שִׁיקְט עֶר אוֹיף אִים אָן אַלְלֶער הַאנְד שְׁלוּחִים , עֶר הָאט אֲפִילוּ נִיט בַּאמֶערְקְט וִויא קֶערן אִיז אַרוֹיס פוּן שְׁטוּב , וֶועלְכֶער אִיז להרוג ולאבד ולחרפה פַארְטִיג גֶעוִויזֶען פּישעלעוויצעס גַאנְצֶע פַאמִילְיֶע, אַוֶועק גְלַייךְ צוּ משה׳ן, וואוּ עֶר הָאט דִיא גַאנְצֶע חברה גִיטְרָאפִין אִים פָאלִין קוֹרַאז , מֶען הָאט דָארְט בַּאלְד פֶערְפֶערְטִיגְט אַייגֶע זַאיַאוְולֶענְיֶע מִיט אַקָצִיֶע אוּנ צוּ גְלַייךְ הָאבִּין אַלֶע אָבּ גִירֶעט , וִויא יֶעדֶערֶער זָאל זָאגִין עֵדוּת בְּעֵת מֶען וֶועט זַיין הוֹיז אוּנְטֶער צִינְדֶען, לאַפּירוּס , וִויא אַנוּטֶער אוּנ גֶענִיטֶער לֶערֶער , הָאט דִיא אַלֶע שִׁילֶער גִילֶערִינְט , אוּנ יֶעדֶערֶער הָאט זַיין לֶעקְצִיָאן אַיינִיגֶע מָאל ווִידֶער הָאלְט , אוֹיף אַ מִינוּט אִיז עֶר גִיוָוארִין אַפְּרָאקְאָרָאר , אוֹיף אַמִינוּט אַיין אַדְוָואקַאט , אוּנ בַּאלְד דָער פְּרֶעדְסֶעדַאטִיל אַלֵיין , אוּנ בַּיי יָעדֶע לַאגְע הָאט עֶר דִיא עֵדוּת אוֹיף גִיגֶעבִּין פְּרַאקְטִישֶׁע פְרַאגִין , וָואס יֶעדֶערֶער הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט , דֶער קָאמִישׁ , דֶער טְרַאגִישׁ , אוּנ אַנַאנְדֶערֶער מִיט דִי שְׁלֶעכְטֶעסְטֶע אוֹיסְדְרִיקֶע , דַאבַּייא פֶּערשְׁטֵייט זִיךְ וַואר גְענוּג גֶעלֶעכְטֶער , מֶען הָאט דֶער בַּיי דָער מָאנְט דִיא גְרֶעסְטֶע אוֹיס וואוּרְפֶען דֶער וֶועלְט , מֶען הָאט גֶענוּג גֶעמוּטְשֶׁעט אַלֶער הַאנְד אוּנְשׁוּלְדִיגֶע פַאר שִׁיקְטֶע , אוּנ לאַפּירוּס אַלֵיין הָאט מִיט זֵייעֶר בּוּרְלֶעסְקֶע וֶוערְטֶער עֶטְלִיכֶע מָאל מזכיר נשמות גִיוֶוען דִיא אבות מִיט דִיא אמהות אוּנ הָאט אוֹיף בַּייא נַאכְט אַלֶעמִין פְּרִיגְלַאשֶׁעט צוּ פַאלִין אוֹיף רחל׳ס קבר , (דָאס אִיז גִיוֶוען אַבֶּערִימְטֶע פִירְמֶא אִין דֶער שְׁטָאט) אוּנ הָאט אַלֵיין דֶערְצֵיילְט זַיינֶע , דִיא נִיט זֵייעֶר וִויכְטִיגֶע פְּרַאדֶעלְקֶעס בִּיז אַלֶע זַיינֶען אַנְדְרֶעמְעלְט גִיוָוארִין . — עֶס אִיז אִיבֶּערִיג צוּ דֶער צֵיילֶען , וָואס אִין דֶעם צִימֶער הָאט זִיךְ גִיטָאן , בְּעֵת זֵייא הָאבִּין זִיךְ אוֹיפְגִיחַאפְּט אִין אַשָׁעָה דְרַייא אַרוּם, אִיךְ ווִינְטְשׁ חָלִילָה נִיט דֶעם לֶעזֶער, עֶר זָאל זַיין אַפְּרִישֶׁער בֶּעזוּכֶער אִין אַזַא צִימֶער , אַלֶע הָאבִּין זִיךְ גִיזֶעצְט עֶסֶען מִיטָאג , אוּנ מֶען הָאט ווִידֶער הָאלְט דִיא פְּרִיעֶרְדִיגֶע סְצֶענֶע מִיט מְעהר פְּרִישְׁקַייט , זֵייא הָאבִּין אַזוֹ פַאר בְּרַאכְט בִּיז עֶס אִיז שׁוֹין גִיוֶוען גֶענוּג פִינְסְטֶער , אוּנ דִיא גַאנְצֶע חברה אוֹיסֶער משה׳ן , זַיינֶען אַוֶועק צוּם מערת המכפלה . . . אוֹיף מָארְגֶען הָאט שְׁווִינְדֶעלְמַאן אָנְגִיגֶעבֶּען דִיא זַאיַאוְולֶענְיֶע , עֶר הָאט זִיךְ דֶער בַּייא גִילָאזְט קָאסְטֶען אַיינִיגֶע רוּבֶּל אוֹיף משה׳ס רֶעכְנוּנְג , דִיא פָּאלִיצִיֶע זָאל עֶנֶערְגִישׁ אוּנְטֶער זוּכֶען , עֶר הָאט אִין אַפָּאר טֶעג אַרוּם גִילָאזְט דְרוּקֶען אִין צַייטוּנְג אַז מֶען הָאט אִים בַּאגַאנְוֶועט אַרוּבֶּל טוֹיזֶענְד , אוּנ הַאלְבּ שְׁטָאט הָאבִּין גִירֶעט פוּן שְׁווִינְדֶעלְמַאנְס גְנֵיבָה , אַלֶע טָאג הָאט מֶען אִים בַּאגֶעגְנֶעט מִיט נַארַאדְאוֶויֶע לֵייפֶּענְדִיג נָאר קֵיין אוּסְפֶּעךְ הָאט עֶר פוּן דֶעם לוֹיפֶען נִיט גִיהַאט , אַזוֹי זַיינֶען זִיךְ דֶער וַוייל אָבְּגֶעלָאפִין אַפָּאר וָואכִין , וָואס דִיא חברה הָאבִּין זִיךְ נִיט אָפְּט גִיזֶעהן . —

גראָדע (פּראַצעסניק)

גראדע אין אפאר וואכען ארום אין אשיינעם פריה מארגען איז קערן ארויף געקומען צו פישעלעוויצין מיט אשיינעם פארטעפעל אונטערן האנד אונ האט ער־ציילט דאס ער האט איינגיטרעטין אלס סעקרעטאר געהילפע אין מאגיסטראט, פאר שטייט זיך האט אים דער גוטער אונ פרומער פישעלעוויץ הערצליך גראטולירט, אים גליק געוואונטשען אונ ברידערליך דיא האנד געדריקט, ער האט מיט איהם אשיינעם גישפרעך גיהאלטען אונ הויפט זעכליך דאס ער זאל טרייא אונ ערליך דינען, ער האט אים גיוויזין דאס ער איז פאל פריידע, דאס יודען האבין שוין ערבייכט אזא שטופפע, אז זייא זאלין אנגענומען ווערדען אויף קראנס־שטעלען אינד האפענטליך וועלען זייא אויך שטייגען, נאך זא איינעם לאנגען גישפרעך, האט זיך קערן גישטעלט אונ בייא פישילעוויצען אום ענטשולדיגונג גיבעטין, וואס ער מוז אויף אשטונדע ארויף גיין אין דער דומע, אונ האט זיך צו גלייך ערלויבט דעם פאר שלאסענעם פארטעפעל צו לאזין, אונ האט גיבעטין ער זאל עס אין קאמאדע היגלייגען, ווייל דא ליגען וויכטיגע פאפירען, פישעלעוויץ האט זיין וואונטש באלד ערפילט אונ קערן איז אוועק גיגאנגען, וואהין וועט שוין מן הכתם דער קלוגער לעזער אליין פאר שטיין. —

אין אשעה ארום זיינען שוין בייא פישעלעוויצעס טויער גישטאנען צווייא זאנדארמען מיט בלויזע דעגין, דער פאליצמייסטער מיט זיינע פאמאטשניקעס אונ מיט עטליכע סאלדאטען האבין זיינע צימערין אונטערזוכט, מען האט זאגאר ניט גישוינט דאס בעט פון דער שוואכער אונ קראנקער אננעז, וועלכע האט זיך קוים אנגיהויבין הערצושטעלען, נאר מעהר וויא דעם פארטעפעל האט מען ניט גיפונען אין וועלכע עס זיינען גילעגן פאלשע בריף פון פערשידענע פאליטישע פערברעכער, פאר באטענע ביכער אונ צייטונגען, וואס קערן האט גיהאט אין זיינעם בעזיץ, דאצו האט מען נאך גיפונען שווינדעלמאנס גנבה, נון איז דאך שוין אריכטער ביוייז, דאס פישילעוויצעס הויז איז פאר בונדען מיט פערשידענע מענטשין, וואס זיינען ערווידער דאס גיזעץ, מען האט מיט אים ניט פיל גירעדט, אונ אים אבגיפירט אין פעסטונג, דארט האט מען אים אריין גילאזין אין אגאנץ בעזונדערין צימער, אונ מען האט קיין לעבעדיגע זעלע צו אים נישט צו געלאזין, דאך האט ער עס מקבל באהבה גיוועזין, וויא עס איז גיוועזן צומוטה מאלווינען מיט דער קראנקער אננעז דאס צו צו זעהען, קען קיין מענטש ניכט אבשרייבען, דיא טאכטער איז ארויף גיפאלין אויף דער מוטערס האלדז אונ האבין ביידע יעמערליך גיוויינט, זייערע הערצער זיינען פערשטיינערט גיווארין, אז זייא האבין אפילו קיין ווארט נישט גיקענט ארויס ריידען, אויך דיא דינער האבין נישט אויפגיהערט ריהרענד צוא וויינען, אונ אין שטוב איז גיווארין אחורבן, זיינע פרומע אונד ארדענטליכע קאלעגען (חברים) האבין שוין מורא גיהאט צו אים ארויף צו גיין טרייסטען דיא גוטע מענטשין, העלפין אין וואס, דאהער האט זיא אליין גימוזט ארבייטין דארין, זיא האט דאס הויז גיוואלט געבין אלס גאראנטיא פאר איהר מאן, גאנצע טעג ביז שפעט באנאכט פלעגט זיא וויינען בייא גובערנאטער, עס האט אבער ניכטס

גִיהָעלְפְֿן, אִיהרֶע אַלֶע בִּיטְעֶן זַיינֶען אָהנֶע צְוֶועק צוּרִיק גֶעבְּלִיבֶּען, אוּנ דִיא פֶֿערְהֶעלְטְנִיסֶע דֶעס הוֹיזֶעס זַיינֶען שְׁלֶעכְטֶער גֶעוָוארִין פוּן טָאג צוּ טָאג. —

## 6.

סוֹדוֹת קֶענֶען נִיט הָאבִּין קֵיין הַאפְּט,
דָאס אִיז שׁוֹין בֶּעקַאנְט וויא דִיא וֶועלְט אִיז גְרוֹיס;
וַוייל פְּרוֹיעֶנְצִימֶער הָאבִּין אִין זִיךְ אַזוֹא אַיין קְרַאפְט,
דָאס דוּרךְ זַייעֶרֶע לִיפֶּעס קוּמְט אַלֶעס אַרוֹיס....

רייזיל, וויא מִיר הָאבִּין שׁוֹין פְרִיעֶר עֶרְצֵיילְט הָאט דִיא אִיר נוּצְלִיכֶע וָוארְטֶן פַאר צֵייכִינְט, נַאכְדֶעם זִיא הָאט דֶעם עֶרְסְטֶען בְּרִיף פוּן אִיהר בְּרוּדֶער ירוחמ׳ן עֶרְהַאלְטֶען, דָאס עֶר אִיז אִין פעטערבורג אוּנ נַאכְדֶעם דִיא חברה זַיינֶען אַוֶועק גִינַאנְגֶען אִים בַּאלְד אַיין בְּרִיף גִישְׁרִיבִּין אוּנ טַאקֶע בַּאלְד עֶקְסְפֶּעדִירְט, זִיא הָאט אִים דַארִיין דֶעם גַאנְצֶען פְּלַאן עֶרְקְלֶערְט וְויא דִיא חברה הָאבִּין עֶס גִיבּוֹיט, אוּנ דָאס אִין אַיין קוּרְצֶע צֵייט אַרוּם דַארְף פישילעוויצעס הוֹיז בְּרֶענֶען, זִיא הָאט אִים דֶער בַּייא רִיכְטִיג אָפּ גִישְׁרִיבִּין וויא זִיא הָאט אננען דֶעם בְּרִיף אָבְגִיגֶעבִּין וְויא קערן, וֶועלְכֶער הָאט זִיךְ אִין אִיר פַארְטְרוֹיט, שְׁפִּילְט אוֹיךְ אַייגֶעראלֶע צְוִוישִׁין פישעלע-וויצעס פֶּערְפָּאלְגֶערְס אוּנ הָאט אִים גִיבֶּעטְן אוֹיב עֶר וָועט קֶענֶען אַמָאל זַיי הֶעלְפִין, זָאל עֶר עֶס טָאן, דִיא קְלוּגֶע רייזיל הָאט נָאךְ מֶערֶער זַאכִין פַאר שְׁוִויגִין, וָואס זִיא הָאט פָארְגִינוּמֶען, דָאס הֵייסְט אֵיינֶע גֶעהֵיימֶע אוּנ פַאלְשֶׁע לִיבֶּע צוּא קערנען, דוּרְךְ וֶועלְכֶע זִיא הָאט אַלֶעס עֶרְפַאהרֶען אִין דִיא פָאר וָואכִין, אוּנ דָאס יֶעדֶע זַאכֶע וואו עֶס הַאלְט הָאט עֶר זִיא עֶנְדֶעקְט, דֶער שְׁפְּרִיכְוָוארְט זָאגְט „וָואס דֶער זַייוִויל קֶען נִיט מַאכִין מִיט זַיין כַּעס, אִיז בַּייא אַיין פְּרוֹיעֶנְצִימֶער אַשְׁפַּאס" זִיא הָאט קערנען ווִירְקְלִיךְ אִין דֶער צֵייט צוּא זִיךְ צוּא גִיצוֹיגִין, אוּנ בַּייא אִים מִיט לִיבְּלִיכֶע רֵייד אַרוֹיס גִיקְרָאגִין דִיא גֶעהֵיימְכְטֶע זַאכֶען, זַיינֶע אַלֶע סֶעקְרֶעטֶען זַיינֶען אִיר גִיוֶוען אָפִין, אוּנ עֶר הָאט זִיךְ שׁוֹין פַאר גְלִיקְלִיךְ גִישֶׁעצְט, אַז עֶר הָאט עֶפֶּעס נַייעֶס אִיר גִיקֶענְט בְּרֵיינְגֶען, אָבְוָואהל יֶעדֶעס מָאל הָאט אִים נָאךְ דֶעם פאר דְרָאכִין, וָואס עֶר פַארְטְרוֹיט זִיךְ אוֹיף אִיר דֶען וָוער ווייס וָואס דִיא צֵייט קֶען מִיט בְּרֵיינְגֶען, דָאךְ הָאבִּין אַלֶע זַיינֶע גֶעהֵיימְנִיסֶע וְויא בַּאלְד עֶר אִיז נָאר צוּא אִיהר גִיקוּמֶען, גִישְׁטְרֶעבְּט אַרוֹיס צוּ גֵיין אוֹיף דֶער פְרִישֶׁער לוּפְט, עֶס אִיז אִיהם אַסַךְ לַייכְטֶער גִיוָוארֶען אוֹיפִין הֶערְצִין אִין דֶער צֵייט וֶוען עֶר פְלֶעגְט אִיר דֶער צֵיילִין, אַזוֹ לִיגְט שׁוֹין אִין חַאראַקְטֶער פוּן אַנְדֶערֶע מֶענְטְשֶׁען, דָאס גֶעהֵיימֶע זַאכִין לִיגְט זַייא וְויא שְׁטֵיינֶער אוֹיפִין הָערְצֶען אוּנ מוּזִין זִיךְ אָבְזוּכִין אַיין גוּטִין פְרֵיינְד, וֶועמֶען עֶס צוּא עֶנְדֶעקֶען, דָאס רוֹב טְרֶעפְט אָבֶּער דָאס יֶענֶער טְרָאגְט אוֹיךְ דַארִיבֶּער שְׁטֵיינֶער אוּנ עֶרְצֵיילְט עֶס אַיין דְרִיטֶען בִּיז דֶער סוֹד בְּלַייבְּט קֵיין סוֹד נִיט, אוּנ דִיא גוּטֶע פְרֵיינְד וֶוערִין דִיא גְרֶעסְטֶע שׂוֹנְאִים, דִיא שְׁוֶוערְסְטֶע שְׁטֵיינֶער הָאט אוֹיךְ בַּייא דֶעם צוּפַאל דִיא ראזאליע גִיטְרָאגִין, אוּנ אָהנֶע צְוֵייפֶעל וָואלְט זִיא

(פראצעסניק)

עס ענדעקט, ניט פאר איהרע גוטע פריינדען, זאנדערן וואו נייטיג איז, זיא האט זיך אבער געמוזט דאמיט שטיקען, ווייל דער פאטער שטעקט דעריין, זיא האט געוואוכט וואס פאר איין אונגליק אים קען דערפון ארויסקומען, דאהער האט זיא עס אראפגעשלונגען, ביז אצופאל וועט עס ביא איר מיט געוואלד ארויס רייסען, מיט אנאן הט זי זיך ניט געקענט זעהען ווייל דער פאטער האט איר שטארק פארבאטען זייער הויז צוא בעזוכען אונ דעריבער האט זיא זיך געמוזט בעגעניגען מיט דיא איינציגע פאלשע גערוסען וואס קערין פלעגט איר ברייגגען, זיא האט זאגאר אפגעהערט אויף דער גאס צוגיין אום אונטער דעם פאטערס חשד נישט צופאלען נישט פאר מורא זאנדערין עס זאל דיא פאמיליע פישעלעוויץ נישט שאדען זיא האט דאדורך דעם אפיטיט פארלארען דער שלאף האט פון איר געווייכט, קיין זאך איז איר נישט ליב געוועזן. קיין זאך האט איר נישט אמאזירט אונ זיא איז געווארין גאנצליך איבערצאגען מיט איינע אונ-גאטירליכע מעלאנכאליע. — פון פישעלעוויצעס ארעסט האט זיא נישט געוואוסט ווייל אציית נאכדעם איז קערן צוא זייא נישט גיגאנגען אויב ער איז קראנק געוועזן אדער אויב ער האט זיך געשעמט דיא אויגען צווייזען אדער אויב ער האט טאקע פשוט מורא געהאט פאר פישעלעוויצעס גוטע פריינד דאס ווייסען מיר ניט, מיר ווייסען נאר אז אמענטש וואס טוט אפארברעכען פערפאלגט אים זיין איינענער שאטען אים שיינט דאן דאס אלע זיינען אים שונאים געווארין דאס יעדערער קוקט אויף אים מיט שטרייגגע בליקען אונ בעוואריע נאט אז יעמאנד גייט צוא צוא אים עפעס פרעגען דא נעמט אים שוין פאר דער שרעק אים פאלען זינען דעם ווארטעס, אים שיינט דאס יענער גייט אים שלאגען אונ דער טויט שטייט אים שוין פאר דיא אויגען, מיט דעם טויט אליין איז ער נאך ניט יוצא. ער זעהט זאגאר דיא טיפסטע פערבארגענהייטען דער העללע מיט אלע איהרע שטראפען, דעריבער קען אויך זיין איז קערן ניט געקומען, צווישען אונז ריידענדיג וואלט רייזל דאפון שטארק צופרידען געוועזן, נאר זיא האט זייער געוואלט וויסען, וואס הערט זיך אין פישעלעוויצעס הויז, דאהער האט זיא מעהרערע מאל געפרעגט ביים פאטער דיא אורזאכע וואס ער קומט נישט, אונ אלס זיא האט דעריבער איינען קאלטען אנטווארט בעקאמען, האט זיא געבעטען דעם פאטער ער זאל איהר איין אנדער לעהרער נעמען, זיא האט ניט דאס געמיינט, זיא האט גאנץ גוט פערשטאנען אז זיא וועט דאס ביים פאטער בעטען וועט ער זיכער צוא אים אריין גיין, אונ אזוי איז טאקע געוועזן, אין אוואך דרייא ארום אין אטאג, וואס עס האט גערעגנט עמערסוויים, דיא דונערן אונד בליצען ווארען אוננאטירליך, איז צוא זייא אריין געקומען קערן דורך געווייקט פון דעם רעגען, ער האט דאן געטראפען זיצענדיג ראזאליען וויא געוויינליך ביא אבוך, אונ זיא, וויא זיא האט דערזעהען דען אונערווארטעטען גאסט. האט געשאפען אויף איהר געזיכט איין צוציהענדען שמייכעלע, וואס עס האט אים זייער געפרייט. —

וָואס הָאט מֶען אַייךְ אַזַא צַייט נִישְׁט גֶעזֶעהֶען הערר קערן ? הָאט זִיא אִים גֶעפְרֶעגְט . מִיר הָאבֶּען שׁוֹין נִיט גֶעוואוּסְט וָואס אִיבֶּערצוּטְרַאכְטֶען . מִיר הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט דָאס אִיהר זַייט עֶפֶּעס אוּנְוָואהל . אוּנ דָא נִיט לַאנְג הָאבּ אִיךְ גֶעבֶּעטֶען דֶעם פָאטֶער עֶר זָאל אַייךְ בֶּעזוּכֶען .

דִיא וָוערְטָער אוּנ דִיא פְרַיינְדְלִיכְקֵייט פוּן דִיא רַייצֶענְדֶע מֵינֶעס אִיהְרֶע הָאבֶּען קֶערֶנְעןאַזוֹי גֶעגֵייגְט צוּא אִיהר , דָאס וָוען רייזעל זָאל בַּייא אִיהם בֶּעטֶען , עֶר זָאל וֶוענֶען אִיהר זַיין לֶעבֶּען אָפְּגֶעבֶען וָואלְטֶער עֶס זִיכֶער גֶעטָאן . אִיךְ הָאבּ גֶעהַאט זֵייעָר פִּיל בֶּעשֶׁעפְטִיגוּנְג אִין דֶער צַייט , הָאט עֶר אִיהר גֶעעֶנְטְפֶערְט אוֹיסטָאנְדִיג זַיין פַּאלְטָא . מֶען לַאדֶעט מִיךְ אִין אֵיינִיגֶע עֶרְטֶער אוֹיף שְׁטֶעלֶען , הִיא אוּנ אִינְז אַנְדֶערֶע שְׁטֶעט . דֶערִיבֶּער הָאבּ אִיךְ גֶעהַאט זֵייעָר פִּיל בְּרִיף צוּא שְׁרַייבֶּען אָן הָאבּ אוּנמֶעגְלִיךְ גֶעקֶענְט קוּמֶען אָט קֶענְט אִיהר נָאךְ זֶעהן וִויפִיל בְּרִיף אִיךְ דַארְף נָאךְ בֶּעאַנְטְוָוארְטֶען , עֶר הָאט דֶערבַּייא אַרוֹיס גֶענוּמֶען אַסַךְ פַּאפִּירֶען פוּן קֶעשֶׁענֶע אוּם רייזעלען צוּא וַוייזֶען , עֶר הָאט עֶס אָבֶּער בַּאלְד צוּרִיק גֶעלֵייגְט וַוייל רייזל הָאט אִים גֶעזָאגְט :" אוּם גָאטֶעס ווִילֶען הערר קערן , גְלוֹיבּ אִיךְ אַייךְ דֶען נִיט ? אַייעֶרֶע וָוערְטֶער זֶענֶען דָאךְ בַּייא מִיר הֵיילִיג . . . עֶר הָאט נִיט בַּאמֶערְקְט וִויא אַיין פַּאפִּיר אִיז אִים אַרוֹיס גֶעפַאלֶען , אוֹיף וֶועלְכֶען דִיא זִיצֶענְדֶע רייזעל הָאט בַּאלְד בֵּיידֶע פִּיס אַרוֹיפ־גֶעשְׁטֶעלְט , אוּנ הָאט בַּאלְד אָנְגֶעהֵייבֶּען זוּכֶען מִיטְלֶען וִויא פוּן אִים אוֹיף אַוַוייעֶלֶע פָּטוּר צוּ וֶוערֶן . —

הָאבֶּען זִיא שׁוֹין דֶעם פֶעטֶער גֶעזֶעהֶן הערר קערן . הָאט זִיא אִים גֶעפְרֶעגְט .

אִיז עֶר דֶען צוּא הוֹיזֶע ? הָאט עֶר גֶעזָאגְט . אוּנ אִיז בַּאלְד אַרַיין גֶעגַאנְגֶען אִין אַנְדֶערֶן צִימֶער רייזל הָאט זָאגַאר נִישְׁט פֶערשְׁטַאנְדֶען צוּא וָואס הָאט זִיא עֶס גֶעטָאן , צוּא וָואס קֶען אִיהר נוּצֶען זַיין בְּרִיף . נָאר אַללֶעְנְפַאלְס , וֶועל אִיךְ דַאדוּרְךְ קֶען זַיין , הָאט זִיא גֶעטְרַאכְט , עֶטְוָואס עֶרפַאהְרֶען וָואס זָאל מִיר צוּא נוּץ קוּמֶען צוּא מַיין פְרוֹיעֶן — נַייגִירְדֶע , אוּנ הָאט עֶס דוּרְךְ גֶעלֶעזֶען אוּנ אִין קֶעשֶׁענֶע גֶעלֵייגְט . קערן אִיז בַּאלְד צוּרִיק אַרַיין גֶעקוּמֶען , אוּנ זַייא הָאבֶּען פָאלְגֶענְדֶע גֶעשְׁפְּרֶעךְ צוּא ווִישֶׁען זִיךְ גֶעהַאלְטֶען . וָואס הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען מִיט דֶעם גֶעווֵיינְלִיכֶען אָנְפַאנְג :

וָואס זָאגְט אִיהר צוּא דֶעם אִיצְטִיגֶען רֶעגֶען ? הָאט עֶר גֶעפְרֶעגְט , עֶס זָאלל אַזוֹי רֶעגְענֶען אַפָּאר טָאג וֶועט נִיט זַיין אַרוֹיס צוּגֵיין . —

אָ יַא , הָאט רייזיל גִיעֶנְטְפֶערְט , נָאר פַאר מִיר אִיז אַלֶעס אֵיינְס , אִיךְ גֵייא זָא וִויא זָא נִישְׁט אַרוֹיס אִין גַאס , דֶען מִיר אַמַאזִירְט שׁוֹין קֵיין זַאךְ נִיט , אִיךְ לֶעבּ נוּר דַאן וֶוען אִיר זַייט לֶעבִּין מִיר , אוּנ אַז אִיר הָאט דְרַייא וָואכִין צוּא אוּנְז נִיט גִיקֶענְט קוּמֶען , זָא זֶעה אִיךְ דָאס מַיין אַרְבַּייט אִיז פַארִין מַייוָועל , אִיר וָואלְט אַזוֹי פִּיל זָארְגִין וֶועגִין מִיךְ , וִויא אִיךְ וֶועגִין אַייךְ , וָואלְט אִיר שׁוֹין לַאנְג גִיקוּמֶען , נָאר וָואס הֶעלְפְט מַיין בֵּיידִין , אַז אִיר זַייט נָאר פַארְקְנִיפְּט אוּנ אִיבֶּער גֶעבִּין אַנְדֶערֶע , אִיר וָואלְט וִויסִין וִויפִיל טְרֶערִין אִיךְ הָאבּ צוּא לִיבּ אַייךְ

פֿאַרְנאַסְן, וְואָלְט אִיר אַלֵיין מִיךְ וֵויינִיגְסְטֶענְס גִיטְרֵייסְט, דָערְבַּייא הָאט זִיא אִיר טִיכְעֶלֶע אַרוֹיס גִינוּמֶען, אוּנ הָאט דָערְמִיט אִיר פָּנִים פַאר שְׁטֶעלְט עֶר זָאל נִיט זֶעהֶן דֶעם שְׁמֵייכִיל וָואס זִיא הָאט גִיטָאן, קֶערִין הָאט שׁוֹין דִיא אַלֶע וֶוערְטֶער גִישְׁט גִיקֶענְט אִיבֶּער טְרָאגְן, זִיא הָאט אִים מִיט דִיא לֶעצְטֶע וָוארְטִין אוּנ מִיט דֶעם פוּן אִים גֶעמֵיינְטִין וֵויינֶען נַאנְץ בֶּעלֶעבְּט, אַזוֹ לִיגְט שׁוֹין אִין דֶער נַאטוּר פוּן דֶער לִיעבֶּע, וֵוייְנְט יֶעמַאנְד פוּן דֶען גֶעלִיבְּטִין, פַארְדְרִיסְט דֶעם צְוֵוייטִין, לַאכְט יֶעמַאנְד פַארְדְרִיסְט עֶס, אוּנ וָואס אֵיינֶער זָאל טָאן פַארְדְרִיכְט דֶעם צְוֵוייטִין, קערנען הָאט אוֹיךְ גִיקְרֵיינְקְט יָעצְט רייזעלעס וֵויינֶען, בֶּערוּהִיגְט אַייךְ לִיבֶּע ראזאליע, הָאט קֶערִין גִיזָאגְט, אַז אִיר זָאלְט וִויסִין דִיא אוּרְזַאכֶען, וָואס הָאבֶּען מִיר גִישְׁטֶערְט צוּ אַייךְ צוּא קוּמֶען, וָואלְט אִיר מִיךְ נִיט אַזוֹ פִיל פֶערְשׁוּלְדִיגְט, הָאט עֶר זִיא גִיטְרֵייסְט, אַרוּם נֶעמֶענְדִיג אִיר אֵיידֶעלֶע טַאלְיֶע. —

אוּנ פַאר וָואס זָאל אִיךְ עֶס נִיט וִויסִין? פַאר וָואס זָאלְט אִיר פוּן מִיר הָאבִּין סוֹדוֹת? הָאט אִיר דֶען וָואס עֶרְפַאהְרִין מֵיינֶער אוּנְטְרַייהַייט? זִיכֶער נִישְׁט, זָא צֵייגְט עֶס מִיר, דָאס אִיר הָאט מִיךְ נִיט לִיבּ, וַואצוּ דַארְפְט אִיר מִיךְ אַלְזָא קְוֶועלִין? זָאגְט מִיר אָפִין אוּנ מַיין טוֹיט אִיז נָאהֶנְט.

קֶערִין הָאט פוּן אִיר דָאס עֶרְשְׁטֶע מָאל גִיהֶערְט אַזַא אָפִינֶע עֶנְדֶעקוּנְג, אוּנ גָאט הָאט דִי מוֹיל פוּן אַייזִיל גִיעֶפִינְט בֶּעזוּכִין זִיא אָפְט אננען? הָאט עֶר זִיא צוּוֶערְסְט גִיפְרֶעגְט.

צוּפֶעלִיגֶער וַוייזֶע הָאט רייזיל גִיעֶנְטְפֶערְט: נַיין, מִיר זַיינֶען נָאר צוּקְרִיגְט אִיךְ הָאבּ פַיינְט אַזֶעלְכֶע שְׁטָאלְצֶע פְרַיילִינְס וִויא זִיא אִיז, אַמֶענְשׁ וָואס רֶעט קַיין גוּטִין וָוארְט אוֹיף קֵיינֶעם, זִיא הָאט קַיין מִינְדֶעסְטִין וֶוערְטְה אִין מַיינֶע אוֹיגֶען, זִיא מֵיינְט אַז זִיא אִיז נוּר אֵיינֶע, מִיר הָאבִּין שׁוֹין גִיזֶעהֶען גִינוּג אַזֶעלְכֶע, זִיא הָאט זִיךְ דֶער בַּייא זֵייעֶר טְרוֹיעֶרִיג פַאר טְרַאכְט, —

קֶערִין הָאט שׁוֹין דֶעם קְלֶענְסְטִין צְוֵוייפִיל דֶער בַּייא פֶערְלָארִין, הֶערְט זֶע רייזיל וָואס אִיךְ וֶועל אַייךְ זָאגִין, הָאט עֶר אָנְגִיהוֹיבִּין, נָאר אִיךְ בֶּעט אַייךְ צְווִישִׁין אוּנְז זָאל עֶס בְּלַייבִּין, דֶען מִיט דִיזֶעם גֶעהֵיים גִיבּ אִיךְ אַייךְ אוֹיךְ מַיין לֶעבֶּען אִיבֶּער, רייזיל הָאט אִים פַארִין הַאנְד גִינוּמֶען אוּנ אִים אַ צֵייכִין גֶעוִויזֶען, עֶר זָאל שְׁטִילֶער רֵיידִין, „הֶערְט זֶע מַיין טַייעֶרֶע רוֹיזעלע, אִיר גִידֵיינְקְט אַז אִיךְ בִּין שׁוֹין בַּאלְד אַהוֹדֶשׁ גִיוֶועזֶן אַוֶועק גִיפָארִין, וואו מֵיינְט אִיר בִּין אִיךְ גִיוֶועזֶן? אִיךְ בִּין גִיוֶועזֶן אִין קאלוואשׁ, וואו אִיךְ הָאבּ מַיינֶעם אַבֶּעקַאנְטִין, וָואס אִיז אַיין בָּרְיֶי אִין דֶער וֶועלְט, אִיךְ וִויל אַייךְ זַיין נָאמֶען נִיט זָאגִין, צוּ דֶעם זֶעלְבֶּען בִּין אִיךְ גִיפָארִין פְּרֶעגִין עֶפֶּעס אַיין עֵצָה, וָואס מֶען טוּט מַיינֶע בְּלוּט שׂוֹנְאִים פישעלעוויצען, מִיר הָאבִּין בֵּיידֶע גִיקְלֶערְט אַהִין אַהֶער, בִּיז עֶר הָאט עֶפֶּעס דֶער טַאפְּט עֶטְלִיכֶע בְּלֶעטֶער אוּן בִּיכְלַאךְ פַארְבָּאטֶענֶע, בְּרִיף הָאט עֶר אַלֶעמֶען אוֹיפְגִישְׁרִיבִּין מִיט פֶערְשִׁידֶענֶע הַאנְד שְׁרִיפְטִין, עֶר הָאט מִיר נָאךְ דֶער צוּ זַיינֶעם אַפָּארְטֶעפֶעל גִיגֶעבִּין, אִין וֶועלְכִין אִיךְ הָאבּ עֶס אַלֶעס הִינְגִילֵייגְט, אַלְס אִיךְ בִּין צוּרִיק גֶעקוּמֶען, הָאבּ אִיךְ בַּייא פישעלעוויצען אַלֵיין גִיבֶּעטִין אִין אַשְׁטֵיינֶעם פְּרִיה-

מָארְגִין , עֶר זָאל עֶס אִין זַיין קַאמָאד בַּאהַאלְטִין , אוּנ אַלַיין הָאבּ אִיךְ דֶער צֵיילְט דֶעם פָּאלִיצַמַייסְטֶער דָאס עֶר הָאט אַיין אוּמְגַאנְג מִיט שְׁלֶעכְטֶע מֶענְטְשִׁין , מֶען אִיז בַּאלְד גִיקוּמֶען אוּנ מֶען הָאט אִים אַרֶעסְטִירְט , אוּנ וַוייל עֶר קֶען זַיין אוּנְשׁוּלְדִינְקַייט נִיט אַרוֹיס וַוייזִין , אִיז עֶר שׁוֹין פַארְזַאלְצִין אוֹיף אֵייבִּיג , אִין דֶעם זֶעלְבִּין טָאג הָאט מֶען אַייעֶרֶע זַאכִין , וָואס שווינדעלמאן הָאט גִינוּמֶען , אוֹיךְ בַּייא עֶם גִיפוּנֶען , אִיר הָאט גִידַארְפְט זֶעהֶן וִויא דִיא מוֹיד זֶעהְט שׁוֹין אוֹיס יֶעצְט , אִיר וֶועט אִיר נָאךְ זֶעהֶען אַמָאל דִינֶענְדִיג בַּייא אַייךְ , עֶר הָאט זִיךְ דֶער בַּייא שְׁטַארְק צוּלַאכְט : —

„אַזוֹי”, הָאט זִיךְ רייזיל אָפְּגִירוּפִין , „אִיז נָאר פִישֶׁעלֶעוויץ אַרֶעסְטִירְט ?“ אוּנ הָאט צוּ זַאמֶען גִישְׁלָאסִין אִירֶע פִינְגֶער , וִויא עֶס וָואלְט אִיר בֶּעסְטִין פְרַיינְד דֶער גְרֶעסְטֶער אוּנְגְלִיק גִיטְרָאפִין . —

מֶען לָאזְט אפִילוּ קַיין פֵייגִיל צוּא אִים נִיט צוּ , הָאט זִיךְ קֶערִין אָבּ גִירוּפִין , נוּא אוּנ וָואס טוּט דִי אָרִימֶע פַאמִילְיֶע נָעבַּאךְ ? הָאט וִוידֶער רייזל גִיפְרֶעגְט , זָאל מֶען דָאס זֶעהֶן הָאט עֶר וִוידֶער גִיעֶנְטְפֶערְט , בַּיי אַלֶע אוּנְזֶערֶע שׂוֹנְאִים ; רייזיל , הָאט אִיר מִינֶע גִיעֶנְדֶערְט , הָאט אִיר הַאנְד צוּם קָאפּ צוּגֶעלֵיינְט אוּנְד צוּ קערנען גִיזָאגְט : לִיבֶּער הֶערְר קערין , דֶער קָאפּ הָאט מִיר פְרָאסְט אוֹיפְגֶערִיהְרְט , אַז אַייעֶר גוּטֶע הַארְץ וָואלְט גִיוֶועזִין וִויא אַייעֶר לִיבֶּע צוּ מִיר וָואלְט אִיר מִיר גִילָאזִין עֶטְוָואס פֶערְרוּהֶען . —

מִיט פֶערְגִינִיגֶען הָאט זִיךְ קערין אָפְּגִירוּפֶען , מִיט פֶערְגֶענִיגֶען , עֶר הָאט אִיר אַרוּם גִינוּמֶען אָן אִיר בַּאק הָאט מִיט אַיין אוּנְפֶערְהָאפְטִין , אוּנ זַייעֶר אַיין אוּנ- וִוילִיגְנֶע קוּס גֶעלִיטֶען , וֶועלְכֶער הָאט אִים גַאנְץ עֶרְפְרִישְׁט , „אִיר וַוייסְט“, הָאט עֶר נַאכְהֶער גִיזָאגְט , „אַז מֶען רֶעט מִיר הִיא שִׁדוּכִים , מִיט אַיינֶעם פוּן דִי הִיגֶע אַרִיסְטָאקְרַאטֶען אוּנ נָאךְ אֵיינֶעם פוּן דִיא הִיגֶע גִילֶערְטֶע , נָאר דָאס אִיז פוּסְטֶע זַאכֶען , אִיר בְּלַייבְּט מַיינֶע אוּנ קַיין אַנְדֶערֶע וִויל אִיךְ נִיט קֶענֶען , יַא אִיךְ מוּז אַבְּרִיף שְׁרַייבִּין צוּ דֶעם זֶעלְבִּינִין וָואס הָאט מִיר דֶעם פָּארְטֶעפֶעל גֶעלִיהֶען , עֶר אִיז בַּאלְד אַרַיין אִין אַ זַייטִיגֶען קְלֵיינֶעם צִימֶער , וָואס אִיז גִיוֶוען אַכְמוֹ-קַאבִּינֶעט , אוּנ הָאט אַבְּרִיף אוֹיף גֶעשְׁרִיבִּין , אוּנְגֶעפֶעהְר אִין אַהַאלְבֶּע שְׁטוּנְד אַרוּם אִיז עֶר וִוידֶער אַרַיין צוּא רייזלען , וֶועלְכֶע אִיז שׁוֹין גִיזֶעסֶען בַּייא אַפֶּענְסְטֶער , דֶער קָאפּ אָן גִילֶעהְנְט אַפִין הַאנְד אוּנ שְׁטַארְק פַארְזָארְגְט , אָט וֶועל אִיךְ אַייךְ לֵייעֶנֶען דֶעם בְּרִיף , הָאט עֶר צוּא אִיהר גֶעזָאגְט , הָאט פַארבּוֹיגֶען דֶעם נָאמֶען אוּנ הָאט טַאקֶע אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּא לֵייעֶנֶען : אַייעֶר בְּרִיף הָאבּ אִיךְ עֶרְהַאלְטֶען , דֶער מִיטֶעל הָאט שְׁטַארְקט גֶעוִוירְקְט זָא דָאס דֶער פִישֶׁעל אִיז שׁוֹין לַאנְג אִין גֶעץ , אוּנ אִיךְ בִּין אַייךְ נוּר פֶערְפְלִיכְטֶעט , זָאבַּאלְד אִיךְ וֶועל מַיין פְּלַאן אוֹיסְפִיהְרֶען וָואס אִיהר וַוייסְט , וֶועל אִיךְ אַייךְ דִיא גֶעזָאגְטֶע סוּמֶע מִיט דַאנְק אָבְּשִׁיקֶען , פִיר דֶעם פַארְטֶעפֶעל וֶועל אִיךְ אַייךְ אוֹיךְ בַּאצָאלֶען , אִיךְ בִּיטֶע זִיא צוּא דוּלְדֶען אוּנְד אַלֶעס אִין גֶעהֵיים צוּא הַאלְטֶען . אַייעֶר פְרַיינְד „נ. קערן . —

(פּראצענטניק)

דער

דֶער רֶעגֶען הָאט אוּנְטֶער דֶער צַייט אוֹיפְגֶעהֶערְט, דֶער הִימֶעל אִיז גֶעוָוארִין גַאנְץ לוֹיטֶער, קערין הָאט זַיין פַּאלְבָּא אָן גֶעטָאן אוּם דֶעם בְּרִיף אוֹיף פָּאסְט אָב צוּ טְרָאגִין.

הֶערְר קערִן נֶעמְט מִיךְ מִיט, אִיךְ ווִיל זִיךְ אַבִּיסֶעל דוּרְךְ גֵיין. הָאט רייזיל גִיזָאגְט, זִיא הָאט שוֹין יֶענֶעם בְּרִיף דוּרְךְ גֶעלֶעזִין, אוּנ הָאט פַאר זַייעֶר נֵייטִיג גֶעצְוואוּנְגֶען קערנס אַנְטְווָארְט דַאצוּ צוּ הָאבִּין, ווֶערֶענְד זִיא הָאט אִיהר מַאנְטֶעל אָנְגֶעטָאן הָאט זִיא אִין קֶעסֶענֶע אַרַיין גֶעלֵייגְט אַיין פַארְזִיגֶעלְטִן פּוֹסְטֶען קָאוֶוערְט זִיא הָאט אִים גֶעאַרֶעמְט גִינוּמֶען, זַיין בְּרִיף בַּייא עֶם צוּגֶענוּמֶען, אוּם זִיא זָאל עֶס אִין קַאסְטִין אַרַיין וַוארְפִין, זִיא הָאט עֶס אִין דֶער זֶעלְבִּיגֶער קֶעסֶענֶע גֶעלֵייגְט וְואוּ דֶער פּוֹסְטֶער קָאוֶוערְט אִיז גֶעלֶעגִין.

דִיא נַאכְט פִינְסְטֶערְנִיס הָאט בֶּעדֶעקְט דֶעם אִירְדִישֶׁען בָּאדֶען זָא, דָאס זַייא זַיינֶען אִין דִיא שֶׁענְכְטֶע גִישְׁפְּרֶעכֶע צוּם פָּאסְט גִיקוּמֶען, רייזיל הָאט אַפְּנִיךְ דֶעם פּוֹסְטֶען בְּרִיף אִין קַאסְטֶען אַרָאפְּגֶעלָאזִין קערין הָאט זִיא בֶּעגְלֵייטֶעט אוּנ אִיז אַהֵיים גֶעקוּמֶען, אִין דֶערְהֵיים הָאט זִיא נָאךְ אַמָאל דֶעם בְּרִיף גֶעלֶעזִין: לִיבֶּער קערן אִיךְ בִּיטֶע מִיר זָאפָארְט צוּ בֶּעאַנְטְווָארְטִין, וָואס הֶערְט זִיךְ מִיט אַייעֶר הֶעכְט? אוּנ אוֹיב מַיין מִיקְסְטוּרֶע הָאט גִיהָאלְפֶען, זָא שִׁיקְט מִיר אָב דִיא צוּגֶעזָאגְטֶע סוּמֶע, מַיינֶע אַדְרֶעסֶע אִיז מארינעוויץ אִין קאלוואש, זִיא הָאט עֶס גוּט בַּאהַאלְטֶען. קערִן הָאט זַיינֶע אַלֶע בְּרִיף אַהֵיים קוּמֶענְדִיג פַארְבְּרֶענְט.—

# 7.

דוּרְךְ שְׁלֶעכְטֶע מֶענְשֶׁען קוּמְט אַיין אוּנְגְלִיק שְׁנֶעלל.
פוּן טָאג צוּ טָאג פַארְפָאלְגְט דוּרְךְ זַייא דֶער נוֹיט.
דוּרְךְ גוּטֶע וֶוערְט דֶער וָואלְקֶענְדִיגֶער הִימֶעל הֶעלל.
דוּרְךְ שְׁלֶעכְטֶע ווִינְשְׁט מֶען זִיךְ גַאנְץ אָפְט דֶעם טוֹיט.

אַז עֶס הֶערְט אוֹיף הלילה אַמֶענְשִׁין צוּ גֵיין, קֶען קַיין זַאךְ נִיט הֶעלְפִין. עֶר פְּרָאבִּירְט זִיךְ דַאן וַוארְפִין אוֹיף אַלֶע זַייטִין, עֶר נֶעמְט פָאר פַּאסֶענְדֶע אוּנ נִיכְט פַּאסֶענְדֶע גִישֶׁעפְטִין. אוּמְזָאנְסְט אָבֶּער גֶעבַּאךְ אַלֶעס בְּלַייבְּט אִין דֶער לוּפְט עֶר בֶּעט דַאן יֶעמֶערְלִיךְ בַּייא גָאט, גֶענוּג הָאט אָבֶּער גָאט בֶּעטֶענְדֶע, עֶר גְלֶעהֶעט אוּם הִילְפֶע בַּייא מֶענְשֶׁען. יֶעדֶערֶער גֶעפִינְט אָבֶּער אַמִיטֶעל זִיךְ אוֹיס צוּ דְרֵייעֶן. יֶעדֶערֶער זָאגְט זַיינֶע קְרוֹבִים זַיינֶען אִים בִּילְכֶער. עֶר ווֵיינְט אוּנ שְׁרַייט, זַיין עֶהָא אָדֶער זַיין ווִידֶער דָאלֶע קֶערְט נִיט צוּרִיק. אִיבֶּערְהוֹיפְּט גָאךְ בַּיי אַזַא צוּפַאל וִויא מאלווינעס אַרְמוּטְה, לָאזְט יֶעדֶערֶער אַזַא אוּנְטֶערְגֶעהֶענְדֶע שִׁיף צוּם גְרוּנְד גֵיין, אוּנ ווִירְקְלִיךְ ווֶער ווִיל רִיזִיקִירֶען אִין אַזַא גֶעפֶערְלִיכֶען אַקֶעאַן אוֹיף הֶעלְפִין דִיא הִילְפְלָאזֶע מֶענְשִׁין זַיינֶען גֶעשְׁוואוּמֶען. דִיא גַאנְצֶע צַייט וָואס מֶען הָאט אִיר מַאן אַרֶעסְטִירְט, הָאט זִיא נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ קְלָאגִין. אִירֶע אוֹיגֶען הָאבִּין נָאךְ נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט אוֹיף פִינְף מִינוּטֶען צוּ טְרִיקֶענֶען, זִיא הָאט מִיט אַלֶע מֶעגְלִיכְקֵייט גִיאַרְבֵּעט, זִיא הָאט שוֹין לַאנְג דָאס הוֹיז מִיט אִירֶע מֶעבֶּל אָבְּגֶע-

גֶעבִּין אוֹיף צְוַייא יָאהר אוּנ דָאס גֶעלְט הָאט זִיא אוֹיסְגֶעבְּרַאכְט אוֹיף זַיין בְּעֶ-
פְרַייהוּנְג. נִיכְטְס אִיז אָבֶּער גִיוֶועזִין דֶער רֶעזוּלְטַאט וֶוען יֶעמַאנְד פוּן אִיהרֶע
בֶּעקַאנְטֶע זָאל זִיא אִיצְט זֶעהְן וָואלְט מֶען אִיר גָאר נִיט עֶרְקֶענֶען. דָאס גֶעזִיכְט
אִיז אִיר גֶעוָוארִין אוֹיס גֶעצוֹיגֶען אוֹיף אִיר שֵׁיינֶעם שְׁטֶערִין הָאבִּין שׁוֹין עֶרְשַׁיינְט
עֶטְלִיכֶע קְנַייצֶעלַאךְ, אוּנ דוּרְךְ אִירֶע שְׁוַוארְצֶע הַארֶע הָאבִּין שׁוֹין אַרוֹיסְגֶעקוּקְט
שַׁיינֶע עֶטְלִיכֶע גְרָאהֶע. זִיא הָט שׁוֹין נִיט גֶעוָואהנְט אִין דֶעם פְרִיהֶערִיגֶען וואוֹינוּנְג,
זָאנְדֶערִין אוּנְטֶען אִין צְוַייא קְלֵיינֶע צִימֶערְלַאךְ. אוֹיסֶער דֶעם הָאט זִיא שׁוֹין
אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ קוּרִירֶען דִיא קְרַאנְקֶע אנגען, וֶועלְכֶע אִיז פוּן טָאג צוּ טָאג עֶרְגֶער
גִיוָוארֶען, דֶר נוֹיט הָאט אִים פָאלֶען זִינֶען צוּ זַייא אַרַיין גֶעטְרֶעטִין. אוּנְד שׁוֹידֶער
אִיז גִיוֶוען צוּ זֶעהְן אוֹיף דִיא צְוַייא וַוייבְּסְפֶּערְזָאנֶען, דָאס אִיז אַלֶעס פָארְגֶעקוּמֶען
אִין אַפֶּערְלוֹיף פוּן אַיָאהר אַנְדֶערְהַאלְבֶּען, עֶס אִיז שׁוֹין גִיוֶוען טֶעג וָואס זַייא
זַיינֶען נֶעבַּאךְ גֶעזֶעסִין אָן בְּרוֹיט, שְׁלֶעכְטֶער וִויא אַזַא שְׁטוּפֶּע הֶען שׁוֹין נִיט זַיין.
דַאכְט זִיךְ בַּייא אַזַא שְׁטוּפֶּע, הָאט שׁוֹין דִיא שְׁטְרַאפֶע פֶערְפָאלְגְט אִין גַאנְצִין.
נֵיין, עֶס אִיז נָאךְ דָא גֶענוּג אוּנֶערְטְרֶעגְלִיכֶע שְׁוִוירִיגְקַייטֶען. נִיט קַיין מֶענְשְׁלִיכֶע
לַיידֶען וָואס הָאבִּין נָאךְ צוּ זַייא נִישְׁט צוּגֶעטְרֶעטֶען, צוּ דִיא מַאנְגֶעל אוּנְד לַיידֶען
אִיז קַיין גְרֶענֶעץ נִישְׁטָא. דִיא בֶּעכֶער וָואס זַיינֶען מִיט טְרֶערִין גֶעפִילְט, הָאבִּין
נָאךְ נִיט אַרִיבֶּער גִיגָאסֶען אִיבֶּער דִיא בְּרֶעגֶעס, אוּנְד דִיא אוּנֶערְבַּארֶעמְנִים, דִיא
מוּטֶער אַלֶע שְׁמֶערְצִין אוּנ לַיידֶען הָאט שְׁטְרֶענְג אִירֶע טֶעכְטֶער בֶּעזוּכְט, אוֹיבּ זִיא
זַייעֶר בְּעדַייטוּנְג פָאלְקָאם עֶרְפִילֶען אוּנ הָאט גֶעפוּנֶען דָאס אוֹיף דֶער אַרֶעמֶער
פַאמִילְיֶע זַיינֶען נָאךְ נִיט אַלֶע פְּלָאגֶען פֶערְשְׁפְּרַייטֶעט, זִיא הָאט גֶעזֶעהְן דָאס צוּ
דִיא טְרוֹיֶערִיגֶע לַאגֶע פֶעלְט נָאךְ אננא זָאל קְרַאנְק וֶוערִין זָא, דָאס מִיט שְׁוֶוערֶע
מִיטֶעל זָאל מַאן זִיא קוֹים הֵיילֶען קֶענֶען, אַלֶע מִינוּט הָאבִּין זַייא אִיר עֶרְאִינֶערְט
דָאס אִיר פָאטֶער אוּנ מוּטֶער זַיינֶען גֶעשְׁטָארְבִּין, דָאס אִיר וָואלְטְהֶעטֶער זִיצְט אִין
פֶעסְטוּנְג, אוּנְהָאפֶענְדְלִיךְ דַאפָאן לוֹיז צוּ וֶוערְדִין דָאס זִיא מִיט אִיר וָואלְטֶעטֶערִין
לַיידֶען הוּנְגֶער אוּנ קֶעלְט. דָאס אַלֶע גוּטֶע פְרַיינְדֶע וַוייכֶען אוֹיס זַייעֶר הוֹיז, דָאס
זַייעֶר עֶהרֶע אִיז בֶּעפְלֶעקְט מִיט אַיין שְׁוַוארְצִין אוּנ אָבְּוַואשֶׁענְדֶען פְלֶעק, אוּנ
הוֹיפְּטְזֶעכְלִיךְ דָאס זִיא הֶערְט קַיין אֵיינְצִיגֶע זִילְבֶּע פוּן אִיהר טַהייֶערִין ירוחם'ן.
דִיא אַלֶע זָארְגִין הָאבִּין אִיר דִיא גֶעדַאנְגִין גֶערוּיבְּט, אוּנ אַזוֹי וִויא וֶוערִים אִיר
שְׁוַואכֶעס הֶערְץ גֶענְרִיזֶעט. דַאצוּ הָאט זִיא נָאךְ גֶעקְרָאגִין אַפְּלֶעצְלִיכֶע עֶרְקֶעלְטוּנְג
וָואס אִיז אִיבֶּער גִינַאנְגִין אִין אַ שְׁוֶוערֶע הִיץ קְרַאנְקַייט. אוּנ צוּ וֶועלְכִין מאלווינע
הָאט אִיהר אֲפִילוּ מִיט אַגְלָאז טֵייא נִיט גִיקֶענְט הֶעלְפִין. זִיא הָאט אִיהר אוֹיף
נָאטֶעס בַּארָאט גִיוָואלְט אָבְּגֶעבִּין אִין אַ קְרַאנְקִין הוֹיז צוּם אוּנְגְלִיק אָבֶּער הָאט זִיא
נִיט גִיהַאט פַאר אִיר פַאר אַמָאנַאט פָארְאוֹיס צוּ בֶּעצָאלִין. אוּנ הָאט אַלַיין גֶעמוּזְט
גֵיין אַרוּם דִיא קְרַאנְקֶע. אַלֶע שָׁעה הָאט זִיא זִיךְ מִיט אנגען דֶעם טוֹיט גֶעוואוּנְשִׁין
עֶר קוּמְט אָבֶּער נִישְׁט וֶוען מֶען בֶּעט אִים. וֶוען דֶעם מֶענְשִׁין גֵייט גוּט גֶעמְט עֶר
אִים גְרַאדֶע צוּ. בַּייא שְׁלֶעכְטֶעם לָאזְט עֶר אִים אָבֶּער דוֹיֶערִין. אִין אַזַא טָאג אִיז
מאלווינע גֶעזֶעסִין לֶעבִּין אננעס בֶּעט, אוּנ הָאט אִיהרֶע אוֹיגֶען אָהנֶע אוֹיפְהֶער

גילאזט

(פראצעסין)

גֶעלָאפְּט גִיסְען טְרֶערִין, שׁויעֶנְד אויף דִיא שֵׁיינֶע אנען, וָואס עֶס אִיז גֶעבַּא
פוּן אִיהר גֶעוָוארֶען, דֶער זֵיינֶער וַואר צְוֵוייא אוּנ דִיא בֵּיידֶע שְׁוַואכֶע אוּנְד
קְרַאנְקֶע פְּרוֹיעֶנְצִימֶער, הָאבֶּען נָאךְ קֵיין טְרָאפְּפֶען קַאלְטֶעס וַואסֶער אִין זֵייעֶר
מוֹיל גִיהַאט, זִיא וָואלְט שׁוֹין צוּפְרִידֶען גִיוֶועזֶען, וֶוען זֵייא בֵּיידֶע זָאלִין פוּן הוּנְגֶער
אוֹיס גֵיין, נָאר עֶס זָאל נִיט לַאנְג גֶעדוֹיעֶרִין, אַךְ וִויא אוּנְגְלִיקְלִיךְ בִּין אִיךְ, הָאט
זִיא צוּ זִיךְ אַלֵיין גֶעטַעֲנֶעת, בְּרֶעכֶענְדִיג דִיא הֶענְד, נָאךְ וֵויינִיג בִּין אִיךְ גִישְׁטְרָאפְט
פוּן גָאט אַז קֵיין אֵייגֶענֶע קִינְדֶער הָאבּ אִיךְ נִיט, וָואס דַארִין בֶּעשְׁטֵייט דֶער
גַאנְצֶער מֶענְטְשֶׁענְס לֶעבִּין, וָואס דֶער גַאנְצֶער שְׁטְרֶעבִּין אִיז נָאר וֶועגִין נַאכְ-
פָאלְגֶער, וָואס מַיין טַהייעֶרֶער פְרוּמֶער אוּנְד אֵיידֶעלֶער מַאן אִיז מִיר אִין דִיא
בֶּעסְטֶע יָאהרֶען, בַּיים בֶּעסְטִין לֶעבִּין גֶערוֹיבְּט גֶעוָוארֶען צוּ שַׁאנְדֶע אוּנ שְׁפָּאט,
אוּנ וֶוער וַוייסְט וָואס פִיר אֵיינֶע עֶנְדֶע אִים עֶרְוַוארְטֶעט אִין דֶער צוּא קוּנְפְט,
דַארְף נָאךְ גָאט פוּן מִיר צוּא נֶעמֶען מַיין לֶעצְטֶע טְרַייסְט, מַיין לִיבְטִיגֶע וֶועלְט,
אוֹיף וֶועלְכֶע מַיין גַאנְצֶע הָאפְנוּנְג אִיז גִיוֶועזֶען, פַאר וָואס קוּמְט דָאס מִיר,
אִיךְ זָאל אִיצְט דַארְפֶען זִיצִין פַארְשְׁמַאכְט לֶעבִּין אננען וָואס מַאטֶערְט זִיךְ, וָואס
שֶׁעפְּט מִיט אִיהר שָׁאפֶּענְדֶעס הֶערְץ דִיא לֶעצְטֶע טְרָאפֶּען פוּן דִיא זִיסֶע לוּפְט,
אוּנ וָואס גֵייט מִיט יֶעדֶער מִינוּט נֶעהֶענְטֶער צוּם טוֹיט, וָואס פָּארְט בַּאלְד
אִיבֶּער פוּן אַלִיכְטִיגֶער שְׁטוּבּ, אִין אַ פִינְסְטֶערֶער גְרוּבּ, נָאר וָואס רֵייד אִיךְ,
הַלְוַאי וָואלְט אִיךְ שׁוֹין גֶעהַאלְטִין בַּייא אַזַא שְׁטוּפֶע, אָי דִיר מַיין קִינְד אִיז שׁוֹין
בֶּעסֶער וִויא מִיר, דוּא וֶועסְט שׁוֹין בַּאלְד בֶּעפְרַייט וֶוערֶען פוּן דַיינֶע שְׁמֶערְצִין,
מִיר אָבֶּער לָאזְט דוּא אִיבֶּער נָאךְ גְרֶעסֶערֶע וֵוייטָאגִין וִויא דַיינֶע, מִיךְ לָאזְט
דוּא אִיבֶּער אוֹיף אַוֶועלְט וָואס אִיז מִיט מֶערְדֶערַייא גֶעפִילְט, וָואס מֶענְטְשֶׁען
פֶערְפָאלְגֶען אֵיינֶע דִיא אַנְדֶערֶע וִויא ווִילְדֶע חַיוֹת, אוּנְד פוּן וֶועלְכֶע דִיא
מִיטְלַייד הָאט אָבְּגִיטְרֶעטִין, אוּנְד דוּא גֵייסְט אִין אַוֶועלְט וָואס אִיז שָׁלוֹם וְשַׁלְוָה
וָואס שׂוֹנְאִים זַיינֶען זִיךְ גוּטֶע פְרַיינְד. וִויא דֶער שְׂרָרָה אִיז גְלַייךְ מִיט זַיין קְנֶעכְט,
דֶער גְבִיר מִיט דֶעם אָרֶעמַאן, וואו לֶעבִּין אַ לַאם לִיגְט גַאנְץ פְרַיינְדְלִיךְ אַלֵייבּ,
אַטִיגֶער לֶעבֶּען אַשֶׁעפְּסֶעלֶע אוּנ וואו נָאר רוּהֶע הֶערְשְׁט. הַלְוַאי וָואלְט אִיךְ
גִיקֶענְט מִיט דִיר זִיךְ אִיצְט בַּייטְען, וִויא גוּט וָואלְט מִיר גֶעוֶועזִין, קֵיין
גְרֶעסֶערֶען גְלִיק וָואלְט אִיךְ מִיר גָאר נִיט גֶעוואוּנְטְשֶׁען.

חאנינקע מַיינֶע טַהייעֶרֶע חנינקע, עֶפֶען הָאצְבֶּע נָאךְ אַיין מָאל דַיינֶע
כְּשֵׁרֶה אוּנ אַרְטִיגֶע אוֹיגֶעלַאךְ אוֹיף טָאמֶער וֶועסְטוּ מִיט דַיין לֶעצְטֶען בְּלִיק
מִיר דִיא נשמה אַרוֹיס נֶעמֶען, מִיר זָאלִין צוּא זַאמֶען קֶענֶען זַיין, מִיר זָאלְלֶען
דָארְטִין זִיךְ קֶענֶען דוּרְךְ רֵיידֶען אוּנְזֶערֶע הֶערְצֶער, חנינקע בַּאטְרַאכְט דַיין
מאלווינעס לַאגֶע וָואס הָאט דִיךְ גֶעוואוֹיגֶען אוּנ גֶעמָאסְטֶען אוּנְד וִויא אַיין
מוּטֶער עֶרְצוֹיגֶען" ....

מאלווינע הָאט שׁוֹין מֶעהר נִיט גִיקֶענְט רֵיידֶען, זִיא הָאט זִיךְ צוּא אִיהר
צוּ גֶעבּוֹיגֶען אוּנ אִיהר אַיין אוּנְבֶּעשְׁרַייבְּלִיכֶען מִיטְלַיידֶענְסְטֶען קוּס גֶעטָאן,
אוּנ אִיז בַּאלְד אִין אִיהר שְׁטוּל גֶעפַאלְלֶען, אִיהרֶע אוֹיגֶען זַיינֶען שׁוֹין

מיר געוואָרען ווייענדיג, פאַר וואָס קומט דאָס מיר גרויסער גאָטט, ביז איך דען אַזוי זינדיג אַז קיין שטראַהל פון דער ליכטיגער זאָננע זאָהל צוא מיר גיט אַריין שיינען, אַז איך אַליין זאָהל דאַרפען צוא זעהען וויא דיא בשערע אונ אונבעפלעקטע נשמלה גייט איהר אַרויס, דוא שטאַרבסט מיין קינד ריין וויא אַלאַם, שווער איז דיר אָבער געבאַך דעם טויט צו קריגען".

נוא! האָט זיא אַשטאַרקען געשרייא געטאָן, מן הסתם האָב איך עס פאַר דינט, מן הסתם דאַרף אַזוי זיין. —

אינדעם האָט זיך דיא טיהר געעפינט אונ אַנדערינגער שיינער איד איז אַריין געקאָממען, וועלכער האָט זיך באַלד צוריק אַהאַפּ געטאָן מיט דיא ווערטער, געמט נישט פאַר אום גוט איך האָב געמיינט דאָ וואָהנט דיא מאַדאַם פישעלעוויץ, יאָ חלעבין, איהר זייט דאָס מאלווינע? וואו איז חנה? ענטפערין וואר אוינגעגליקליך נישט אין איהר בעזיטץ, דאַהער האָט זיא נור אַוייז געטאָן אויפין בעט, וואו חנה איז געלעגען, אונ האָט געאַרבעט מיט אַללע גלידער וויא פאַרען טויט חלילה, אונ טרערען האָט שוין ביידען ניט געפעלט קוים וואָס מען האָט געהערט האָט דער איד געפרעגט: איהר דאַרפט אַוודאַי עטליכע רובעל, אונ איהר שעמט זיך צו מיר אַרויף צוא שיקען לייהען, שאַדע וואָס איך האָב ביז איצט ניט געוואוסט (דאָס איז געוועזען מאיר שווארצבערג אַגוטער פריינד פון פישעלעוויצען) ער האָט דער ביא אַרויס גענומען וויא פיל ער האָט ביא זיך געהאַט אונ האָט עס מאלווינען דער לאַנגט.

איך וועל אין אַפּאָר טעג אַרום נאָך שיקען, זאָרגט ניט מאלווינע, דער הימעל איז נאָך צוא דער ערד ניט געבויגען, אייער גליק קען נאָך ווידער אויף וואַכסען נאָך מעהר וויא געוועזען.

גלויבט מיר העהר שווארצבערג, אַז יעדער גמ"ח אייערער וועט ביא מיר זיין גירעכינט וויא אַנדבה, ווער וואָלט גלויבען אַז מיר האָבין נאָך היינט קיין גלאָז טייא ניט גיטרונקען, נאָר וואו קען מיר איצט גיין עסען אָדער טרינקען? אַקוק טאָענדיג אויף דעם בראָך „ווייענדיג אויף אנגען", נאָר וואַהרשיינליך איז גאָט געריכט, עס מוז אַזוי זיין, זיא האָט אים געוואָלט אין האַנד אַקוס טאָן, אונ איז צו גלייך אויף אַהילצערנעם ביינקעל אַרויף געפאַלען, ער האָט זיך אָבער ניט געלאָזען אַקוס טאָן אונ אויך אָב געהאַלטען זיא זאָל ניט פאַלען, ביז ער האָט איהר גאַנץ בערוהיגט וויא אַזוי קומט איהר אָבער איצט צו מיר. האָט זיא איהם געפרעגט, אַז אַללע שטעגין צו מיר זיינען פערוויסט.

„עס איז איצט איבעריג אייך צו דער ציילין: האָט ער ניענטפערט, איך האָב אייך געוואָלט בעטען צו מיין טאָכטער אויף חתונה, זיא גייט היינט צוא דער חופה מיט נתן קערן, מאלווינע האָט זיך אין גאַנצען אַטרייסעל געטאָן, „איהר מוזט קענען דעם חתן, אַמאָל פלעגט ער דאָך אַיין גיין צוא אייך, נאָר זאָלל

שוין זיין, אז גאט וועט שיקן דיא רפואה שלמה צוא אייער חנעלען וועלען מיר אי"ה בייא איר אויף חתונה טאנצען.

ווער ווייסט האט זיך מאלווינע אב גערופין אויב איך מיט חנעלען וועלען דאס דער לעבין, אונזערע מזלות זיינען גאר ניט אזעלכע, דיא בעסטע מחותנים זיינען פאר אונז דיא מלאכים פון דער שאול תחתיה אונ חנעלעס חופה איז וויא איך זעט דער.... זיא האט אין מיטען דערינען אויף גיהערט צוא ריידען, אירע ציין זיינען פאר שלאסין גיווארין, זיא האט פאר גלאצט דיא אויגען אונ אין חלשות געבליבין... שווארצבערג האט זיא קוים ערמינטערט, אונ אלס ער האט זיא פאלקאם מיט פערשידענע בייא שפילין בערוהיגט איז ער אוועק גע־גאנגען, מאלווינע האט דאן איבער געציילט פינף אונ פופציג רובל זיא האט זיך אליין אויך גישטארקט, דען ווייבער זאגין: "קעסענע פרייד פאר געסט אלע לייד" זיא האט באלד גיגעבין אירע איין ארימע שכנה זאל רופין איין דאקטער אונ ברייגגען עפעס צוא עסין, יענע האט באלד געבראכט איין ציינקעל טייא, מיט וועלכין זיא האט אירע פאר טריקענטע ליפין אונ נומען אב געפרישט, באלד ז׳יז דער דאקטאר גיקומען, אונ האט איר ערקלערט דאס אננעם קריינקהייט איז ניט גיפערליך, נאר מען זאל זיא פון פערקילונג היטען, דען זאנסט קען עס אין איין טיפוס איבער גיין, פאר שטייט זיך דאס מאלווינע האט דיא ערצטליכע ארדערע געהיט.

זיא האט זייער עקאנאמיש פאר גענומען צוא לעבין אונ צו אפפערין אירע גאנצע מיהע ווענין אננען, איר האט איצט געשיינט דאס עס איז איר צוא גע-קומען פינף אונ פופציג יאר לעבין אונ דאס זיא וועט נאך גוטעס ערווארטין, דיא קלענסטע הילפע בייא דער גרעסטער נאטה, שאפט שוין ווידער דיא פארלארינע האפענונגען, די אונערטרעגליכסטע צרות ווערין אויף איין קורצע צייט פאר געסין אונ אין איין פערטיל שטונדע ווערין בייא די ליידענדע אוים גיבויט דיא שענסטע העלפאנד ביינענע שלעסער אין דער לופט, די פאנטאזיע האט בייא דיא קלענ-סטע שטיצע דיא גרעסטע קראפט, ווען דער שטיצענדע וואלט ויסען וויא ווייט זיינע שטיצע האט גענרייכט, אונ וואסער איין טובה ער האט גיטאן דעם נויט בעדערפטיגין, וואלט קיין מענטש אויף דער וועלט זיך דער פון ניט ענטזאגט, אונ יעדערער וואלט גאר געשטרעבט דעם צווייטין צו העלפין, עס טרעפט אז אסך מיטליידענדסטע וואס זיינען איצט גיוועז געריים דורך צוא פאלען דורך דיא אונערבארעמדיגע וועלטליכע בריקע וואס איז פאר זייער פיל פון שפינען גיוועבע, שטייען באלד נאך די קלענכסטע הילפע אויף איינע פעסטע פון אייזען געבויט, די האפענונג רייסט זיך צו דעם זעלבין דורך טיר אונ טויער, קורץ דער אונגליק-ליכע אויפער מיט אירע שלינגענדע וועלין פערשווינדעט, אונ מען בלייבט שטיין אויף איין אינזעל דעם גליקעס, מאלווינע נאך דעם זיא האט דיא שטיצע בעקומען אונ די פערזיכערונג פון ארצט, איז זיא בעדייטענד רוהיגער גיווארין זיא האט שוין אן גיהויבין פרייער צוא אטהמען, אונ דיא שטיקענדע אטמאס-פערא פון

דעם צימער האט איר שוין ליכטער אויס גיזעהען, זיא האט שוין דער ווייל דעם מאנס צרות פאר געסין אונ וואר נור פערטיפט אין דיא האפענונג אויף בעסערע צייטען.

דער לעזער וויל אודאי וויסען וויא אזוי קערן האט חתונה געהאט מיט שווארצבערגס טאכטער דיא געשיכטע איז גאנץ איינפאך.

רייזל נאכדעם זיא האט זיינע אלע סעקרעטין ערפאהרען, האט אויף אים איין שרעקליכען האס גיוואָרפין, דאס גאר אהנע קריג אונ אהנע ערוויידערונג, האט ער זייער הויז גימוזט ענטלאסען, ערסט דאן האט ער פאר שטאנען וויא נארעש ער איז גיוועזען, דער צו האט ער נאך מורא גיהאט דאס מארינעוויץ זאל אים ניט ארויס געבין, אונ דאביייא איז שוין אב געלאפין איאר אנדערהאלבין, וואס ער האט גיוואוסט דאס ער וועט עס מוזין ענדעקען, אים פאל ער וועט אים ניט באצאלין לויט זייער בעשטימונג, דער צוא האבין אים נאך זיינע אייגענע געוויסען גיפלאגט, אונ זיין געשטיסען מיט צוויא בייצין האט ער ניט גיוואלט איז ער געצוואונגען גיוועזען זיך צוא לאזען ריידין שדוכים, אין דער שטאט האט געוואוינט איין געוויסער מאיר שווארצבערג, וואס האט גיהאט זייער איין מיאוסע אונ נארעשע טאכטער בת-שבע, דער צוא וואר זיא נאך מיט ארייין געשטעלטע אויג, מיט איינעם וואָרטע זיא איז גיוועזען וויא איין גבירס אטאכטער דארף זיין, וואס ניט זיך איין מיט כל המעלות, אבוואהל שווארצבערג האט איר גיגעבין איין פאר טויזענד רובל נדן מיט איין שיינע אויס שטייער, דאך האט איהר קיינער ניט גיוואלט, האצבע זיא האט אויף דער מצבה ניט שלעכט אויס גיזעהן, דען יעדערער האט געוואוסט דאס איר שטוקאטורקע אויפין פנים קען אנדערש ניט גימאכט ווערין וויא דורך אריסטאקראניע אונ ווען זיא זאל עס נאך לאנג געבראכין, וועט אין איירָאפּא קיין בלייוויים אונ קיין קארמין נישט בלייבען, אויסער דעם האט זיא נאך גיהאט איין פעלער, וואס פאסט מעהר פאר קליינע קינדער וויא פאר אזא איין שוין איבער געוואקסענע מויד.

קערין וויא ער האט קיין אנדער ברירה געהאט האט זיך געלאזט צוא דיא מויד צו שדכענען אונ האט דעם שדוך ב״ה אויס געפירט, ער האט דער ביא געהאט איין אנדער מיין, ער זאל באלד נאך דער התונה איר מיט גיוואלד ארייין וואָרפין דיא צוועלף שורות, דער ווייל אז מען טרינקט זיך האפט מען זיך אן איין בריטווע.

# 8.

ביים מערדער האט דער אסטראג קיין נאמען,
אמארק איז ער פארען שווינדלער אונ דיעב,
אוואהרע טעאטער פאר דעם אמתן פרומען,
אנגעבעטס-הויז, ווער אים נעמט אן פאר ליעב,

וויא (פראצענטניק)

וויא דעם אונשולדיגען פישעלוויצען איז נעבאך גיוועזען אין אסטראג, דארף מען ניט ערצייהלען , דיא ערשטע צייט האט ער פאר לעבט נור אין וויינען אונ זארגען, אין אנהייב האט ער נאר געקלערט מאין יבוא עזרי , שפעטער אבער הט ער שוין גאר אויף קיין הילף ניט גערעכנט , ער איז אונטער דער צייט שרעקליך ווילד באוואקסען גיווארין , אונ זיין ערדעלעס געזיכט האט ארויס געשיינט פון אונטער זיינע האארע , וויא דיא זאנגע דורך אגעדיכטען וואלד , ער הט שוין קיין זאך ניט פאר לאנגט , נור צוא זעהן דיא ביטערע לאגע פון זיין ארמער פרוי אונ דיא עלענדע אנגען , זיין איינציגער וואונטש איז געוועזען , ווי אלע אונשולדיגע געפאנגענע דיא פרומע מאלווינען אום צו ארמען אונ אין איהרע אומ-ארמונג צו שטערבען , קיין גליק האט ער שוין אין זינען ניט גיהאט, אונ האט דאהער וועגען דעם אויפגיהערט צו בעטען , ער איז שוין אזו געוואהנט געווארען צו דעם שטרויא-זאק , אז אים איז פארגעקומען אפט מאל פאר זייער נארעש , ווי מענטשען שלאפען אויף בעטציג , וואסער אנארעשע געוואהנהייט דס איז , פלעגט ער שטענדיג טראכטין ביי זיך, זייא וואלטען זיך בעסער צו גיוואהנען אויף הוילען צו שלאפין, וואלטין זיי אסך געזינטער גיוועזען אונ וואלטען אויסמיידין דעם איבעריגען לוקסוס , אים האט שוין דארטין קיין זאך ניט גיפעלט נור דיא פרייהייט , אונ ווען מען וואלט עס אים גיגעבין . וואלט ער זיכער דעם אבענדס אין דיזען צימער צו ריק גיקומען, וואס טויג מיר די נארעשע וועלט,פלעגט ער צו זיך אליין זאגין,דא איז מיר גוט , דא דארף איך ניט קיין שיינע קליידער , איך דארף ניט קיין מוזיק, קיין פירשטליכע געריכטען , דען קיינער קוקט מיר ניש אין טעלער , קיין שונאים האב איך דא ניט , קיינער איז מיך דא ניט מקנא , אונ וואס פעלט מיר דא, ווען איך זאל דא נאך האבען מיין מאלווינען מיט אננען,וואלט איך מיין ביסעל יאהר אבגעלעבט דא בעסער וויא דיא גבירים אין זייערע זאלען, וויא דיא סולטאנעס אין זייערע הארעמען , דען זייער לעבען איז פארמישט מיט אלערלייא נידערטרעכטיגקייטען, ווערענד איך קען דא פרום זיין אונ קיין איינציגע זינד פאר דינען , ניין , ווען מען זאל מיך אפילו ארויס לאזען , וועל איך אויך ניט גיין , אט דא איז מיר גאנץ גוט .... אין אטאג , וואס פישעלעוויץ איז גיזעסין דא אין זיין אונבעניידליכען פאלאץ , מעהר פרייליך וויא געוועהנליך , זיין הערץ האט אים געשיינט פיל געזונטער אלס דיא גאנצע צייט , ער האט פון דיא גאנצע צייט קיין איינציגען טאג געפונען , וואס זאל קענען זיין אהבר צוא דיעזען , דאס איז גיוועזען דער טאג וואס קערנס חתונה איז געוועזען,ער הט גיזעהן דורך דעם גאנץ שמאלען אונ קליינעם פענסטערל , ווי אויף דער צווייטער גאס, קאכט אונ רוישט ניט ווי געוועינליך , אין אפאר שעה ארום האט ער שוין גיזעהן ווי מען פירט יעמאנד צו דער חופה מיט מוזיק, אך וויא נארעש זיינען דיא מענטשין , האט ער ביי זיך געטראכט , וואס פאר שווענדען געלט אויף אזעלכע דומהייטען, זייא וואלטין בעסער דיא אומקאסטען געברויכין אויף ארעמע צוא העלפין אונ חתונה האבין אן מוזיק , ביי אגיצייליטין מנין מענטשין , גיט אנקארמענען בייכע

הונדערטע

(פראצענטניק)

הונדערטע זאטע, זייא וואלטען שויען אויף דיא צוקונפט מיט אריכטיגען רעכנונג. וואלטין זייא עס זיכער ניט גיטאן, זאלין צו מיר איצט קומען יענע, וואס זיצין אין די פאלייען, וואס זייערע גידאנקין שטרעבען נור צו רויב אונד שווינדיל, וואס טראכטין נור, וויא קריגט מען יענעמס פרויא אונד גוט, זאלין צוא מיר אהער צוא אריין קומען דיא גבירים, וואס אין זייערע שטראמיגע אדערן פליסען נור פרעמדע מענשען-בלוט, וואס באטראכטין דעם ארעמאן אלס איינע ווילדע בעשעפעניש, אונ איבעריג אויף דער וועלט, ווען דא זאלין צו מיר דיא פרומע קומען, וואס ריידען אונ האנדלין נור מיט גאט אונ זיינע געזאנדעטע אונ אין זייערע הערצער זיצען רויבער אונ דיעבען, איך וואלט זייא זאגין, דאס וועהרענד זייא דינען דעם אלערהעכסטען, ווערענד זייא שטייען אין טעמפעל אונ בעטען, צילען זייערע געדאנקען: נאר מענטשען צו שלאכטען, אונ ווערענד זייערע אייגענע ליפען ווידער-האללען גאטס ווארטין ווייזהייט צו לערנען, פערפאלגין זייא דיא וויסענשאפט, אויך דאן פעריאגען זייא דיא ערבארמנים, אונ נעמען צו פאר דעם נעהנסטען קרוב דיא טיראנערייא, איך וואלט זייא אלעמען געוויזען וויא דיא מענטשהייט שפילט בייא זייא קיין ראלע נישט, ווי זייא בעררייסען אלמנות, וויא זייא ווארפען ארויס פון וואהנונגען ארעמע אונ עלענדע פאמיליען, אונ שטרעבען נור ווענען זייער אייגענעם „איך", איך וואלט זיי איצט קענען ווייזען די שענסטע פערשפעקטיווע אויף דיא בילדער זייערע צוקונפט, אונ דאס מיר איז בעסער וויא זייא, וואס העלפט דאס אבער, קיינער וועט צו מיר נישט קומען, קיינער וועט מיין ראטה נישט פרעגין, אונ מיינע ווארטען בלייבען נאר איינע יאמערענדע שטימע אין דער וויסטענייא, ער האט נאר גיטראכט וויא מען קוילעט אב אונ מען באגראבט צוויי יונגע נשמהלאך, אבוואהל ער האט גיט געוואוסט וועסען האבצייט דא שטאטפינדעט, דאך האט יעדער גייגען-טאן האט אים ווילד אין זיינע אויערין גיקלונגען, יעדער פויק האט אים וויא אקאנאנען-שוס אנאנדערע וואונד אים הערצען געמאכט, דעם גאנצען טאג אונ דיא נאכט האט ער פאר בראכט אין אזעלכע געדאנקין, ווערענד רייזל, וועלכע וואר אונטער דיא געלאדענע, האט גיארבעט פיר זיינען וואהל. —

דעם אבענדס, אלס אלע זיינען גיזעסין אים זאלען דר האכצייטספעסט ארום לאנגע טישען אום צוא גיניסען דען געוויינליכע: אבענד-מאל-צייט נאך דיא ערמידעטע טענץ, האט שווארצבערג דער צײלט דיא טרויעריגע לאגע פון דער ארעמער פאמיליע פישעלעוויץ, וואס אלע האבען אויס גיהערט מיט אפענען אויערין אונ פיל זיפצין, אויסער קערן, וועלכער האט דיא גאנצע צייט דיא אויגען נישט אויפגעהייבען אויס איינענע געוויסענס-ביססע, אים האט גישיינט דאס יעדערער ווייזט אויף איהם מיט דיא פינגער אונ דאס יעדערער פרעגט, קערן, דוא ביסט דארין שולדיג, דו ביסט דער פעראורזאכער פון זייער אונגליק, ער האט גאנץ לייכט מאכדעם ערציילען אקוק גיטאן אויף רייזלען, וועלכע האט פון אים דיא אויגען נישט אראפ גילאזין, אונ איז אין דעם ראסקאז שטארק אינטערעסירט גיווארין, זיא

האט זיך קוים אויף איר ארט געהאלטין, איר הערץ איז שרעקליך פר שטיינערט געווארין, זיא האט ארויס גענומען אטיכעל אונ האט איר פנים פארדעקט, קיינער זאל ניט בעמערקין אירע טרערין אונ אלס שווארצבערג האט די לעצטע ווארטין געמאלין מיט דיא ריכטיגסטע דונקעלע פארבין, ער האט זייער ביטערע לאנגע ארויס גיגעבין מיט ליכט אונ שאטין, דאס יעדען האט גישיינט אז די טרויעריגע סצענע שטייט זייא פאר דיא אויגען, אונ מעהרערע זיינע בעשעפטיגט מיטען וויינען, האט שוין רייזל מער קיין קרעפטין ניט גיהאט ביים טיש צו זיצען, דיא שטארקע אנגעצויגענע סטרונע פון איר גערולד האט שוין גיפלאצט, זיא האט איר וויא זא וויא קערנן מער ניט גיקענט אנשויען, אונ האט געמוזט איר פלאץ פאר לאזין, „נייין" האט זיא ביא זיך גיטראכט ארום געהענדיג איבערין זאל, „דיא געשיכטע מוז שוין יעצט איין ענדע נעמין, גענוג שוין דיא ארמע פאמיליע זיך צו קוועלין, מארגין מוז אלעס ארויס וויא בוימעל אויף וואסער, איך האב איצט בערעכינט דאס מיין פאטער קען דער ביא נאך ניט דאס מינדעסטע ליידין; אונ שאדע וואס איך האב עס ביז איצט נישט גיטאן עס איז מיר אונפערציילליך, איך בין איינע מערדערין, איך פאר דין דער פאר דיא גרעסטע שטראפע אז ווייל עס נערין אננעמין, אין מיין געוואלט איז גילעגין דיא ארעמע פאמיליע צו רעטין. אונ ווען איך האב זייא גילאזין קומען צו אזא קלאגליכע לאגע, זא פערדין איך דיא גרעסטע ליידען, נאר מן הסתם האט גידארפט אזוי זיין, „מיר קומען דאך שטענדיג צום שכל נאך דער צייט", זיא האט שוין ניט אויס גיהאלטין דעם גאנצין אבענד אונטער די גיזעלשאפט, איז באלד אהיים ניפארין אונ האט דיא גאנצע נאכט פאר בראכט אין דענקען, זיא האט קיין אויג נישט צו גימאכט; זיא איז גאנץ פריה אויפגעשטאנען, האט אנגעצויגען איינע פון דיא שענסטע קליידער, זיא האט זיך פאר פוצט מיט איר שמוק אונ איז גאנץ דרייסט צום יענעראל נובערנאטאר אוועק, דער שווייצער האט וועגען איר דאלאזעט, דאס זיא האט נייטיג מיט אים וואס וויכטיגעס פערזאנליך צו ריידען, ער האט איר געהייסען אריין גיין. —

ענטשולדיגען זיא געעהרטער העהר, וואס איך דיא פרייהייט אונ דרייסטנאס מיט מיינען ווארטין אירער דורך לוכט, פאן אירע בעשעפטיגונג אב צו רייסען, האט זיא אנגעהייבין, מיין קאמען איז וועגין דער אינטערעסע איינער ליידענדען פאמיליע וועלכע שאן איבער אנדערהאלבין יאר אונטער דען גרעסטין נאטה אונטער ווארפין, דער הויפט דיזער פאמיליע, איינער דער גרעסטען קויפ־לייטען פישעלעוויץ, וואס האט קיינען גלייבין צו זיינעם ארדענטליכען האנדעל איזט שאהן דיא צייט ארעסטירט גאנץ אונשולדיג, איין צייכען דער ווארהייט מיינע ווארטין קען אירעם דורכלויכט דיזע צוייא בריפע אלס פאקט דינען, זיא האט אים דיא צווייא בריפע דער לאננט, וועלכע ער האט מיט דער גרעסטער נייגירדע געלעזין, נאך דעם האט זיא ווידער גיזאגט, איך ביטע זיא געפעליגסט דיזע ארמען אונשולדיגען מענטשען צו בעפרייען, איך צווייפלע

ניכט, דאס זיא אונשולדיגע מענטשין ניכט פלאגין לאסין ווערדען, מיט וועסען ליידען אויך דיא אונשולדיגע פאמיליע ליידעט. —

דער נאמען פישעלעוויץ וועלכער אים איז זייער בעקאנט געוועזען, איז אים גוט אין הערצין אריין, ער האט אים שוין אליין געוואלט ארויס לאזין, ער האט גאנץ גוט פערשטאנין דאס ער איז דארין ניט שולדיג, נור ער האט קיין פאקט געהאט אים צו בעפרייען, ער האט געזוכט דעם קלענסטין צופאל, וואס זאל ארויס ווייזען זיין אונשולדיגקייט, יעצט אבער וויא ער האט דיא צווייא בריף דורך געלעזין, אונ האט געוואוסט, דאס אגעוויסער קערן אויף אים דאנאסירט האט. זא האט ער שוין ווייטער רייזלן נישט גילאזט ריידען אונ צו איר גיזאגט: איך דאנקע ליבסטע פריילין, זייען זיא גאנץ רוהיג, דאס הייטע ווירד דער פישעלעוויץ בעפרייט. —

רייזל האט זיך פאר נייגט, אונ איז מיט אפאל פריידענס-הערץ אהיים געגאנגען. —

דער פירשט האט באלד אבריף אין דער פאליציא אריין געשריבען, דאס מען זאל פישעלעוויצען זא באלד בעפרייען, אונ לויט דיא צווייא בריפע דיא זאכע שטרייננסטע אונטערזוכען.

אויף מארגין נאכדעם פישעלעוויץ האט זיין פריהעריגען געשפרעך געהאלטין אונ איז זיך אין זיין צימער ארום געגאנגין הין אונ הער, וויא אין אלוסט גארטין דער טאג האט אויף אים קיין אנדערין איינדרוק געמאכט, וויא אלע איבעריגע ער האט נאר געטראכט וויא גליקליך ער וואלט געוועזען ער זאל זיין ליבע פרויא אונ אנגען זעהן, האט ער געהערט וויא מען שליסט אב דיא טיר פון זיין צימערל, אין דער צייט האט ער געוואוסט דארף מען דיא טיר ניט אבשליסען, דאהער איז ער שטיין געבליבען, אום צו זעהן ווער דא קען גיין צו אים, וויא פאר וואונדערט איז ער אבער געבליבען אלס ער האט געזעהן דעם סמאטריטעל אריין גיין, וועלכער האט אים געמעלדעט דאס ער איז פרייא. ער האט אויס איבעראשונג זיינע ווערטער קוים פערשטאנען אונ צו לעצט געזאגט: „איך דארף ניט, דא איז מיר גוט", אונ אלס יענער האט געזען דאס ער איז שרעקליך איבערראשט געווארין, האט ער אים גאנץ רוהיג געזאגט: הערר פישעלעוויץ בערוהיגען זייא זיך, זיא זינד פרייא, געהען זיא צו הויזע, זיא זיינען שוין ווידער מענטשענגלייך, אירע אונשולדיגקייט איז ארויס, ערסט דאן האט ער פערשטאנען זיינע ווארטין, ער האט שרעקליך אנגעהייבען צו ווייגען, אונ מיט פאלגענדע ווערטער געזאגט: מיינע אונשולדיגקייט איז ארויס? אה גרויסער גאט! וויא וואונדערבאר זיינען דיינע טהאטין, ווער ווייס וויא גרויס איז דיין גינאד, דוא שטראפסט יעדען מענשען וויא ער פארדינט, קיינעם בלייבסטו ניט שולדיג, דוא ווארטסט לאנג אונ באצאלסט יעדען זיין שולד, דוא פאר שפרייטסט דיין נעץ פיר דיא שולדיגע, וועלכע פאלין דארין נאר אונגעריכט אריין, דוא שיקסט דיינע געפטיגע שלאנגען פיר דיינע פערברעכער אונ גרייטסט אן דיא רפואה פאר דער מכה פאר דיא אונשולדיגע, איך

יעה, אז אין גרעסטען נאטה דארף מען נאר דיך בעטין, אונטער דיא מעריאדען מענטשען פארגעסט דוא קיין איינציגען צו בעלאהנען, לויט זיין פערדינסט, אונ העלפסט דען גרעסטין הילפסלאזען, ער האט דער ביא שטארק גיוויינט, האט זיך מיט אלעם גיזעגינט, ער האט זא גאר גיקוקט דעם שטרויזאק אונ זיין גאנצין געלעגער זא, דאס דעם סמאטריטל זיינען טרערין אין דיא אויגען גישטאנען, די סצענע וואר ריהרענד, ער האט זיינע אייגענע ווירטשאפט צו גינומען אונ איז גיט אזו גינאנגען צהיים וויא גילאפין, ער האט שוין פאר געסען דעם נעהענטסען גאנג, אונ איז דאהער דורך איינגע ווייטערע גאסען גילאפין, ער איז צו זיין הויז צו גיקומען, האט ער אויפגעהויבין זיינע הענד צום הימעל, אונ האט אינערליך גאט גערדאנקט, ער האט באלד זיין טיר גיעפינט אונ איז וויא אמארמארזיילע שטיין גיבליבין, מאלווינע איז דאן גיזעסין לעבין דער קראנקער אננען אונ האט יא גימרונקען, אננא איז גילעגין אויפין בעט, געלב וויא אוואקס, דיא דיכטע האארע זיינען בעדייטענד שיטערער גיוועזען אונ אין גאנצין האט זיא מער יים גיזעהען גישטארבען וויא לעבעדיג.

אהרן! האט מאלווינע איין יעמערליכען אונ פריידענם גישריא גיטאן, אונ ידע ארויף פאלענדיג איינע די אנדערע אויף דיא העלדזער, האבין קיין ווארט גר ניט גיקענט ריידין . . . . ער האט באלד אהנע אויפהער געקוקט אננען, עלכע האט קוים זיינע קוסען געפילט, אבוואהל זיא איז נאך דעם דאקטארס עצעפט אביסעל בעסער גיווארען, געגוג זיינען טרערין פארגאסין גיווארין, גינוג יהרענד זיפצען זיינען פון זייערע הערצער ארוים, אונ געגוג האבען זייא גאטט עדאנקט, פיר דיזען פלעצליכען בעפרייהען, די אורזאכע פון וועלכין זייא האבין זייגער ניט געוואוסט, פישעלעוויץ האט זיך באלד גינומען אננען ענערגישער נוא היילען, אונ וויא זיין צו פרידענהייט האט פון אים קיין מאל גישט אבגעט-עטין, אזו אויך איצט איז ער פאלקאם צו פרידין גיוועזען, ער האט זיך גליקליך געשעצט צוזאמען צו זיין מיט מאלווינען אונ אננען אין איין איינציגין צימער, איצט איז זיין וואונטש ערפילט געווארען. —

# 9.

דיא געוויסען פלאגען דען פערברעכער אימער.
ער פירכטעט זאגאר פיר זיין אייגענען שאטען:
ביז גאטעס שטראפע טרייבט אים פאן צימער.
צו א שרעקליכען טויט, פיר זיינע שלעכטע טהאטען:

אים מאנאטה אגוסט ארום פיר דעם זייגער אין דער פריה, דיא זון האט קוים אנגעהייבען צו שיינען, דיא לופט ואר אוננאטירליך שיין, ניכטס וואלט געשטערט דיא שטילע, ווען דיא נאכט-וועכטער וואלטין ניט אפט געקלאפט מיט זייערע וועכטער-אינסטרומענטען, אנדערס וואו זיינען שוין געשטאנען



דיא

דיא סטראזען אונ האבין מיט דיא לאנגע בעזימער גיקערט דיא גאסען, פון וועלכע עס האבין זיך אויפגעהייבען גאנצע זיילען שטויב, זעלטען וואו מען האט גיזעהען פארענד מיט א נערויש א דראשקע, אלעס איז נאך געלעגען אין מארפעאום אומארמונג, אלעס האט גערוהט, דיא שטילהייט פון דעם פריה-מארגען וואר אונבעשרייבליך, מיט איין מאל האט זיך דיא רוהע פערוואנדעלט אין איין אלגעמיינען ווירוואר, דיא שלאפענדע זייגען האלב נאקעט ארויס געלאפען מיט דיא גרעסטע שרעקען אונ אין איין פירטיל שטונדע האט שוין דער צענטער דער שטאט אויס גיזעהען וויא אקאכענדער קעסיל, מען איז גע-לאפען פון אלע זייטען צוא איין געוויסען פונקט, יעדערער האט גיפרעפילט, איינער האט אלין גיפרענט דעם אנדערין, וואו איז דאס, אונ דאס רוב האבען געשריען „עס ברענט" ווירקליך אן דער עקקע פון דער גרויסער גאס, האט געברענט א דרייא עטאזיגעס הויז, דער רויך איז געגאנגען ביז צום הימעל, אונ דער העלישער פלאם האט גיזעצט דורך דעם דאך אונד פענסטער מיט איין שרעקליכען קראכען, אין דרויסען איז געלעגען אין דער גרעסטער אונארדענונג פערשידענע ווירטשאפט אונ זאבין, הונדערטער מענטשען זיינען געשטאנען מיט אויגען פאל בעדויערניס אונ מיטלייד, דיא פייער קאמאנדע האבין געארבעט איבער אלע מאסען, זייא זיינען גישטאנען אין רעכטען פלאם אונ האבען פערניכטעט אונ צוריסען דיא פעסטעסטע אנהאקונג, דאס האט געברענט פישעלעוויצעס הויז ער איז ארום געגאנגען וויא איין ווארער וואנזיניגער, די הענט פערלייגט אונ האט מיט איינע הערצענרייסענדע שטימע געשריען „רעטעט אננען מאלווינע" איז ארום געלאפין פארבייא איר טיר אונ האט יאמערליך גיוויינט: „אידען, האט רחמנות, דאס קינד ווערט פארברענט, ראטעוועט איהר, ראטעוועט איין עלענדע אונשולדיגע יתומעלע, אן אפאטער אונ אן אמוטער, געוואלד, ראטעוועט איהר, איהר זייט דאך רחמנים בני רחמנים, העלפט מיר זיא ארויס טראגין פון דעם העלישען פייער האט זיא געשריען מיט ווילדע קולות, אז אפילו די שטיינער פון גאס, דיא ווענט פון דיא ארומיגע הייזער האבין איר גידארפט העלפען מיט וויינען. —

דער בראנד וואס האט אנגעהויבען פון צווייטין עטאז, האט זיך שוין אראפ געלאזין נידעריגער, עס האט שוין באלד גיגרייכט צוא דעם צימער וואס אננע איז גילעגין, מאלווינע אונ איהר מאן זיינען ארומגעלאפען הין אונ הער, זייא זיינען צו געלאפין צום פלאם, זייא האבען אבער באלד צוריק אפ געטרעטען, זייא האבען געבראכען דיא הענט, אונ האבען זיך געריסען דיא האר פון קאפ הונדערט זייטיגע מענטשען האבען זייא געהאלפען מיט וויינען, דיא סצענע האט שוין געהאלטען צור ענדע אונ אט אט האט זיך יעדערער גערעכט דאס פון אננען זאל ווערין איין הויפען אש, מיט איין מאל האבען ערשיינט צווייא סאלדאטען פון דיא פייער קאמאנדע דורך דעם גרויסען טויער וועלכע האבען איין בעט געטראגען, אויף וועלכע אננע איז געלעגען גאנץ

אוּנְבֶּעוֶועגְלִיךְ אוּנ הַאלְבּ טוֹיט פוּן שְׁרֶעק, אָבֶּער דָאךְ אוּנְגֶעשַׁאדֶעט, מֶען הָאט דִיא בֶּעט אוֹיף דֶער נַאס גֶעשְׁטֶעלְט אוּנ יֶעדֶערֶער הָאט מִיט דִי גְרֶעסְטֶע שְׁמֶערְצֶען בֶּעוואוּנְדֶערְט, וָואס פוּן דִיא אוּנְפֶערְגְלַייכְלִיכֶע אננען אִיז גֶעוָוארֶען, פִּישעלעוויצעס גוּטֶע פְּרַיינְד הָאבֶּען דֶען גְרֶעסְטֶען אַנְטְהֵייל גֶענוּמֶען אִין זַיין יֶעצְטִיגֶען עֶלֶענְד, זַייא הָאבֶּען אִים גֶעטְרֵייסְט, זַייא הָאבֶּען אִים דֶער בַּייא פֶערְשְׁפְּרָאכֶען בֶּעהִילְפִיג צוּא זַיין, אוּנ אַנְדֶערֶע הָאבֶּען אִים שׁוֹין דָאס לֶעצְטֶע פַּאקְטִישׁ גֶעוִויזֶען, דֶען יֶעדֶערֶער הָאט גֶעוואוּסְט, דָאס זַיין הוֹיז אִיז פַאר זִיכֶערְט אִין אַגְרוֹיסֶע סוּמְמַא, זָאנַאר זַיינֶע גְרֶעסְטֶע שׁוֹנְאִים, זַיינֶען אִים פְּרַיינְד גֶעוָוארִין, זַייא זַיינֶען אַלַיין אִין גְרֶעסְטֶען גֶעפַאהר גֶעגַאנְגֶען אוּנ הָאבֶּען גֶעהָאלְפִין רֶעטֶען, אוּנ הָאבֶּען עֶס אַוֶועק גֶעפִירְט אִין אַגֶעוִויסִין אָרְט, עֶס זָאל נִיכְט פוּן אוּמְבֶּעקַאנְטֶע פַאר שְׁלֶעפְּט וֶוערְדֶען, דֶער וַוייל אִיז גֶעקוּמֶען דֶער אַגֶענְט פוּן דִיא פֶּעטֶערְסְבּוּרְגֶער פֶערְזִיכֶערוּנְגְס-גֶעזֶעלְשַׁאפְט אוּנ הָאט אַיין אַקְט גֶעמַאכְט, דֶערְבַּייא הָאט עֶר גֶעבֶּעטֶען, וֶוער פוּן דִיא עֶרְשְׁטֶע הָאבֶּען דֶעם פְלַאם דֶער זֶעהֶען, זָאלֶין זִיךְ אַלְס צַייגֶער אוּנְטֶערְשְׁרַייבֶּען, עֶס זַיינֶען בַּאלְד צְווייא צוּא-גֶעגַאנְגֶען, דֶער עֶרְשְׁטֶער הָאט זִיךְ אוּנְטֶערְשְׁרִיבֶּען „פייוועל שווינדעלמאן" אוּנ דֶער צְווייטֶער — „מיכל פוקס" — .

גֶעגֶען אָוֶוינְד וַואר שׁוֹין דֶער צָארִין-פוּן פְלַאם אַבִּיסֶעל גֶעלָאשִׁין, דָאס הַייסְט מֶען הָאט נוּר אַרוּיךְ גִיזֶעהֶען, דֶעם טְהֵייל ווירְטְשַׁאפְט, וָואס אִיז אוֹיפֶען נַאס גִילֶעגֶען, הָאט מֶען אוֹיפְגֶעבְרַאכְט, פִּישעלעוויץ מִיט מאלווינען זַיינֶען אוֹיס רַחֲמָנוּת אַרַיין גֶענוּמֶען גֶעוָוארִין בַּייא אַיין שָׁכֵן אִין אַצִימֶער, וואו מֶען הָאט אוֹיךְ אננעס בֶּעט אַרַיין גֶעטְרָאגֶען פוּן וֶועלְכֶע בֵּיידֶע הָאבֶּען נִיט אָפְּגֶעטְרֶעטֶען זַייא זַיינֶען נוּר גֶעזֶעסֶען דֶעם קָאפּ אַרָאפְּגֶעלָאזֶען אוּנ הָאבֶּען קַיין וָוארְט נִיט גֶערֶעט, אוּנ וֶוען אננעס קְרַאנְקְהַייט זָאל זַייא פוּן מוֹטְה נִיט אַרָאפְּשְׁלָאגֶען, וָואלְטֶען זַייא זִיךְ גָאר נִיט גֶעקִימֶערְט, זַייא הָאבֶּען גַאנְץ גוּט גֶעוואוּסְט דָאס זַייא קֶענֶען דֶער בַּייא קַיין הֵיזֶק נִיט הָאבֶּען, זַייא אִיז אָבֶּער פָארְגֶעקוּמֶען, דאס אננא וֶועט דֶער פוּן נִישְׁט גוּט אָפְּשְׁנַיידֶען. —

אִין אַפָּאר טֶעג אַרוּם הָאט מֶען זַייא גֶעשִׁיקְט רוּפֶען צוּם סְלֶעדַאוַואטֶעל אוּנ מֶען הָאט דֶעם אַקְט פֶערְפָאלְקָאמְט מִיט זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע צוּנַאבֶען, דִיא עֵדוּת הָאבֶּען אָבֶּער גֶעוִויזֶען אַזוֹי וִויא מִיר וַוייסֶען, אוּנ מֶען וָואלְט פִּישעלע-וויצען וִוידֶער אַרֶעסְטִירְט, וֶוען דֶער פִירְמֶע זֶעלְבְּסְט זָאל נִיט גַארַאנְטִירֶען פַאר אִים, וַוייל עֶר הָאט פַאר שְׁטַאנֶען אַז דָא אִיז עֶפֶּעס נִיט גְלַאט, אַז אִימֶעצֶער הָאט זִיךְ אוֹיף אִים אָנְגֶעזֶעצְט, אוּם אִים גֶענְצְלִיךְ צוּפֶערְפָאלְגֶען, אוֹיף קערנען הָאט עֶר גֶעוָוארְפֶען אַיין אוֹיג, אוּנ אַבְּוָואהל עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אוּנְטֶער דֶער פָּאלִיצַייא אַנְבְּלִיק, דָאךְ הָאט עֶר אִים נִיט גֶעהֵייסֶען אַרֶעסְטִירֶען וַוייל עֶר הָאט גֶעוואוּסְט דָאס דֶערְבַּיין זַיינֶען מֶעהְרֶערֶע פֶערְבּוּנְדֶען וֶועלְכֶע וֶועלֶען אַנְטְלוֹיפֶען זָאבַּאלְד זַייא וֶועלֶען דָאס דֶער הֶערֶען, עֶר הָאט נוּר אִינְם גֶעהֵיים בֶּעפוֹילֶען מֶען זָאל אוֹיף אִים אַכְטוּנְג גֶעבֶּען. —

אין אַקורצע צייט אַרום נאָך קערענס חתונה, האָט ער אַבריף ערהאַלטען פון מאַרינעוויצען דאס פאַלס ער וועט איהם ניכט אָפשיקען דיא צוא געזאַגטע סומא, וועט ער איהם אַרויסגעבען, ער האָט זיך דער פאַר שטאַרק דערשראָקען אגב האָט איהם באַלד גיענטפערט, דאס ער איז צוא פרידען איהם צוא באַצאָלען, נור דאַמיט עס זאָל ניכט אויפפאַלענד זיין פאַר זיין שוועסטער און שוואָגער און אַנדערע, האָט ער איהם געבעטען זייא זאָלען זיך טרעפען אין העלפט וועג, דאס הייסט איינע מייל ווייט, יעדערער פון זיין שטאָט, קערן האָט ווירקליך וואָרט געהאַלטען, און עס זאָל קיינער פון דיא טרעפונג ניכט וויסען, האָט ער אויף מאָרגען גענומען אויף איינענע הענט איין פערד, און איז ביים ענדיג אַוועק מארינעוויצען בעגעגנען, מארינעוויץ האָט אויך וואָרט געהאַלטען און איז פון זיין היים אַרויס אויף דער זעלבער אַרט וויא קערן. דיא ביידע אינטימע פריינדע האָבען זיך געטראָפען אין אַגרויסען וואַלד וואָס איז געווען צווישען דיא ביידע שטעט עס וואַר שוין גענוג שפעט אין דער נאַכט, דיא וואָלקען האָבען בעדעקט דעם לויטערען הימעל און אין וואַלד וואַר שוין גוט פינסטער, דער ווינד האָט שטאַרק בעאונרוהיגט דיא הונדערט יאָהריגע בוימער, מיט יעדען בליק אין דער פערנע, האָט מען גיזעהען איין אַנדער פיגור פון דיא אָבגעהאַקטע און קליינע בוימעלאַך, דאָרט איז געשטאַנען אַדיקער מת איינגעהילט אין ווייסען, וואָס האָט זיך אויסגעוויזען פון אַיונגע בעריאָזע, דאָרט ווידער איז געשטאַנען אַגאַנץ הויכער ליץ אויף הינערשע פיסלאַך און האָט געמאַכט און גערופען מיטען האַנד. און לעבען איהם איז געלעגען אויסגעצויגען עפעס אַזוי וויא אַפרויענצימער וואָס האָט וואָס אין דיא הענד געהאַלטען און עס האָט אויסגיזעהען דאס ער איז זייער פאַרדריסליך אויף איהר, לויט זיין שטאָלצען שטיין האָט מען געזעהען דאס ער האָט איהר געהאַפט ביי אַחטא, ווייטער ווידער זיינען געשטאַנען דרייא קאַרלוקעס, איינער נידעריגער פאַר דעם אַנדערען און האָבען גאַנץ רוהיג און פריינדליך גערעדט אַזוי וויא אַגישעפט, דאס האָבען געצייגט דרייא אָבגעהאַקטע פּיעניעס, אין דער אַנדערער זייט איז געזעסען איין אַלטע באָבע צוא זאַמען געקאָרצעט, וועלכע האָט אויסגעוויזען וויא דיא נאַכטאַיילע אַליין. און לעבען איהר האָבען זיך געשפילט קליינע קינדערלאַך. נאָך ווייטער זיינען געשטאַנען פערפלאָכטענע אַסך שדים, וואָס האָבען אויסגעזעהען וויא דיא אַראַבער קאָמעדיאַנטען. זייא האָבען זיך געבויגען און געבראָכען וויא קינסטלער, דאס האָבען געצייגט דערנער, און גאַנץ ווייט האָט מען געזעהען אַגרויזאַמען רויבער מיט אַהאַק אין האַנד וואָס איז דאַכצאַך וויא געגאַנגען און האָט זיך אָפט אָפ געשטעלט. מען האָט אויף איהם געלעזען דאס ער בעשליסט זיך ניט מיט איין מאָל זיין מאָרד צוא ערפילען, אַזוי האָט געוויזען אַוועלטער בוים. און דער גאַנצער אויסזיכט אים וואַלדע וואַר אַיין שוידערהאַפטער, דאס אַלעס האָט געשיינט קערנען איידער ער האָט זיך מיט מארינעוויצען געטראָפען, זייא

הָאבִּין זִיךְ דֶערְזֶעהֶן אוּנ צוּקוּסְט וִויא צְוֵייא בְּרִידֶער חָאצְפֶּע אִין הֶערְצִין הָאבִּין זַייא זִיךְ גֶעהַאסְט, וִויא אַיין אוֹיפְגֶעקְלֶערְטֶער הָאט פַּיינְט אַחָסִיד, אַזוֹי לִיגְט שׁוֹין אִין חַארַאקְטֶער פוּן פֶערְבְּרֶעכֶער דָאס זֵייא הַאסֶען זִיךְ אֵיינֶע דִיא אַנְדֶערֶע נַאכְדֶער מְהַאט וואוּ זַייא זַיינֶען נִישְׁט לַאנְג גֶעוֶועזֶען לַייבְּלִיכֶע שׁוּתְּפִים, אוּנ דָאךְ הָאבֶּען זֵייא זִיךְ פְרַיינְדְלִיךְ צוּקוּשְׁט, אַנַאנְץ קוּרְצֶע צַייט הָאבִּין זַייא צְווִישִׁין זִיךְ גִירֶעט, קערן הָאט אִים דָאס זַיינִיגֶע אָפְּגֶעגֶעבֶּען, אוּנ יֶעדֶערֶער פוּן זַייא הָאט גֶעוִויזֶען דֶעם אַנְדֶערִין דָאס זֵייא פַּארְדִיסְט שׁוֹין, וָואס זֵייא הָאבֶּען דָאס גֶעטָאן, זַייא הָאבִּין אָבְּשֵׁייד גֶענוּמֶען אוּנ יֶעדֶערֶער הָאט פַּארְקֶערֶעוֶועט זַיין פֶּערְד אוּנ זַיינֶען אַהֵיים גֶעפָּאהֶרֶען; מארינעוויץ הָאט אָבֶּער פוּן קערנס וֶוערְטֶער פַּארְשְׁטַאנֶען אַז דֶער סוֹד וֶועט זִיךְ נִיט לַאנְג הַאלְטֶען, זַיין הֶערְץ הָאט אִים אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ קָאכֶען, עֶר הָאט נִיט לַאנְג גֶעקְלֶערְט אוּנ הָאט אָפּ גֶעבְּרָאכֶען אַשְׁטַארְקֶען אוּנ דִיקֶען צְוַייג, אוּנ הָאט קערנען נָאכְגֶעיָאגְט, עֶר הָאט אִיהם נָאךְ גֶעטְרָאפִין אִין וַואלְד, אוּנ מִיט אִים קַיין וָוארְט נִיט רֵיידֶענְדִיג הָאט עֶר אִים נַאנְץ שְׁנֶעל אַשְׁטַארְקֶען קְלַאפּ גֶעטָאן הִינְטֶען אִין קָאפּ, קערן אִיז בַּאלְד פוּן פערְד אַרָאפּ גֶעפַאלֶען, דָא הָאט עֶר אִים נָאךְ אַצְוֵייא דְרַייא שְׁטַארְקֶע קְלֶעפּ גֶעטָאן אוּנ קערן אִיז גֶעבְּלִיבֶּען לִיגֶען טוֹיט, מארינעוויץ אִיז שְׁנֶעל וִויא אַפַּייל פוּן בּוֹיגֶען אַהֵיים אַוֶועק.

עֶרְשְׁט אוֹיפִין דְרִיטֶען טָאג הָאט מֶען דִיא נוֹטֶע בְּשׂוֹרָה דֶעם שְׁוֶוער אוּנ דֶער פְרוֹיא גֶעבְּרַאכְט. —

## 10.

נִישְׁטָא אוֹיף דֶער וֶועלְט, טְהַייֶערֶער וִויא דֶער גְלִיק,
דַארוּם קֶען עֶס קַיין אֵיינְצִיגֶער קוֹיפֶען;
קְרִיגְט אִים אָבֶּער וֶוער, וֶוערְט אִין אֵיין אוֹיגֶענְבְּלִיק,
אִי סְחוֹרָה, אִי קְלֵייטֶען, אִי הוֹיפֶען. —

הֵייבְּט עֶס אָן אַמֶענְטְשֶׁען צוּ גֵיין, גֵייט אִים פוּן אַלֶע זַייטֶען, וָואס עֶר זָאל נוּר טָאן גְלִיקְט עֶס אִים, אִין אַלֶע זַיינֶע גֶעשֶׁעפְטֶען קוּמְט דִיא הַצְלָחָה, עֶר מֶעג זָאגַאר פַּאר נֶעמֶען דִיא עֶרְגְסְטֶע גֶעשֶׁעפְטֶען אִין דֶער וֶועלְט, וֶוען נוּר דִיא פַּארְטוּנֶע הָאט צוּ אִים אַרַיין גֶעטַאפְּט הֶעלְפְט שׁוֹין קַיין זַאךְ נִיט, טוֹיזֶענְדֶע אוּנְגְלִיקְלִיכֶע וָואלְטֶען דֶעם קָאפּ דֶערְלֵייגְט בַּייא אַזֶעלְכֶע פַּארְנֶעמֶען, וואוּ דֶער גְלִיקְלִיכֶע פַּארְדִינְט זֵייעֶר לַייבְּט, הוּנְדֶערְטֶע וָואלְטֶען עֶס נִיט אוֹיס אַרְבַּייטֶען מִיט נוֹיט אוּנ שְׁוֵויים, וִויא עֶר גֶעוִוינְט נָאר אָן מִיהֶע, בַּייא דֶעם גְלִיקְלִיכֶען וֶוערְט דִיא קְרִימְסְטֶע פְּלַאנֶען גְלַייךְ, עֶר מֶעג דִיא גְרֶעסְטֶע פֶעלֶערִין מַאכֶען, נֵייגֶען זַייא זִיךְ דָאךְ צוּ זַיינֶע הֶענְד וֶוערְט אַלֶעס שֵׁיין, אַלֶעס רֵייצֶענְד, דֶער גְלִיקְלִיכֶער מֶעג טָאן דִיא מִיאוּסְטֶע זַאכֶען קוּמְט אוֹיס בַּייא דִיא וֶועלְט שֵׁיין אוּנ יֶעדֶערֶער פַּארְטֵיידִיגְט אִים, עֶר דְרַייט זִיךְ אַרוֹיס פוּן דִיא שְׁוֶוערְסְטֶע

זאכען, מען מעג אויף אים ארויף ווארפען אממזר בלבול, זאגט דער גליק אז עס איז אליינען עס מעגען זיין הונדערט עדות געגען זיינעם אשווינדעל, ווייזט דער גליק ארוים אז זייא זיינען פאלשע, מיט דעם גליק איז אויך דיא קלוגהייט פארבונדען, דער גרעסטער נאר ווערט דורך אים קלוג ווערענד בייא דעם אומגליקליכען איז דיא קלוגהייט נארעש, קורץ דער גליק איז איינער דער נוצליכסטען זאכען צום מענטשליכען געברויך, ניט יעדערער האט אים אבער שטענדיג, בייא אנדערע עקסעסטירט ער יאהרען לאנג אונ גרינדעט זיין פעסטעם וואהנארט, בייא אנדערע ווינטערט ער מעהר ניט, אנדערסוואו פאר ברייננט ער נור איין זומער, אונ בייא אנדערע נעכטיגט ער נאר, אונ שיקט באלד זיין שוועסטער דאס אונגליק, מיט אנדערע שפילט ער זיך, אונ מיט אנדערע רייצט ער זיך נאר, אונ מיט דרייסט קען מען זאגען דעם קינדישען גלייך ווארט „גליקליך איז יענער, וועער עס האט דעם גליק דער טאפט" דאס איז אבער אזוי איין פייגעלע וואס לאזט זיך מיט קיין נעץ ניט פאנגען, קוים איז זיא פון שטייגעלע ארוים, קען מען איהר שוין מיט קיין זאך ניט פארנארען, מען מוז געדולדיג אבווארטען ביז איהר גוטער ווילען וועט קומען זיא זאל אליין צוריק אין דעם זעלבען נעסט אריין פליהען. —

אט אזא טהייערע פייגעלע איז איצט נאך איהר לאנגען אבוועזענהייט צו אונזער אלטען בעקאנטען בערנוסען אריין געפלויגען. —

איהר געדיינקט מן הסתם אז פישעלעוויץ האט אים איין הונדערטער געליען אונ ער האט דאמיט אנגעהויבען צו האנדלען, דער גליק האט איהם דאבייא געשטיצט אונ האט אים אויף יעדע זאך געזאגט: „אלטער נוטער בערנוס, טהוא איך בין ווידער מיט דירי" ער האט אין אנהייב געהאנדעלט מיט אלטע קליידער, אונ נאר אן בושה וחרפה, האט ער זיין הערענמאנטעל אוים געטאן אונ דאצו זיך שטארק גענומען, ער פלעגט איין גיין צו גרויסע פריצים אונ האט אלעם געקויפט, וואס זיין אויג האט נאר געזעהן, ער האט זייער שיין אן דעם פארדינט, זא דאס נאר אין איין קורצער צייט האט ער פישעלעוויצען זיין גמילות חסד מיט דאנק אפגעגעבען, אונ האט שוין אליין מיט זיינעם איין איינענעם גרעסערין קאפיטאל געהאנדעלט, ער האט ניט געוואקסען פון יאהר. זאנדערען פון טאג, אונ אין איין פערלויף פון אנדערהאלבען יאהר האט ער שוין געמאכט אמאגאזין פו פערטיגע קליידער אונטער דער פירמא ז. שערשעווסקי, אויף איינען דער גרעסטען גאססען, ער האט אפט בעזוכט פישעלעוויצעס פאמיליע אונ פלעגט זייא שטיצען, אונ באלד וויא ער איז צוריק פון וויען געקומען, וואס דאס איז געוועזן אפאר וואכען נאך דעם בראנד האט ער פאר זייא אשיינעם וואהנונג געדונגען אוים איינינע צימער, אונ האט אלעם נעטהיגעם גינגעבין דער פאמיליע צוא אונטער האלטען. —

אין אשיינעם זומערטאג איז צוא בערנוסען אין מאגאזין אריין געקומען

פּיזועל שווינדעלמאַן, הָאט אָפְּגֶעוואַרְט בִּיז בּערנוּם הָאט אַבְּרִיף גִיעֶנְדִיגְט שְׁרַייבֶּען אוּנ הָאט זִיךְ צוּא אִים מִיט פָאלְגֶענְדֶע פְרַאגֶען גֶעוֶוענְדֶעט: הֶערְר בּערנוּם, אִיךְ וַויים, אַז אִיהר זַייט אַגְרוֹיסֶער מֵבִין אוֹיף אַלֶער הַאנְד סְחוֹרָה, אוּנ דַאצוּ זֵייט אִיר אַסוֹחֵר וָואס קוֹיפְט אַלֶעם, דֶערִיבֶּער הָאבּ אִיךְ אַייךְ גֶעוָואלְט רֶעקָאמַאנְדִירִין אִין אַיין אָרְט שֵׁיינֶע עֶטְלִיכֶע אַרְטִיקְלֶען צוּא קוֹיפֶען, בַּייא אַיין מֶענְשֶׁען וָואס פָארְט אַרוֹים פוּן הִיא, אִיר הָאט דָארְט עֶטְלִיכֶע קַאווְיָארֶען, לַאמְפֶּען אוּנ אַנְדֶערֶע נוּצְלִיכֶע זַאכִין, אַזוֹי וִויא אִיהר פִּירְט אִיצְט אַיין, אַיין נַייֶעם וָואהנוּנְג פַאר זִיךְ, בִּין אִיךְ זִיכֶער אַז אִיהר וָועט דִיא אַלֶע זַאכֶען גֶעוִוים קוֹיפֶען. —

„פַאר וָואס דֶען נִיט? הָאט זִיךְ בּערנוּם גַאנְץ קַאלְט אָפְּגֶערוּפֶען, אוֹיבּ עֶס וֶועט זַיין פָּאדְהָאדְיַשְׁצֶע זַאכִין וֶועל אִיךְ אַוַודְאַי קוֹיפֶען, וואוּ אִיז דָאס?

וָואס זָאל אִיךְ אַייךְ נַארִין הֶער בּערנוּם, אִיךְ הָאבּ לִיבּ צוּא גַיין מִיט דֶעם אמת, דָאס אִיז אַבִּיסֶל וַוייטְלַאךְ הָאט שווינדעלמאַן זִיךְ אָפּ גִירוּפִין, נָאר דֶער צוּ אִיז דָאךְ אוֹיךְ דָא אַמִיטֶעל, מִיר וָועלִין נֶעמֶען אַדְרָאשְׁקֶע, אִיךְ הָאף אַז אִיר וֶועט אֲפִילוּ דַארוֹיף אוֹיךְ נִיט אַרוֹים וַוארְפִין קַיין אוּמְקָאסְטֶען, אִיר מַיינְט אִיךְ מֵיין אֶפְשָׁר אַייֶער טוֹבָה, חָלִילָה, צוּ וָואס זָאלִין מִיר זִיךְ נַארִין, אִיךְ מֵיין פָּשׁוּט פַאר דִינֶען בַּייא אַייךְ עֶטְלִיכֶע רוּבֶּל.

נוּא מהיכא תיתא, לָאמִיר פָאהרִין, אֶפְשֶׁר וֶועל אִיךְ טַאקֶע וָואס קוֹיפִין הָאט בּערנוּם גִיזָאגְט אָנְטְוָאהנְדִיג זַייעֶר אַשֵׁיינֶעם זָאמֶער מַאנְטֶעל, עֶר הָאט זַיין הוּט אָן גִיטָאהן אוּנ זַיינֶען אַרוֹים גֶעגַאנְגֶען, הָאבִּין זִיךְ אוֹיף אַדְרָאשְׁקֶע גֶעזֶעצְט אוּנ זַיינֶען צוּא לאַפּידוּסען צוּא גִיפָארִין, וואוּ שווינדעלמאַן הָאט אִים אַרַיין גֶעפִיהרְט, דֶער לאַפּידוּס אַלֵיין אִיז גִיוֶועזְן פַארְנוּמֶען אִין אַיין צְוַוייטֶען צִימֶער מִיט עֶטְלִיכֶע וַוייבֶּער, וֶועלְכֶע הָאבִּין גִיקוֹיפְט פֶערְשִׁידֶענֶע זַאכִין, אַלְס עֶר הָאט מִיט דִיא וַוייבֶער גִיעֶנְדִיגְט אִיז עֶר גְלַייךְ צוּא בּערנוּסען אַרוֹים גֶעגַאנְגֶען. —

וָואס קוֹיפְט אִיהר עֶפֶּעס ר' קָרוֹב? הָאט לאַפּידוּס גִיפְרֶעגְט, קוֹיפְט, אִיךְ גִיבּ עֶס וָואלְוֶועל אָפּ, וַוייל אִיךְ פָאר פוּן הִיא אַרוֹים. —

דִיא וֶוערְטֶער „וָואס קוֹיפְט אִיהר ר' קָרוֹב?" הָאט בּערנוּסעס דוּרְךְ דְרִינְ-גֶענְדֶע אוֹיגֶ צוּא אִים גֶעצוֹיגֶען, אוֹיסֶער דֶעם, וָואס עֶר הָאט דִיא זַאכֶען דֶער קֶענְט, אַז זַייא זַיינֶען פישעלעוויצעס הָאט עֶר אִין דֶעם לאַפּידוּסן עֶרְקֶענְט דֶעם זֶעלְבֶּען סָאלְדַאט, וָואס הָאט אִים אַמָאל אוּמְגְלִיקְלִיךְ גֶעמַאכְט, וֶוען עֶר וָואלְט עֶס וָואס אִין הַאנְד גִיהַאלְטִין, אַמֶעסֶער אָדֶער אַיין רֶעוָואלְוֶוער וָואלְט עֶר אִים זִיכֶער גִישְׁטָאכִין אָבֶּער גִישָׁאסִין. אַזוֹ אִיז עֶר אָן גִיצוּנְדֶען גִיוָוארִין, דֶער וַוארְפֶענְדֶע אוּנ אַרְבַּייטֶענְדֶע לאַפּידוּס, הָאט דָאס נִיט בֶּעמֶערְקְט. בּערנוּם הָאט זַיין כַּעס בַּאהַאלְטִין, אוּנ מִיט אַגִיפְּטִיגֶען שְׁמֵייכֶעלֶע גַאנְץ קַאלְט גִיזָאגְט: נֵיין, פְרַיינְד, דָאס אִיז פַאר מִיר קַיין סְחוֹרָה נִיט, עֶר הָאט נָאךְ קְלוֹימֶערְשְׁט פְּרָאבִּירְט אָנְקוּקֶען אַנְדֶערֶע זַאכִין, אוּם זִיךְ אִין אִים פֶעסְט צוּא

אִיבֶּערְצֵייגֶען , עֶר הָאט אָבֶּער בֶּעמֶערְקְט דָאס זַיין בְּלִיק הָאט אִיהם נִיט גֶינַארְט אוּנ זַיין עֶרְקֶענִין אִיז נִיט מִיטֶען קְלֶענְסְטֶען פִילַייכְט פֶערְבּוּנְדֶען . —

נוּא פֶעטֶער , הָאט זִיךְ לאפידוס צוּא אִים אָפּ גֶערוּפִין , דָאס אִיז דָאךְ פַאר אַייךְ קַיין סְחוֹרָה נִיט , גֵייט גֶעזוּנְטֶערְהֵייד , פַאר נֶעמְט נִישְׁט אוּם זִיסְט קַיין אָרְט , אוּנ הָאט דֶער בַּייא פוּן בערנוסעם הַאנְד אַרוֹים גֶערִיסֶען אַיין קַאשֶׁעמִירֶענֶע טִישׁ דֶעקֶע , בַּייא דֶעם גְרָאבִּין מְהַאט אִיז עֶר שׁוֹין מִיט כַּעַס פוּן אִים אַרוֹים גִינַאנְגֶען , אוּנ שְׁטֶעהֶענְד אוֹיף דֶער גַאס הָאט עֶר אַלֵיין גִיטְרַאכְט : אִיךְ הָאבּ שׁוֹין גֶעזֶעהֶן מֶענְטְשִׁין וָואס אוּנ גִיפֶעהְר פֶערְצִיג יָאר , זַיינֶען זֵייא גִיוֶועֶן גַאנְץ גֶעזוּנְטֶע , אוּנ אִין אַפָּערְלוֹיף פוּן אַפָּאר יָאר וָוערִין זֵייא קַיילֶעקֶעס , מֶענְטְשֶׁען , וָואס זַיינֶען אַזַא צַייט גִיוֶועֶן אָרֶעמֶע , אוּנ אִין אַפָּאר יָאהר וֶוערִין זֵייא רַייכֶע , מֶענְטְשֶׁען אָבֶּער וָואס זַיינֶען פֶערְצִיג יָאהר גִיוֶועֶן גְרָאבֶּע יוּנְגֶען הָאבּ אִיךְ נָאךְ נִיט גִיזֶעהֶען , דָאס זֵייא זָאלֶען אִין אַפָּאר יָאהר וֶוערִין אַיידֶעלֶע מֶענְטְשֶׁען . אִיךְ וָואלְט נָאךְ אֶפְשָׁר אַטָעוֹת גִיהַאט אִין אִים , וֶוען עֶר זָאל זִיךְ אַיידֶעל בֶּעגֵיין , עֶר אִיז נָאךְ אָבֶּער אַלְץ דֶער אֵיינֶעגֶער גְרָאבֶּער יוּנְג , נוּן אִיז דָאס דֶער זֶעלְבֶּע אוּנ קַיין אַנְדֶערֶער , עֶר הָאט נָאךְ עֶפֶּעס גֶעטְרַאכְט , אוּנ הָאט זִיךְ בַּאלְד אוֹיף אַדְרָאשְׁקֶע גִיזֶעצְט אוּנ אִיז אַוֶועק גֶעפָאהְרִין , נִישְׁט אָבֶּער אַהֵיים , נָאר גְלַייךְ צוּם פַּאלִיצְמֵייסְטֶער . וֶועלְכִין עֶר הָאט גֶעבֶּעטִין עֶר זָאל מִיט אִים גְלַייךְ מִיט פָאהְרִין אִין אַיין אָרְט , ווּאוּ עֶר וֶועט אִים וַוייזֶען אַבַךְ פוּן אִים עֶרְקֶענְטֶע פישעלעוויצעס זַאכֶן , אוּנ פִילַייכְט וֶועט עֶר נָאךְ וָואס עֶרְפַארִין , דֶער פאליצמייסטער , וָואס הָאט גִיהַאט אַיין שְׁטְרֶענְגֶען פְרֶעדְפִּי-סַאנְיֶע פוּן יֶענֶערַאל גוּבֶּערְנָער , עֶר זָאל דִיא פֶערְאוּרְזַאכֶער פוּן פישעלעוויצעס בְּרַאנְד אָפְּצוּזוּכֶען , הָאט אִים גִיבֶּעטִין עֶר זָאל אָפּ וַוארְטִין בִּיז עֶר וֶועט אַלֶע פַּאפִּירֶען אוּנְטֶער שְׁרַייבִּין , עֶר אִיז אַזוֹי צוּפְרִידֶען גֶעוֶועֶן פוּן בערנוסעם דֶער צֶעהְלוּנְג , דָאס עֶר הָאט אִים זָאגַאר גַאנְץ פְרַיינְדְלִיךְ גֶעזָאגְט , ,זָאפָּארְט שְׁטֶעה אִיךְ זִיא צוּא דִינֶען' עֶר הָאט בַּאלְד זַיין אַרְבַּייט גִיעֶנְדִיגְט , אוּנ הָאט צוּזַאמֶען גִינוּמֶען אֵיינִיגֶע גָארָאדָאוָויֶע , וֶועלְכֶע הָאבִּין זִיךְ אוֹיף דְרָאשְׁקֶעס גִיזֶעצְט , עֶר מִיט בערנוסען פָאר אוֹים אוּנ זַיינֶען צוּא דֶעם גֶעוֶוזֶען לאפידוסן פְלֶעצְלִיךְ צוּא גֶעפָאהְרִין , דִיא מְחוּתָּנִים זַיינֶען מִיט דִיא כְּלֵי קוֹדֶשׁ אַרַיין , אוּנ מֶען הָאט דֶעם התן גֶעפַּאקְט , מֶען הָאט דִיא שְׁטוּבּ בֶּעוַואכְט אוּנ קַיינֶעם פוּן דָארְטֶען נִיט אַרוֹים גֶעלָאזִין . —

לאפידוס אִיז זֵייעֶר בְּלֵייךְ גִיוָוארִין , אוּנ הָאט פַאר שְׁטַאנֶען אַז עֶר וָועט שׁוֹין דָא טְרוּקֶען נִיט אַרוֹים , וֶועֶר בִּיסְטוּ , אוּנ ווייז דַיינֶע דָאקוּמֶענְטִין , הָאט דֶער פאליצמייסטער גִיזָאגְט , לאפידוס אִיז צוּם קַאמָאד צוּ גֶעגַאנְגִין אוּנ הָאט אַפַּאק פַּאפִּירֶען אַרוֹים גֶענוּמֶען , וֶועלְכֶע עֶר הָאט עֶס אִים דֶער לַאנְגְט , עֶר הָאט נוּר גִיזָאגְט צוּא זַיינֶע שְׁטוּבּ זִיצֶער , וָואס זַיינֶען אִין דֶער צַייט גִישְׁטַאנִין אִין גִיהַאקְטֶע וואוּנְדֶען , דָאס זַיינֶען גִיוֶועֶן ר' משה פארבשטיין , שוואנדעלמאן

מיכל אונ נאָך אַנדערע , פָאלגענדע עטליכע װערטער , װאָסערע ער האָט
גירעט מער מיט דיא אויגען װיא מיטין מויל :

„ראמט אויס ביי אייך דעם חמץ , זאָגט דיא סורקא האָבען מיר געמאַר־
װיכערט , מאטרעט אז דער יאָלד זאָל זיך געמען אין לייב , זעהט מען
זאָל פוטר זיין דעם חלום , אונ יוספ'ן אַרויס לאָזין פון תּפיסה , װען ניט װעט
איהר זיין כלנו זקנים , מיט דיא אויגען האָבין אים אַלע געוויזען , אַז זייא
װעלען דעריין טאָהן . —

בערנוסעם אויגען האָבען בעת מעשה גיקאָכט װיא ביי איין גזלן , ער
האָט עפּעס גיוואָלט ריידין , נאָר ער האָט דעם פאָליצמייסטער , װעלכער האָט
אַליין גימאַכט דעם אַקט , אונ האָט דאָפּראָשעוועט אַלעמען װיא דער שטרענגסטער
ריכטער , ניט גיוואָלט איבער שלאָגען . —

דיין פּאַס איז מיר אַפּאַדאַזריטעלנע , האָט דער פאָליצמייסטער גיזאָגט צו
לאפידעסען , הייסטו װירקליך לאפידוס ?

לאפידוס האָט נאָר גישאָקעלט מיטען קאָפּ יא .

זייא זיך מודה , דען מיר װעלין עס זאָ װיא זאָ װיסען , האָט דער פאָליצ־
מייסטער גילאַסען גיזאָגט .

בערנוס האָט שוין מער ניט גיקאָנט שווייגין , אונ איז שנעל צו אים צו־
גיגאַנגען מיט דיא װערטער : „דוא פערפלוכטער הונד ! האָט ער גיזאָגט , דוא
קענסט נאָך מיט דיינע גנבישע אויגען , מיט דיין מערדערישען צונג אין מיין
גענענוואַרט זאָגין אז יא , װיא האָסטו גיהייסין אַז דוא האָסט מיר אונגליקליך
גימאַכט אז דורך דיר בין איך פאַר זעצט גיוואָרין אויף אַצייט , װאו איך האָב קיין
פרישע לופט ניט גיזעהן , אַז דוא האָסט מיינע קינדער פון מיר פאַר טריבען ,
אונ נאָך װייס איך ניט װאו זייא זיינען , מערדער דוא ! דוא האָסט גימיינט אַז
דו װעסט ביי טעת דיין נאָמען , װעט מען דיך שוין ניט דערקענען , אַז דיינע זינד
װעלין בלייבע פאַר באָרגען פון אַלעמען ? גאָט אָבער װאָס װייס פון אַלע
געהיימנישע שווייגט ניט , ער װעט דיר יעצט בעצאָלען װיא דוא האָסט פאַר
דינט , פאַר דיא אונשולדיגע בלוט װאָס דוא האָסט פאַר גאָסען מיט דיין גומעם
טוהער שערעשעווסקען אין קיעווער גובערניע , אונ דא דעם אָרימען פישעלעוויצין,
װעלכין דוא האָסט מיט דיין חברה גיגזילט אונ גיגנבעט , אונ אַנדערע װאָס מיר
װייסין נאָך ניט , װעט איצט דיין בלוט רינען אין אַלע גאסען , פאַר דיין
מערדערע הארץ איז שוין אָן גיגרייט איין צימער , אין װעלכין אַלע האַראַקטערלאָזע
מענטשין װיא דוא ביסט , דאַרפען דאָרטין זיצען , פאַר אַייך פּאַסט דאָס ,
אויף דער תּליה װאָס דוא האָסט אָנגיגרייט פאַר אַנדערע , מוזטו װיא אַהונד
גיהאַנגען װערין , אַט דאָס דאַרף זיין דיין סוף , דוא פאַרשאָלטענע בעשעפעניס ,

לאפידוס האָט קיין װאָרט נישט גיענטפערט , ער האָט דיא אויגען אַראָפּ
גילאָזין , אונ װען דער פאָליצמייסטער מיט דיא גאַרדאָוויע װאָלטען דא ניט
גיוועהן , װאָלט ער אים שוין קיין לעבעדיגען גישט אַרויס געלאָזען , אַלעמען

האט ער אויסגעפרעגט ווער זייא זיינען, נור שווינדעלמאן האט זיך שטארק גיפוטעט דער אלט מיט די אונטערזוכונג האבין גידויערט ביז שפעט באנאכט, אונז אלס מען האט לאפידוסען גיוואלט נעמען, האט ער אנארדאוואי אפאץ גיגעבין, דער פאליצמייסטער האט בעפוילען מען זאל זייא אלעמען בינדען, אויסער משה'ן, וואס האט גיזאגט דאס ער איז גאר גיקומען קויפין זאכען, אויף די קרענע איז אן גיקומען הינדע לאפידעסעס ווייב, וועלכע איז נאך מיטאג צוא גאסט גיגאנגען, פארשטייט זיך אז די סצענע האט איר שטארק געריהרט אונ איבעררא שט, זיא האט באלד אויף בערנוסען אקוק גיטאן אונ מיט אייגע טייפלישע רייכענדע שטימע אנישרייא גיטאן: „פאטער״... אונ איז אין אשטארקע קפאזמע אריין גיפאלען, זיא האט גיוויינט אונ גילאכט. —

בערנוס האט אויך גיוויינט וויא אקליין קינד, ער האט דיא הענט גע-בראכין אונ גיטיינעט, וועה איז מיר צו וואס מיין טאכטער איז געקומען, ביז מען האט איהר אהיים אפ גיפירט, אונ זיא האט דעם פאטער דער ציילט דאס זיא האט זיך נאך דעם אנטלויפען פון דער איטעניע בעזעצט אין מאסקויא אונ זיא האט זיך באלד גיגעט מיט איר מאן, אונ דער לאפידוס האט דאן געשפילט אגרויסע ראלע אלס קאמיסיאנער, אונ ער האט זיך צו איהר צוא גע-שדכנט אונ זייא האבען התונה גיהאט, אונ דאס איהר ברודער האט איין אדוואקאט אלס איבער שרייבער צוא גינאמען. —

ארום ניין דעם זייגער באנאכט האט מען די זעכס פערזאן אין דער פאליציא גיבראכט, אונ נאך דיא ספראווקעס האט זיך ארויס גיוויזין, דאס לאפידוס איז איין אנטלאפענער סאלדאט. —

משה איז פון דארטין אהיים גילאפין, ער איז גיוועזן אזוי צו קאכט אז ער האט קיין וועג ניט גיזעהען, אונ אלס ער איז אין טויער אריין גיגאנגען, האט ער גיקראגין אשטארקען קלאפ אין קאפ לעבען אויג פון דעם אייזען וואס פאר מאכט דעם טויער זא, דאס ער האט דער זעהן אלע זיבין הימלען, ער איז פון אינפעט אנידער גיפאלין, קוים וואס ער האט זיך גישטעלט אונ איז אין שטוב אריין, ער האט זיך אנידער גילייגט אויף אבעט, פון וועלכע ער איז שוין מעהר ניט אויף געשטאנען, דיא שברת-הלב אונ די אונטערטרעגליכע קאפשמערצין וואס האבען זיך פערגרעסערט פון טאג צוא טאג האבין אים אין אקראנקהייט אריין געטריבען, דאס אין אפאר וואכין ארום נאך דעם קלאפ האט מען אויף דער גאס גיזעהען אשיינעם עולם וואס זיינען בעשטאנען גרעסטענטהיילס פון שטייער, העקער אונ קבצנים, פאר וועלכען תלמוד תורה קינדער זיינען גיגאנגען פאראויס, אונ האבען געשריען: צדק לפניו יהלך. —

מען האט באלד דעריבער טעלעגראפירט ירוחמ'ן, אונ מען האט איהם גיבעטען ער זאל אהיים קומען.

**11**

זִים אִיז דִיא פְרוּכְט פוּן דֶער לֶעהְרֶע ,
הָאבִּין אוּנְז אַסַךְ בַּיישְׁפִּילֶען צוּם פְּרַאקְטִיק גִיבְּרַאכְט .
זִיא פִירְט דֶען מֶענְטְשִׁין צוּא דִיא גְרֶעסְטֶע עֶהְרֶע ,
וָוערֶענְד אָהְנֶע דֶעם , וָוערְט דֶער מֶענְטְשׁ אוּיס גִילַאכְט ,

צְוַוייא יָאהר זַיינֶען אַוֶועק פוּן דֶער צַייט , וָואס ירוחם אִיז פוּן דֶער הֵיים אַוֶועק , אַקְלֵיינִיגְ[illegible] צְוַוייא יָאהר , אִין אַזַא צַייט וֶוערִין צְוַויי מָא[illegible] [illegible]ֶען פַּאר פְּרָאגֶען , דִיא פֶעלְדֶער אוּנ פְרוּכְטֶען שְׁטַארְבֶּען אָפּ אוּנ [illegible] צְ[illegible] [illegible]ל ווִידֶער גִיבָּאהרֶען , צְוַויי מָאל וֶוערְט מֶענְטְשִׁין אָנְגִיחַתְמֶת [illegible]עֶן צוּם לֶעבֶּ[illegible] אוּנ וֶועמֶען צוּם שְׁטַארְבֶּען הָלִילָה , צְוַויי מָאל אִיז מֶען אִידֶען מְכַפֵּר דִיא עֲוֹנוֹת [illegible] זַייא זִינְדִיגֶען ווִידֶער . פִיל מָאל וֶוערֶען שִׁיעוּר דִיא מוֹהוֹת אוּיס גֶעדַארְט וואו מֶע זָאל [illegible]עֶן אוּיף דִירָה גֶעלְט , אוּנ עֶס הָאט גָאר קַיין שִׁיעוּר נִישְׁט וָואס אִין [illegible] אַר קֶען פָאר קוּמֶען , אִין אַזַא צַייט וֶוערִין פוּן קִינְדֶער לַייט אוּנ פוּן לַייט קִינְדֶע[illegible] , וויא מִיר קֶענֶען דָא אִיצְט זֶעהֶן פוּן ירוח[illegible] דֶער לֶעזֶער וֶועט זִיךְ גֶעוִו[illegible]ם וואו[illegible]דֶערְן , וָואס מִיר הָאבֶּען אִים אַזוֹי לַאנ[illegible] נִי[illegible] דֶער מָאנְט , אוּנ וָואס מִיר הָאבֶּען זַיינֶע פֶערְהֶעלְטְנִיסֶע נִישְׁט דֶער צֵיילְט , נָ[illegible]ר אוּנְז וֶועט אִיצְט , אִים אָנְגִינֶעכְבֶּער זַיין צוּ זֶעהְן , וויא דַאמָא[illegible]ס , מִיר וֶועלֶען [illegible] פוּן אִים מֶעהר פֶערְגֶענִיגֶען הָאבֶּען , מִיר מוּזֶען זִיךְ אָבֶּער א[illegible]עֶרֶען צוּ זַיין אָבְּפָארֶען פוּן דֶער הֵיים , — דֶער לֶעזֶער הָאט גֶעווּיס נִיט [illegible] גֶעזֶעהְן , מִיט וָואסֶער אַצוּבְּרָאכֶענֶעם הֶערְץ ירוחם אִיז נֶעבַּאךְ אַוֶועק גֶעפָאהרֶען , אָדֶער רִיכְ[illegible]גֶער [illegible]וּא זָאגִין אַנְטְלָאפֶּ[illegible] גֶיוָוא[illegible]רֶען , אוּנ [illegible] אִים אִיז צוּ מוּטָה גֶעוֶועזִין זִיךְ נִיט גִיזֶעגֶענֶענְדִיג מִיט אַנגע[illegible] , [illegible] זַיין גַאנְצֶער לֶעבֶּען אוּנְד עֶקְסִיסְטֶענְץ אִיז אָבּ גִיהַאנְגִין , עֶר [illegible] דִי גְ[illegible]טֶע שְׁווִירִיגְקֵייטֶען אוּנ זָארְגֶען אִיבֶּער אִיהר , קוּים נָאךְ פֶּעטֶערְסְבּוּרְג [illegible] , עֶר הָאט בַּאלְד אַפְּרָאשֶׁענִיֶע מִיט אַלֶע זַיינֶע אוּיס גֶעצֵייכֶנְטֶע דַאקוּמֶענְטֶען אִין אוּנִיוֶוערְזִיטֶעט דֶער לַאנְגְט , וואו [illegible]עֶן הָאט אִים מִיט גָאר וֵויינִיג מִיהֶע אָנְגֶענוּמֶען , דִיא גַאנְצֶע צַייט הָאט עֶר נוּר דִיא טָאגֶע פַּאר בְּרַאכְט אִין פְלַייסִיגֶען לֶערְנֶען , אוּנְד אִים שְׁלָאף , אִין דֵיינְקֶען וֶוגִין זַיין לִיעבֶּער אַנגען , צוּא זַיינֶעם עֶקְסִ[illegible]עֶנְץ הָאט עֶר אַשְׁטוּנְדֶע גֶ[illegible]עָן בַּייא אַ פְּרָאקוּרָאר , פוּן וֶועלְכֶע בֵּיידֶע זַייטֶע [illegible]יינֶען אֵיינֶע פוּן דִיא אַ [illegible] בַּארְק צוּ פְרִידֶען גִיוָועזֶען , אוּנ בַּאנְץ זֶעלְטֶען פְלֶעגְט עֶר [illegible]יין אִין אַ גָארְטֶען [illegible]עֶן , אוּם פְרִישֶׁע לוּפְט צוּ גֶענִיסֶען , צוּזַאמֶען מִיט זַיין גוּטֶען אוּנְד רֶעדְלִיכֶען קָאמְרַאד בארים שערעשעווסקי , דִי בֵּיידֶע פְלֶעגִין זִיךְ שְׁטֶענְדִיג זַייעֶרֶע בִּיטֶערֶע הֶערְצֶער עֶרְצֵיילִין אוּנ הָאבֶּען צְווִישֶׁען זִיךְ בְּרִידֶערְלִיךְ גֶעלֶעבְּט , — אוּיף דֶען צְוַוייטֶען מָאנַאט הָאט מֶען זַייא בֵּיידֶען נַאזְנַאצֶעט

רעפענדיום, אונ זייא האט שוין דאן קיין זאך ניט געפעלט, — ירוחם פלעגט זיך אפט מיטען פאטער קארעספאנדירען, אבער פון אננען האט ער קיין בריף גישט ערהאלטען ווייל וויא מיר ווייסען וואר רייזלען פאר באטען פישעלעוויצעס [illegible] צוא בעזוכען, אונ ער אליין האט אויך מורא געהאט זיא צוא שרייבען איבער פישעלעוויצען, זיא זאל פון אים קיין אונאנגענעמליכקייט נישט האבען.—

אין איין אבענד אין וועלכען פעטערספורג האט גיקאכט מעהר וויא געוויינליך, מען האט שפאצירט אין דיא ליכטיגע גאסען, וואס ווארין הערליך אולומינירט איבער דען טאגעס פעסט, האט שערעשעווסקי גיבעטין ירוחם׳ן זייא זאלען אויך גיין שפאצירען אום דיא פראכטיגע איליומינאציאן צוא בעוואונדערען, דיא צווייא זיינען גיגאנגען אונד אלס זייא זיינען גישטאנען אויף דער גאס צווישען אקאמפאניע יונגע לייט, זיינען זייא בעקאנט גיווארין מיט איונגען הערען, וואס האט זיך גענאנט מארגולים אויס דורשעבוטס, וועלכער האט זייא אויך זיין אדרעסע גיגעבין אונד צוא זיך אויף מארגין גילאדין; ירוחם׳ן, וועלכען דיא ווערטער זיינען שטארק אין נאז אריין, דען ער האט זיך אויגענבליקליך דער מאנט אן דעם זיידענס חוב, האט צוא גיזאגט צוא קומען, אונ האט טאקע אויף מארגין ווארט גיהאלטען, אונ אלס ער האט זיך איבער צייגט דאס דיא פאמיליע איז ווידער רייך, האט ער דאריבער דעם פאטער געשריבע, ער זאל אים דען פערזעצונגס צעטעל ארויס שיקען, נאר ווייל ער איז גיוועזן פאר מישט אין איינגע געשעפטען מיט לאפידוסען האט ער אים ארויס געשיקט, זאנסט וואלט ער אליין גיפאהרען, נאר גרעסטענטהיילס האט ער עס געשיקט, ווייל ער האט שוין דעם חוב גיהאלטין פאר פערפאלען,—ירוחם איז ארויפגיגאנגין צוא אבערימטען אדוואקאט אלעקסאנדער אייזענשטיין אונ האט אים דעם צעטעל צור אינקאסא אבגיגעבין, אין דער צייט האט ער רייזלס בריף ערהאלטין, פון וועלכין ער הט ארויס גיזעהן, דאס לאפידוס, שווינדעלמאן אונ אנדערע בערייטען זיך פישעלעוויצעס הויז צוא אונטער צינדען, ער האט דאס זיין פראקוראר געוויזען אונ גיבעטין ער זאל עס אין זיין נאטיץ בוך פארצייכענען, אום אים אמאל העלפין ארויס ווייזען דעם אמת, — ער האט שוין אליין גיוואלט פאהרען אהיים, הויפט זעכליך זיך זעהן מיט אננען, אונ אלס מען האט זייא בעפרייט אין דער וואקאנציאנס צייט, האט ער זיך שוין גיקליבין זיכער אהיים צו פאהרען, אונטערדעססען האט ער דיא דעפעשע פון פאטערס טויט ערהאלטין, ער האט גיבעטין שערשעווסקי זאל מיט אים מיט פאהרין, אונ אויפם דריטען טאג איז ער מיט אים אהיים גיקומען. —

גענוג האט ירוחם׳ן דס הערץ גיקלאפט, אז דער פאיעזד האט זיך אנגיהייבין צוא ריהרען פון דער לעצטער סטאנציאן פאר זיין היים, גענוג זיפצען האט ער גיגעבין אז ער האט זיך דער מאנט, דאס אין אהאלבע שעה ארום וועט ער קומען אין דאס הויז, וואה זיין פאטער איז גישטארבען, מיט וועלכען ער וועט זיך שוין

(פארזעצונג)    איביג

איינביג ניט זעהן אונ נישט ריידין אונ גענוג האבין אים אין דיא אויגין געשווינדעלט פערשידענע בילדער, דא האט ער גיזעהן דעם פאטער גישטארבענערהייט, בייא וועלכען די מוטער אונ שוועסטער גייען שיעור אוים פון זייערע קרעפטין פון וויינען, דא ווידער האט ער גיזעהן דיא עלענדע לאגע פון פישעלעוויצען, בייא וועלכין דאס הויז ברענט, אונ דארט האט אים גישיינט פירט מען אננען אונטר דער חופה מיט איינעם אנדערין, הונדערטע גידאנקען זיינען אים אריבער גיפלויגין פון פערשידענע גוטע פריינד אונ שונאים, ער איז גישטאנין פר טראכט אין פענסטער, אונ אים איז זאגאר אין זינען ניט גילעגין צו בעוואונדערן דיא שיינע אומגעגענד דער שטאט, מיט וועלכע ער פלעגט זיך שטענדיג פראלען, קיין זאך האט אים אין דיא אויגענבליקען נישט אינטערעסירט, אלעם האט אים ווילד אוים גיזעהן, ער האט זיך אליין פאר ענטפערט פערשידענע פראגען, זיינע גידאנקען האבין זיך אין זיין קאפ געמישט, דאס הערץ האט אים אונגאטירליך גיקלאפט, אונ זיין גאנצער ארגאניזם, וואר בייא די מאמענטען אין איינעם פיבערישען צושטאנד, אין צהאלבע שעה ארום האט ער בייא זיך גיטראכט, וועל איך שוין אלעס וויסען, אונטער דעכען האט דער מעכטיגע לאקאמאטיף, די שווער בעלאסטעטע וואגאנס אלס ווייטער גישלעפט, דיא טעלעגראפען שטאנגען זיינען גיפלויגין פר דיא אויגין וויא בליצען, דיא אבגעשניטענע בערג אונד פעלדער האבין אוים גיזעהן וויא מיט איין שמיק גרינע צייג בעצויגען, אונ קוים האט מען בעמערקט דיא ציפער אויף דיא ווערסטען, איבער דעם שנעלין לויפין דעם צוגעס, וועלכער האט שוין אנגיווענדעט דיא לעצטע קרעפטען, ביז דער לאקאמאטיף האט גילאזט הערין זיין תקיעה גדולה, אונ טאקע אין איינינע אונזיכט בארע מינוטען שטיין גיבליבען, ירוחם האט אשטארקען אטהעם גיגעבין דיא נייע לופט, וועלכע האט דיא אלטע ארוים געטריבען מיט איינען שרעקליכען זיפץ, ער האט זיך מיט שערעשעווסקען גיזעצט אויף א דראשקע אונ זיינען אהיים צו גיפארין, דער געוויין פון זיין מוטער אונ שוועסטער, מיט וועלכין זייא האבין זייער צווייא יארינען נאכט גיטראפין איז אונבעשרייבליך, אויך שערעשעווסקי האט שטארק געוויינט, ער האט זיך דער מאנט אז ער האט אויך אמאל גיהאט אפאטער, וועלכען ער גידיינקט זאגאר ניט אונ האט דיא פאמיליע אנגיהייבין צוא טרייסטין.

וואס דיא ערד דעקט צו" האט ער גיזאגט, "מוז פאר געסען ווערען, איך בין אויך אמאל גיוועזען אצערטליכער זאהן בייא מיינע עלטערין, איך האב גיהאט שוועסטער, ברידער. אונ נאך נישט גענוג וואס איך ווייס ניט וואו זייא זיינען, ווייס איך אפילו ניט וואו מיין פאטער ליגט, איך זאל אמאל קענען בעזוכין זיין קבר. מיר דוכט צו מיינע וואונדען איז קיין חבר נישטא, עלענד בין איך פון מיינע עלטערין גיבליבען, אונ עלענד וועל איך שטארבען, גלייבט מיר פריינד, אז יעדערער האט אזעלכע ווייטאגען, בייא דעם שטארבט אפאטער, בייא דעם אמוטער, בייא יענע ווידער איין איינציגעס קינד, דארט פירט מען פון דער

חוּפָּה אַיוּנְגֶע פָּאר פָּאלְג , וָואס זֵייעֶר לִיעבֶּע בְּרֶענְט וִויא אַהֶעלֶעשֶׁר פַייעֶר , זַייא בְּעריַיטֶען זִיךְ נָאר וָואס צוּם לֶעבֶּען אוּנ צוּ זֵייעֶר גְלִיק אִיז קַיין גְרוּנְד נִישְׁטָא , אִין אֵיינִיגֶע שְׁטוּנְדִין שְׁפֶּעטֶער , אַהַא , דֶער אוּנֶערבַּארֶעמְלִיכֶער טוֹיט , וָואס זוּכְט זַיין אָפְּפֶער פוּן אוּנְטֶער דֶען פֶּעלְזֶען , וָואס שְׁנַיידֶעט אוֹיס וִויא קָארֶען אוֹיף וֶועמֶען עֶר וַוארְפְט זַיין מֶערְדֶערִישֶׁען בְּלִיק , הָאט שׁוֹין יֶעמַאנְד פוּן דָאס פַּאר דֶער טַאפְּט , עֶר הָאט זֵייא שׁוֹין צוּ טְהֵיילְט זַייא זָאלִין וָואהנֶען בְּעזוּנְדֶער אִין בֵּיידֶע וֶועלְטִין , אוֹיף אַזֶעלְכֶע זַאכִין דַארְף מֶען גָאר נִיט וֵויינֶען , פְּרִיה אָדֶער שְׁפֶּעט וֶועלִין מִיר אוֹיךְ צוּ יֶענֶע גִיהֶערִין , וֶועלְכֶע הָאבִּין פוּן אוּנְז אוֹיף אֵייבִּיג אָבְּשֵׁייד גֶענוּמֶען , קַיין אַנְדֶער עֶנְדֶע אִיז פַּאר דֶעם מֶענְטְשֶׁען נִיט גִישַׁאפִּין׳ .

אַלֶע הָאבִּין דֶער בַּייא גֶענוּג טְרֶערִין פַּאר גָאסִין .

ירוחם הָאט זִיךְ אַרוּם גִיוַואשִׁין אוּנ בַּאלְד צוּ אננעין גִינַאנְגֶען , וֶועלְכֶע וַואר וִוירְקְלִיךְ נָאךְ דֶער שְׂרֵפָה גִיפֶעהְרְלִיךְ קְרַאנְק , אוּנ וֶועלְכֶע וַואר שָׁאהן אִיצְט בֶּעדַייטֶענְד בֶּעסֶער , וֶוערֶענְד ירוחם אִיז אַרַיין גֶעגַאנְגֶען אִיז זִיא גִיזֶעסִין אִין אַיין לֶעהְנְשְׁטוּל , אַיינְגֶעוִויקֶעלְט אִין אַוַוייסִין שַׁאל , אִיהר גֶעזִיכְט אִיז גִיוֶוען בְּלֵייךְ וִויא קַאלְךְ , דִיא לִיפְּפֶען בֶּעצוֹיגִין מִיט אַהֶעלֶע ראזא , וִויא אֵיינֶע אַבְּלַאקִירְטֶע רוֹיטֶע אַטְלַאס , אִין אִיהְרֶע אוֹיגִין אִיז גִילֶעגִין פָּאל טְרוֹיעֶר , אוּנ אוֹיף אִיר אִין גַאנְצִין אִיז גִיוֶוען צוּ לֶעזֶען דִיא רֵיינֶע אוּנְשׁוּלְד , זִיא אִיז נָאךְ דַאן גַאנְץ שְׁוַואךְ גִיוֶוען , „ירוחם“ ! . . . . . הָאט זִיא אַיין גַאנְץ שְׁוַואכִין אוּנ אָנְשְׁטְרֵיינְגֶענְדִין גִישְׁרֵייא גִיטָאן , אוּנ אִיז צוּ אִים קוּים אַפָּאר שְׁרִיט צוּ גִינַאנְגֶען , בֵּיידֶע הָאבִּין זִיךְ שְׁטַארְק אַרוּם גִינוּמֶען אוּנְד גִיוֵויינְט , וֶועלְכֶע זַיינֶען אִיבֶּער גִינַאנְגֶען בַּאלְד אִין אַיין פְרֵיידֶענְס־גִילֶעכְטֶער , בַּאלְד אִין אַ קִינְדֶערְשִׁין גִיוֵויין , וָואס הָאט גֶערִיהרְט הֶערְץ אוּנ זֶעלֶע , עֶר הָאט זִיא גַאנְץ לַייכְט , אוּנְד מִיט דִיא גְרֶעסְטֶע פָארְזִיכְט , אַזוֹי וִויא מֶען שְׁטֶעלְט אַרוֹיף אַ קוֹפְּפֶעל אוֹיף אֵיינֶע קַאסָאדֶען־אוּהְרֶע , אִין אִיהר שְׁטוּל צוּא רִיק גִיזֶעצְט , לֶעבִּין וֶועלְכֶען עֶר הָאט זִיךְ אוֹיךְ גִיזֶעצְט , הַאלְטֶענְד אננעס הַאנְד . —

אִיז נָאךְ מַיין הָאפְּנוּנְג נִיכְט גֶענְצְלִיךְ פֶערְשְׁטוֹיסֶען ? הָאט ירוחם גִיפְרֶעגְט , גְלִיהֶעט נָאךְ אִין דַיינֶעם הֶערְצֶען אַ פוּנְק דֶער לִיבֶּע ? אוּנ דִיא לִיכְט פוּן אוּנְזֶער הֵיילִיגִין שְׁוואוּר , אִיז נָאךְ נִיכְט פַּאר לָאשִׁין ; זָא אִיזְט צוּ מַיינֶע פְרֵיידֶען קַיין גְרוּנְד נִישְׁטָא , מַיין שְׁטֶערִין אִין הִימֶעל עֶקְסֶעסְטִירְט נָאךְ , אוּנ מַיין גְלִיק שְׁטֶעהט הֶעכֶער וִויא אַלֶעמֶעס , נֵיין דֶער גְלִיק אַלֵיין אִיזְט נָאךְ וֵוייניִג דַאצוּ , אִיךְ בִּין נָאךְ אִיבֶּער גְלִיקְלִיךְ , דִיא פֶערְיָאדֶע פוּן אוּנְזֶער לֶעבֶּען אִיזְט יֶעצְט אָנְגֶעקוּמֶען , אוּנְד מִיר זַיינֶען וִויא נַייגֶעבָּאהרֶענֶע . פוּן נוּן אָן , וֶוערְדֶען וִויר בֵּיידֶע אַיין פֶּערְזָאן , אוּנְזֶערֶע זֶעלֶען וֶוערְדֶען אוֹיף עֶוִויג פֶערְקְנִיפְּט , מִיט דֶען צוֹיבֶּער־בּוּנְד דֶער לִיבֶּע , אוּנ אִיךְ צְוֵוייפֶלֶע אָב זָא גַאר , דֶער טוֹיט אוּנְז שֵׁיידֶען וִוירְד , דֶען מַיין עֶקְסִיסְטֶענְץ הֵיינְט אוֹיךְ פוּן דַיינֶען אָב , לִיעבֶּע אננא ! אוֹיגֶענְבְּלִיק זַיינֶען מִיר שְׁוֶוערֶע שְׁטֵיינֶער פוּן מַיינֶען הֶערְצֶען הֶערוּנְטֶער , מַיין פֶערְצְוַוייפְלוּנְג אִין דִיךְ , וֶועלְכֶע וַואר בִּיז יֶעצְט

(פראצענטניק) פערבונדען

פֶערְבּוּנְדֶען מִיט אַיין זֶעלְבּסְט מָארְד, אִיזְט פוּן מִיר גֶענְצְלִיךְ עֶנְטְווִיכֶען, אוּנְד אִיךְ זֶעה דָאס אִין אוּנְזֶער אוּיס גֶעפִּירְטֶע לִיבֶּע, הָאט דִיא גָאטְהַיִיט אַלַיין אַיין אַנְטְהַייל גִינוּמֶען.

אננא, װֶעלְכֶע הָאט דִיא גַאנְצֶע צַייט גֶעוויינְט, הָאט נַאכְהֶער ירוחמ'ן אַרוּם גִינוּמֶען אוּנְד גִיזָאגְט:

„ירוחם, לִיבֶּער ירוחם! נָאךְ הָאסְטוּ גֶעצְווייפֶעלְט אִין מִיךְ, װֶעלְכֶע דוּא אַלַיין רוּפְסְט דַיינֶע טַהייעֶרֶע אננא אוּנ אִין מַיינֶען וָוארְטֶען. נָאךְ זַיינֶען דִיר נִיכְט בֶּעקַאנְט גִיוֶוען מַיינֶע טְרֵייהַייט אוּנְד הַיילִיגְקַייט דֶער שְׁווּאוּר? אוּנ נָאךְ בִּיסְטוּ נִיכְט אִיבֶּער צַייגְט גִיוֶוען אִין מַיין פֶּעסְטֶעס וָוארְט? וֶוען יֶעמַאנְד זָאל לֶעבִּין מִיר שְׁטֶען אַלְס אִיךְ בִּין הַאלְבּ טוֹיט גִילֶעגִין, אַלְס אַיין מָאמֶענְט הָאט גִיהַאלְטִין, דֶער אוּנְגֶערְבַּארִימְלִיכֶע פַייעֶר אוּנ שְׁטִיקֶענְדֶע רוֹיךְ זָאלִין מִיךְ פֶּערְצֶעהְרִין, אִין דִיא לֶעצְטֶע סֶעקוּנְדֶע. וואו מַיין אוּנְבֶּעשַׁיידְלִיכֶער עֶקְסִיסְטֶענְץ וָואלְט אוֹיף גִיהֶערְט, אוּנ מַיין קוֹים בֶּעוֶועגְלִיכֶעס הֶערְץ וָואלְט שְׁטַיין גִיבְּלִיבִּין, וָואלְט עֶר דַאן הֶערִין דָאס מַיינֶע לִיפְּפֶען פְּרֶעפְלִין אָהנֶע אוֹיפְהֶער דֶען נָאמִין ירוחם, מִיט וֶועלְכִין אִיךְ וַואר פַארְטִיג מַיין לֶעבִּין צוּ עֶנְדִיגֶען צוּ זַאמֶען מִיט אוּנְזֶער לִיבֶּע, יֶעצְט אָבֶּער דָא אִיךְ בִּין שׁוֹין פוּן גִיפַאהר אַרוֹיס, אַז גָאטֶעס גְנַאדֶע הָאט אוֹיפְגִיהַאלְטִין מַיין דוֹיעֶר בִּיז צוּ אוּנְזָערִם ווידֶער זֶעהֶען, זָא צְווייפֶעל נִישְׁט טַהייעֶרֶער ירוחם, דַיין אַצְטִינֶער בֶּעזוּךְ וֶועלְכִין נָאטֶעס הַאנְד הָאט גֶעפִיהְרְט. אוּנ וֶועלְכֶער אִיז פָאן אַיינֶער זַייטֶע מִיט טְרוֹיעֶר פֶּערְבּוּנְדִין, הָאט פוּן דֶער אַנְדֶערֶער זַייטֶע מִיךְ זָא בֶּעלֶעבְּט, זָא אָבְּגֶעפְּרִישְׁט וויא אַ מָארְגֶענְטְהוֹיא דִיא וֶועלְקֶענְדֶע בְּלוּמֶען, אוּנ אִיךְ בִּין שׁוֹין נַאנְץ גֶעזוּנְד, דִיא פַּאר פְּרָארֶענֶע בְּלוּט אִין מַיינֶען אָדֶערִין הָאסְטוּ ווידֶער אִין בֶּעוֶועגוּנְג גִיבְּרַאכְט, מַיינֶע שְׁוַואכֶע נֶערְוִין מִיט בַּאלְזָאם בֶּעשְׁמִירְט, דוּא הָאסְט מִיט דַיינֶע לִיבְּלִיכֶע וַוארְטִין, מִיר מִיט פַּארַאדִיז-בֶּלֶעטִיר בֶּעשָׁאנְקֶען, אוּנ מִיט דַיינֶעם ווידֶער זֶעהֶענְם גֶענוּג מִיךְ מִיט וַואסֶער פוּן לֶעבֶּענְס קְוֶועלֶע בֶּענָאסִין, דִיא אַלִי-הַייל מִיטֶעל הָאבִּין מִיךְ זָא הֶערְגִישְׁטֶעלְט, דָאס מַיינֶע קְרֶעפְטִין זִינְד יֶעצְט רִיזֶען-גְלַייךְ.

דֶער בַּייא הָאט זִיא זִיךְ אַנִידֶער גִישְׁטֶעלְט, הָאט אַ דְרֵייסְטִין שְׁרִיט גִיטָאן, אוּנ אִיז אוֹיף דֶען אוֹיפְשְׁטֶעהֶענְדִין ירוחמ'ן אַרוֹיף גִיפַאלִין, וֶועלְכֶע הָאבִּין זִיךְ ווידֶער שְׁטַארְק גִיקוּשְׁט אוּנ גִיוויינְט, דָאס זַייא הָאבִּין נִיט בֶּעמֶערְקְט וויא מאלווינע אִיז אַרַיין גִיקוּמֶען אוּנ אִיז שְׁטַיין גִיבְּלִיבֶּען, וויא עֶס וַוייזְט אוֹיס הָאט זִיא אַלַיין קַיין עַיִן הָרָע אננען נִיט גִיוָואלְט גֶעבִּין, זִיא הָאט אִיהרֶע אַייגֶענֶע אוֹיגֶען נִישְׁט גִיגְלוֹיבְּט, דָאס דֶער שְׁוַואכֶער אננען, וֶועלְכֶער וַואר זָא נַאר שְׁוָוער צוּ זִיצֶען, זָאל אִיצְט שְׁטַיין. דִיא שְׁטוּמֶע אוּמְאַרְמוּנְג, הָאט גֶעדוֹיעֶרְט אַייבִּינֶע מִינוּטֶען אוּנ אַלְס עֶר הָאט אננען אוֹיף אִיהר אָרְט גִיזֶעצְט. הָאט עֶר מאלווינען דֶער זֶעהֶען. אננא אִיז רוֹיטְה גִיוָוארְדֶען.

שרעק (פּראצענטניק)

שְׁרֶעק דִיךְ נִישְׁט מַיין קִינְד הָאט זִיא צוּא אִיהר גִיזָאגְט . זַייא נוּר גִיזוּנְד וֶועלִין מִיר דַיין וואוּנְשׁ נִיט שְׁטֶערִין . דֶער בַּייא הָאט זִיךְ אַיין נַייא אוּמְאַרְמוּנְג אָן גִיפַאנְגֶען מאלווינע מִיט ירוחמן . אוּנ זִיא הָאט אִים מוּטֶערְלִיךְ גֶעקוּסְט . דַאן הָאט אָן גִיפַאנְגֶען עֶרְצֵיילוּנְגֶען אִיבֶּער דָאס פֶּערְגַאנְגֶענֶע . מְרֵייסְטוּנְג אִיבֶּער צֵייגֶענְהָאפְנוּנְגִין וֶועגִין דֶער צוּקוּנְפְט ;

גַאנְץ רוּהִיג אוּנ בֶּעשִׁידִין אִיז בַּאלְד דַארוֹיף אַרַיין גִיקוּמֶען פּישעלעוויץ . וִויא צוּא פְרִידֶען עֶר אִיז אִיצְט גִיוֶועזֶען פוּן ירוחמס וִוידֶער זֶעהְן . אוּנ וִויא אִים הָאט גֶעפְרֵייט מאלווינעס עֶרְצֵיילוּנְג . אִיז אִיבֶּערִיג צוּ דֶער צֵיילִין . גַאנְץ גִילַאסֶען הָאט עֶר נָאךְ דֶעם צוּ מאלווינען זִיךְ גִיוֶוענְדֶעט . זֶעה מַיין לֶעבִּין הַיינְט בַּאנַאכְט זָאל זַיין אוֹיף גֶערַאמְט אִין שְׁטוּב . אָבֶּענְדְס וֶועט צוּ אוּנְז קוּמֶען דֶער דִירֶעקְטָאר פוּן פעטערסבורגער פֶּערְזִיכֶערוּנְגְס גֶעזֶעלְשַׁאפְט אוּם מַיינֶע פַּאפִּירֶען דוּרְךְ צוּ זֶעהְן . עֶר אִיז הַיינְט אָן גִיקוּמֶען .

עֶר הָאט אִיר עֶרְצֵיילְט דָאס אוֹיף דֶער נַאס הָאט אִים גִיטְרָאפִין אַיין דִינֶער פוּן גְרַאנְד הָאטֶעל . וֶועלְכֶער הָאט אִים אַרוֹיף גִיבֶּעטִין צוּם דִירֶעקְטָאר אוּנ דָאס אָבֶּענְדְס אִיז בֶּעשְׁטִימְט דִיא זַאכֶע צוּ רֶעגִילִירֶען , דֶער צוּ הָאט עֶר אִיר גֶעזָאגְט דָאס עֶר הָאט שווארצבערגין אוּנ בערנוסין אוֹיךְ גֶעבֶּעטִין וֶועלְכֶע זָאלִין עֶס אוֹיס גְלַייכֶען , ירוחם אִיז נָאךְ דָארְטִין לַאנְג גִיזֶעסִין , אוּנ וִויא שְׁוֶוער אִים אִיז גֶעוֶועזִין זִיךְ מִיט אננען צוּ שֵׁיידֶען , דָאךְ הָאט עֶר גֶעמוּזְט צוּא זַיינֶע קוּמֶערִינְדֶע מוּטֶער אוּנ שְׁוֶועסְטֶער אַהֵיים קוּמֶען .

דָאס הָעַן מֶען שׁוֹין אַלֵיין פֶּערְשְׁטֵיין וֶוען פּישעלעוויץ זָאל אִים זָאגַאר נִיט בֶּעטִין אוֹיפִין אָבֶּענְד . וָואלְט עֶר אוֹיךְ גֶעקוּמֶען בִּפְרַט עֶר הָאט אִים גִיבֶּעטִין .

שערע־עווסקי וֶועלְכֶער הָאט אִיהם מִיט דִיא גְרֶעכְטֶע אוּנְגֶעדוּלְד עֶרְוַוארְטֶעט , אוּם זִיךְ אַבִּיסֶעל דוּרְךְ צוּא גֵיין הָאט אִיהם שׁוֹין בַּיים טוֹיעֶר גֶעטְרָאפִין , בֵּיידֶע זַיינֶען אִין שְׁטוּב אַרַיין אוּנ אַלְס עֶר הָאט שערעשעווסקען אוֹיךְ צוּא פּישעלעוויצען אַת בַּייא נַאכְט גֶעלַאדִין , הָאט עֶר ירוחמן גִיבֶּעטִין עֶר זָאל מִיט אִים גֵיין צוּא לִיב דֶעם אָבֶּענְד קוֹיפֶען אַיין נַייעֶן קָאסְטִיוּם , זַייא זַיינֶען בַּאלְד אַוֶועק , אִין אֵיינִיגֶע מַאגַאזִינֶען גִיגַאנְגֶען אוּנ צוּא לֶעצְט צוּא בערנוסען הֶעבִּיין .

דָאס הֶערְץ זָאגְט מֶען בַּייא אוּנְז אִיז אַזֵייגֶער , אִיךְ וַויים אֲפִילוּ נִיט פַאר וָואס גְלַייכְט זִיךְ דָאס דֶער צוּא ? עֶס וָואלְט שׁוֹין גְלַייכֶער גִיוֶועןְ מֶען זָאל זָאגִין דָאס הֶערְץ אִיז אַיין קָאמְפַּאס , עֶס צַייגְט אוּנְז דִיא פִיר זַייטֶען דֶער וֶועלְט , אִין וֶועלְכֶע מִיר זָאלִין זִיךְ וֶוענְדֶען אָדֶער אַיין מַאגְנֶעט , וָואס צִיהט צוּ אַיין גֶעוִויסִין פּוּנְקְט . אָדֶער אַיין אורים ותומים וָואס זָאגְט אוּנְז דִיא וַוארְהַייט , נוּר גֶענוּג עֶס וַוייזְט עֶס צִיהט , אוּנ מִיר זַיינֶען דָאס הֶערְץ זֵייעֶר גֶעהָארְכְזַאם זִיא שְׁטַייגְט מַאנְכֶע מָאל אִיבֶּער דֶעם וִוילֶען עֶס טְרֶעפְט אַז מִיר וִוילֶען וָואס אוּנ דָאס הֶערְץ

זָאגְט נֵיין, אָדֶער פַאר קֶערְט מִיר ווִילֶען עֶס נִיט, נוּר דָאס הֶערְץ צִיהט, וְוִיא אַיין מַאגְנֶעט הָאט אוֹיךְ יֶעצְט שֶׁערֶעשֶׁעווסקען אִין בערנוסעס מַאגַאזִין אַרַיין גִישְׁלֶעפְּט, בערנוס הָאט זִיךְ דַאן פְרַיינְדְלִיךְ מִיט זַיינֶע פְּרִיקַאזְצִיקֶעס אוּנְטֶער הַאלְטִין, וְוִיא אֵיינֶע מַאגִישֶׁע קְרַאפְט אָדֶער וְוִיא אַיין צוֹיבֶּערְשְׁוואוּנְק הָאט אוֹיךְ זַיין הֶערְץ בֶּערִירְט, עֶר הָאט זִיךְ מִיט דִי צְווֵייא יוּנְגֶע לַייט, נַאכְדֶעם זֵייא וָואס גֶעקוֹיפְט הָאבִּין דוּרְךְ גִירֶעט, פוּן וָועלְכִין גִישְׁפְּרָעךְ עֶר אִיז עֶרְפַאהרֶען, דָאס עֶר אִיז אוֹיךְ פוּן אֵיינֶע פאמיליע שֶׁערֶעשֶׁעווסקי, דֶער אִינְטְרֶעסַאנְטֶער בערנוס הָאט בַּאלְד אַיין פְרָעג גֶעטָאן וְוִיא זַיין נָאמֶען אִיז, אוּנ אַלְס עֶר הָאט אִים גֶעאַנְטְווָארְטֶעט בּארים, דָאס הֵייסְט בערל, הָאט זִיךְ בערנוס אִים אַוָארְף גִיטָאן אוֹיפִין הַאלְז, מַיין זָאהן ... מַיין קִינְד ... דוּא לֶעבְּסְט מַיין קִינְד? דֶער בּארים, וָועלְכֶער הָאט קוֹים זַיין פָאטֶער גִיקֶענְט, אוּנ הָאט גֶעמוּזְט בערנוסען גְלוֹיבֶּען, וַוייל זַיין הַארְץ הָאט אִים גִיזָאגְט, הָאט גֶעווֵיינְט אוּנ גֶעשְׁרִיעֶן פָּאטֶער ... דִיא אַלֶע צוּשׁוֹיעֶר הָאט אוֹיךְ דִי סְצֶענֶע צוּא טְרֶערִין גֶעבְּרַאכְט, מֶען הָאט בַּאלְד גֶערוּפִין זַיין שְׁוֶועסְטֶער הינדען, אוּנ אַלֶע זַיינֶען אַהֵיים גִיגַאנְגֶען מֶען קֶען זִיךְ פָארְשְׁטֶעלִין וָואס דָארְט הָאט זִיךְ גִיטָאן, פַאר פְרֵיידֶע אִיבֶּער בערנוסעס גֶעפוּנֶענֶען זוּן, אַזוֹא הָאט מֶען דָארְטֶען פַאר בְּרַאכְט בִּיז אִין דוּנְקֶעלֶען אָבֶענְד הֶערַיין.

אַרוּם זִיבֶּען דֶעם זַיינֶער זַיינֶען אַלֶע צוּ פִּישֶׁעלֶעוויצען אַוֶועק, וואוּ מֶען הָאט דִי וואוּנְדֶערְלִיכֶע עֶרְצֵיילוּנְג פָאר גֶעטְרָאגִין, אוּנ וואוּ מֶען הָאט דֶען עֶהרֶען גַאסְט פוּן וָועלְכִין פישעלעוויצעס הַאלְבֶּער אָדֶער פָאלְקָאמֶער גְלִיק אִיז בַּאשְׁטַאנֶען עֶס הָאט קַיין הַאלְבֶּע שְׁטוּנְדֶע גֶעדוֹיעֶרְט אִיז עֶר גִיקוּמֶען, מֶען הָאט טֵייא גִיטְרוּנְקֶען דַאן אַלֶע פַאפִּירֶען פָאר גֶענוּמֶען, מֶען הָאט גִירֶעט פֶערְשִׁידֶענֶע זַאכִין פישעלע־וויץ הָאט עֶרְצֵיילְט זַיינֶע אוּנְגְלִיקֶען וָואס פֶערְפָאלְגִין אִים אוּנ בערנוס פוּן זַיין גֶעפוּנֶענֶעם גְלִיק, זֵייא הָאבֶּען זִיךְ דָען אָבֶענְד שֵׁיין אוּנְטֶערהַאלְטֶען, אוּנ אַלְס דֶער הֶער אָדֶער וְוִיא מִיר וֶועלִין אִים רוּפִין איזאַק העלפאנדביין הָאט פָאר גִילֵייגְט פישעלעוויצען דִי הֶעלְפְט פוּן דִי פֶערְזִיכֶערוּנְגְס־סוּמֶמא, וַוייל עֵדוּת זַיינֶען דַאגֶעגִין הָאט ירוחם אַרוֹיס גִינוּמֶען רייזעלעס בְּרִיף, אוּנ הָאט עֶס דֶעם דִירֶעקְטָאר דֶער לַאנְגְט מִיט פָאלְגֶענְדֶע וָוארְטִין, „גֵיין מַיין הֶער דִי פֶערְאוּרְזַאכֶער פוּן דִיזֶען בְּרַאנְד קֶענֶען מִיט דִיזֶען בְּרִיף בֶּעווִיזִין זַיין, אוּנ דִי סוּמְמָא מוּז גַאנְצְלִיךְ אַרוֹיס גֶעצָאלְט וָוערִין, צוּם צֵייכִין דֶער וַוארְהַייט מַיינֶער וָוארְטִין, אִיסְט גְלַייכְצֵייטִיג דִיזֶער בְּרִיף קָאפִּירְט גֶעוָוארִין אִין נָאטִיץ־בּוּךְ בַּייא דֶען הֶערְן פְּרָאקוּרָאר אַ.... אִין פעטערסבורג, וואוּ זִיא דִיזֶען פַאקְט גֶענוֹיא ווִיסֶען קֶענֶען".

דֶער לָאגִישֶׁע גִישְׁפְּרֶעךְ פוּן ירוחם אוּנ דִיא שֵׁיינֶע שְׁטִימֶע מִיט וֶועלְכֶע עֶר הָאט אוֹיף דֶער אֵיידֶעלְמֶעטֶער אַרְט, דִיא וָוארְטִין אַרוֹיס גִיגֶעבֶּען הָאט גֶעצְווּאוּנְ־גֶען דֶעם הֶערִין, פישעלעוויצען צוּא פְרַאגֶען: „אִיזְט דִיזֶער יוּנְגֶער מַאן אַייעֶר זָאהְן?

זיין האט פישעלעוויץ גיענטפערט, דיזער יונגער העיר איז פארבשטיין דער זון פון איין היגען רייכן מאן משה פארבשטיין זיין נאמען איזט ווי א מיר זיינען געוואוינט אים צו רופען, „ירוחם" ער גייט יעצט איבער אין דריטע מעדיצינס-פאקולטעט, אונ איז מיין צוקינפטיגער שוויגערזאהן.

העלפאנדביין, וואס האט אמאל אויך געהייסן פארבשטיין, אונ וואס האט דיא אלע סמנים ניט אויף זיינע געדאנקען גיהאלטען האט זיך שטארק פאר טראכט.... ער האט זיך אבער באלד ווי א פון איין טרוים אויף גיחאפט, זיין געזיכט האט איינע אנדערע פארבע גיקראגין, אונ ארויף ליינענדיג ביידע הענט אויף זיין קאפ האט ער גאנץ שטיל אונ מיט איינען העכסט מאראלען טאן געפרעגט אויף פראסט אידעש: „לעבט נאך מיין פאטער, מיין ברודער משה?"..

„איהר ברודער משה?" האט פישעלעוויץ ווידער האלט, אונ אלע זיינען גיבליבען זיצען ווי א צו געשמיטע אויף זייערע ערטער, אויף יעדינס געזיכט האט זיך געיאוועט איין פריידענס שמייכעל, געמישט מיט טרויער, אלע האבען אונבעוועגליך אויס גישטעלט דיא אויגין אונ אויערין צו דיזען ביינגירדיגען רעטהזעל... ליידער, ערקט אכט טאגע ווי ער איז טויט, האט פישע-לעוויץ געאנטוואָרט.

ווער וואלט גלויבען האט דער העיר ווידער אן געהויבען, דאס דער צופאל פון אייער בראנד זאל מיך ערקענען מיט מיין ברודערס זאהן... ער האט ירוחמן ארום גינומען אונ ביידע האבען זיך געקוקט אהגע אויפהער.

ירוחם האט נור געוויינט וואס דער פאטער האט עס ניט דער לעבט צו זעהען....

לעבט נאך דיין מוטער? האט זיך דער העיר געווענדעט צו ירוחמן, האסטו נאך ברידער שוועסטער?

ירוחם וואס האט אויס פריידע נישט גיקענט ענטפערען, האט נור מיטן קאפ געשאקעלט.

פישעלעוויץ האט געהייסען מען זאל זייא רופען.

דער העיר איז אונטער דעסען גיזעסין זייער פאר זארגט, אין זיינע גידאנקען איז גילעגין איינע פאלקאמע צעדשטערונג, אונ אויף זיין שיינען גראסען שטערין האבען זיך באוויזען טרויער קנייטשען, ער האט מיט דיא פינגער אויפען טיש גיקלאפט אונ נור ווידער האלט „ערקט אכט טאגע ווי ער איז טויט, אונ אלס אננע, וועלכע האט זיך שוין ניט גיקענט איין האלטין פון וויינען איז קיים ארויס אין צווייטען צימער, האט ער גאנץ ראנגזאם דען קאפף אויף געהויבען אונ געפרעגט. „אונ דאס פריילען איז אייער טאכטער?"

(פראצענטנ״ק) פישעלעוויץ

פִּישֶׁעלעוויץ הָאט אַיין אוּנְוִוילִיגֶען שָׁאקֶעל גִיטָאן מִיטִין קָאפּ „אִיךְ“ הָאט עָר גִיזָאגְט הָאבּ קֵיין קִינְדֶער נִישְׁט „דָאס אִיז דֶעם גְרוֹיסֶען פָּאדְרַיַאצִיגְס אִיר הָאט גִימוּזְט פוּן אִים הֶערִין, אייזענשטיינס אַיין טָאכְטֶער אִיךְ הָאבּ אִיר נָאךְ צוּא גִינוּמֶען אַלְס קִינְד אוּנ זִיא אִיז בַּייא אוּנְז וִויא אַיין טָאכְטֶער גִירֶעכִינְט . . .

העלפאנדביין הָאט זִיךְ נָאךְ שְׁטַארְקֶער פַאר טְרַאכְט אוּנ הָאט בַּאלְד אַיין קְלַאפּ גִיטָאן אוֹיפִין טִישׁ „פּוּי אַהֶעסְלִיכֶע וֶועלְט . . . . עֶס וֶוערִין גַאנְצֶע פַאמִילְיֶען צוּא טְהֵיילְט, אִין אַלֶע פִיר עֶקֶען וֶועלְט עֶס וֶוערִין גֶעשֵׁיידֶעט בְּרִידֶער מִיט שְׁוֶועסְטֶער, פָאטֶער פוּן קִינְדֶער, אוּנ מֶען וֵויים נִיכְט אֵיינֶער פוּן דֶעם אַנְדֶערִין ;

עֶר הָאט בַּאלְד גֶעלַאסֶענֶער גִיפְרֶעגְט אָבֶּער זָאגֶען זִיא גֶעפֶּעלִינְסְט, אִיז הַיינְט פַאר אַיין טָאג ? דֶער טָאג אוּנ דִיזֶער אָבֶענְד דַארְפִין טִיף אִין אוּנְזֶערֶע הֶערְצֶער פֶערְצֵייכִינְט וֶוערִין, דָאס קֶען מֶען רוּפִין : „דֶער וואוּנְדֶער אָבֶענְד“ זִיא וָואלְטֶען גְלוֹיבֶּען מַיינֶע הֶערִין דָאס דֶער פְרֵיילִינְס בְּרוּדֶער אלכסנדר אייזענשטיין, פוּן וֶועלְכֶען זִיא וֵויים גָאר נִיט אִיז אַפְּרִיסַאזְנִי פָּאוֶוערֶענִי אוּנ מַיינֶער אַיין אֵיידִים . . . . .

חנה, אננא ! הַאבֶּען אַלֶע אָן גִיהוֹיבִּין צוּא שְׁרַייֶען .

דִיא שְׁוַואכֶע אננא וֶועלְכֶע הָאט דָארְטִין זִיצֶענְדִיג גִיטְרַאכְט דָאס אַלֶע טְרֶעפִין זִיךְ מִיט קְרוֹבִים, מֶען בֶּעגֶעגְנֶעט זִיךְ מִיט פְרַיינְדֶע, נוּר זִיא עֶלֶענְדֶע הָאט זִיךְ נִיט מִיט וֶועמֶען צוּא טְרֶעפִין, הָאט אִין דֶעם אוֹיגֶענְבְּלִיק גֶעמֵיינְט אַז עֶס בְּרֶענְט וִוידֶער, אוּנ אִיז אוֹיס שְׁרֶעקֶען אַרַיין גֶעלָאפִּין ;

חנה ! הָאבִּין וִוידֶער אַלֶע מִיט פְרֵיידֶען קְלַאנְגֶען גֶעשְׁרִיֶען, דַיין בְּרוּדֶער סנדר לֶעבְּט אוּנ אִיז דֶעם הֶערִינְס אֵיידֶעם .

דַארוֹיף אִיז אָן גֶעקוּמֶען רייזיל מִיט דִיא מוּטֶער, מֶען הָאט שוֹין דִיא נַאכְט נִיט גֶעשְׁלָאפִין נוּר פֶערְבְּרַאכְט אִין עֶרְצֵיילוּנְגֶען אוּנ בֶּעוואוּנְדֶערוּנְגֶען אִין וֵויינֶען אוּנ אִין לַאכֶען ירוחם הָאט עֶרְצֵיילְט דָאס עֶר קֶען דֶעם אייזענשטיין, דָאס עֶר הָאט אִים אַיין פְּרָאצֶעס אִיבֶּער גִיגֶעבִּין מֶען הָט בַּאלְד העלפאנדביינס פְרוֹיא אוּנ אייזענשטיין טֶעלֶעגְרַאפִירט אוּנ גִיבֶּעטִין זֵייא זָאלִין מִיט דֶער גַאנְצֶער פַאמִילְיֶע קוּמֶען .

אַף מָארְגֶען הָאט דֶער העלפאנדביין פישעלעוויצען אַרוֹיס גִיגֶעבִּין אַצֶעק אִין בַּאנְק אוֹיף אַיין גְרוֹיסֶע סוּמֶע גֶעלְט, אוּנ דִיא שְׁטְרַאהלֶען דֶער בְּרֶענֶענְדֶער זָאנֶע הָאט וִוידֶער אִין פישעלעוויצעס פֶענְסְטֶער אָן גִיהוֹיבִּין צוּא שַׁיינֶען .

דָער פְּרָאמֶע לֶעבֶּען בְּלִיהעט ,
דִיא פֶּערְבְּרָעכֶער גֵייֶען צוּא שְׁטְרַאנְד ;
אִין יֶעדָעם פָּאלְק אוּנְד רַייךְ זִיהעט ,
אִיז דֶער עֶרְסְטֶע צוּם זֶעגֶען , דִיא צְוֵוייטֶע צוּר שַׁאנְ ....

דִיא צַייט וָואס וִוישְׁט אָפּ אַלֶע טְרֶערֶן , וָואס בְּרֵיינְגְט אַמִיטָעל צוּ יֶעדֶע וואוּנְדֶע , אוּנ וָואס הֵיילְט דִיא גִיפֶערְלִיכְסְטֶע קְרַאנְקְהַייטֶען , הָאבֶּען אוֹיךְ פארבשטיינס פַאמִילְיֶע בֶּערוּהִיגְט , דִיא טְרוֹיֶער טַאגֶען זַיינֶען פַאר בַּייא גִיגַאנְגֶען אוּנ דִיא פְרֵיידֶענְסְצַייט אִיז אָנְגִיקָאמֶען , אַזוֹי וִויא דֶער שֵׁיינֶער פְרִיהְלִינְג נָאךְ אַיין שְׁטַארְקֶען ווִינְטֶער , אָדֶער וִויא דֶער פְרֵיילִיכֶער סוכות מִיט דֶעם שׂמחת-תורה , נָאךְ דִיא עשׂרת ימי תשובה ; פּישעלעוויצעס הויז הָאט זִיךְ נָאךְ דֶעם אָבֶענְד אָנְגֶעהֵייבֶּען שְׁטַארְקֶער צוּ בּוֹיעֶן אוּנ רֶעפָּארִירֶען זָא , דָאס אִין אַיין כָאנַאט אַנְדֶערהַאלְבֶּען אַרוּם וַואר שׁוֹין גַאנְץ פֶערְטִיג , אוּנ נָאךְ שֶׁענֶער וִויא פְרִיהָער , הַאלְבּשְׁטָאט זַיינֶען גִיוֶועז גִילַאדֶען צוּם חנוכת-הבית , אוּנ יֶעדֶערֶער הָאט פֶערְגְנִינֶען גִיהַאט צוּ הֶערֶן , וִויא מֶען הָאט עֶרְאִינֶערְט דֶעם אָבֶענְד , אִין וֶועלְכֶען זַייא הָאבֶּן זִיךְ עֶרְקֶענְט , אִיבֶּער הוֹיפְּט הָאט זִיךְ דִיא שְׁטָאט גִיפְרֵייט , וָואס זֵיי דַארְפֶען זִיךְ נִיט שֶׁעמֶען מִיט משה׳ס בְּרוּדֶער אוּנ אִיבֶּער אַלֶען דִי קַצָבִים , וָואס זֵייעֶר גַבַּאי׳ס בְּרוּדֶער אִיז אַיין דִירֶעקְטָאר אוּנ אַרֵייכֶער מַאן , מֶען הָאט זִיךְ בַּאלְד אָנְגֶעהֵייבֶּען צוּא רִיכְטֶען וִויא בַּיי פּישעלעוויצען זָא אוֹיךְ בַּייא פארבשטיינען אוֹיף ירוחם׳ס חתונה מִיט אננען , וֶועלְכֶע הָאט זִיךְ עֶרְהַאלְט מִיט יֶעדֶע שְׁטוּנְדֶע , זִיא אִיז גֶעוָוארֶען בֶּעדַייטֶענְד שְׁטַארְקֶער אוּנ שֶׁענֶער וִויא פְרִיהֶער , אוּנ וָואס קֶען אַמֶעדְכֶען נָאךְ מֶעהר צִירֶען אוּנ שְׁטַארְקֶען , אַלְס אֵיינֶע בַּאלְד אָנְקָאמֶענְדֶע אֵייגֶענֶע חתונה , דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאט הָאט דַאמִיט גִיקָאכְט , דִיא הֶעכֶערֶע קְלַאסֶע הָאט זִיךְ נָאךְ מִיט אַמָאנַאט פְרִיהָער זִיךְ אָנְגֶעהֵייבֶּען דַאצוּ צוּ בֶּערֵייטֶען , דִי עֶלְטֶערֶע הָאבֶּען גֶעשִׁיקְט זֵייעֶרֶע צִילִינְדֶערְס צוּ דִיא הוּטֶען-מַאכֶער , דִיא יוּנְגֶע לַייט הָאבֶּען פַאר פֶערְטִיגְט בּוּקֶעטֶען , אוּנ דִיא מֶעדְכֶען וַוארֶען שְׁטַארְק בֶּעשֶׁעפְטִיגְט מִיט הַאנְדשׁוּה קוֹיפֶען , מִיט בַּאנְד אוּנ אַנְדֶערֶע דוּמְהַייטֶען , דִיא מִיטֶעלֶע קְלַאסֶע וָואס הָאבֶּן זִיךְ אוֹיךְ גִירִיכְט צוּ זַיין אוּנְטֶער דִיא גִילַאדֶענֶע הָאבֶּן זִיךְ אַנְדֶערְשׁ פֶערְפֶערְטִיגְט אוּנ גָאר דִיא נִידְרִיגֶע קְלַאסֶע , וֶועלְכֶע הָאבֶּען זִיךְ גִירִיכְט צוּ זַיין גָאר אוּנְגֶעבֶּעטֶענֶערְהֵייט הָאבֶּען קַיין פָארְבְּרֵייטוּנְג פָארְגֶענָאמֶען , דִיא כלי קודש דַאגֶעגֶען , הָאבֶּען שְׁטַארְק אַרוּם גִיזֶעהֶן זֵייעֶרֶע טִיפֶע קֶעשֶׁענֶעס . אוּנ הָאבֶּען זִיךְ בֶּעוָוארִינְט עֶס זָאל נִיט זַיין בַּייא וֶועמֶען חָלִילָה אַשְׁבְרָא-כֵּלִי , אַנְדֶערֶע הָאבֶּען זִיךְ גִירִיכְט פוּן דֶער חתונה זֵייעֶרֶע שְׁטִיבְּלַאךְ צוּא פַאר רִיכְטֶען אוּנ צוּא צוּא בּוֹיעֶן נָאךְ אַפָּאר הַייזֶעל , אַנְדֶערֶע , חתונה צוּא מַאכֶען זֵייעֶרֶע פַארְזֶעסֶענֶע טֶעכְטֶער , אוּנ אַנְדֶערֶע צוּא קוֹיפֶען אַפָּאר וִוינְרִישֶׁנֶע בִּילֶעטֶען . —

מָערְקְווִירְדִיג , אַלֶע זַאכֶען וֶוערִין בַּייא אוּנְז אִידֶען מִיט דֶער צַייט אוֹיס גֶעבֶּעסֶערְט אוּנ רֶעפָֿארְמִירְט , אוֹיסֶער דִיא שְׁלֶעכְטֶע זִיטֶען פוּן דְרָשָׁה-גִישַׁאנְק , אוּנ כלי קודש בַּייא יֶעדֶער שִׂמְחָה , בַּייא אַנְדֶערֶע טְרֶעפְט , דָאס זַייא שַׁאצֶען אוֹיךְ אִין דִיא נַדָן אַיין דָעם דרשה-גישאנק , אוּנ אַז עֶס פֶעלְט צוּ דִיא גִירֶעכֶענְטֶע סוּמְמַא , קוּמְט אַרוֹיס סְקַאנְדַאלֶען , טַאקֶע בַּאלְד נָאךְ דֶער וֶועצֶערֶע , אַז אַנוּטֶער פְרַיינְד פוּן דִיא גִיבַאדֶענֶע זָאל חָלִילָה נִיט בְּרֶיינְגֶען קַיין דרשה-גישאנק , קוּמְט אַרוֹיס דִיא גְרֶעסְטֶע שִׂנְאוֹת , אוּנ עֶר וֶוערְט נוּר בֶּעלֵיידִיגְט אִיבֶּער דֶער אוּמְזִיסְטֶער וֶועצֶערֶע , אוּנ ווִיא גִיסְט זִיךְ נֶעבַּאךְ דָאס בְּלוּט פוּן דָעם אָרֶעמֶען ק־וֹב , אַז עֶר קָען פָארְט נִישְׁט בְּרֵיינְגֶען , נֵיין , מֶען אִיז נָאךְ דֶער מִיט נִיט יוֹצֵא , אַז מֶען אִיז שׁוֹין קוֹים אִיבֶּער גִיקוּמֶען דִיא בִּזְיוֹנוֹת פוּן דִיא פָּאר פָאלְקְס אַרוּם זִיצֶער , וָואס בַּאטְרַאכְטֶען יֶעדֶען אֵיינְצִיגֶען ווִיפִיל אוּנ וָואס עֶר הָאט גִיבְּרַאכְט , אַז אַלֶע הָאבֶּען זִיךְ שׁוֹין אַרוּם דִיא טִישֶׁען גִיזֶעצְט , הֵייבְּט אָן צוּ גֵיין אַסְקָאדְרָאן מְקַבְּלִים אוּנ בדחנים , פְרִיהֶער גֵייט אֵייגֶער אַיין עוֹסֵק בצרכי צבור מִיט אַיין אָפֶּענֶע הַאנְד וָועלְכֶער לָאזְט קֵיינֶעם נִיט דוּרְךְ , אוּנ זָאגְט דֶער בַּייא אָפְּט זֵייעֶר מִיאוּסֶע גְלַייךְ וֶוערְטְלַאךְ לטובת הכלל ; נָאךְ אִים גֵייט אַיין הִינְקֶענְדִיגֶער שַׁמָשׁ , אוֹיךְ מִיט דֶען זֶעלְבֶּען גַאנְג , בַּאלְד יַאוָועט זִיךְ ווִידֶער נָאךְ אַשַׁמָשׁ מִיט אַיין אַיינְגֶעפַאלֶענֶעם גָאז וָואס אוֹיף אִים אַקוּקְטַאנְדִיג ווַייכְט שׁוֹין דֶער אַפֶּעטִיט בַּיים ז׳ שְׁטֶען גִירִיכְט אוּנ נָאךְ אִים אַיין גַאנְצֶע שְׁעֶרֵיינְגֶע פוּן אַלֶער הַאנְד בטלנים , דֶען בַּייא קֵיין פָאלְק אוּנ-לַאנְד גֶעפִינְט זִיךְ נִיט אַזוֹי פִיל , ווִיא בַּייא אוּנְז אִין דִיא לֶענְדֶער , שׁוֹין צַייט מֶען זָאל דִיא אַלֶע זַאכֶען אוֹיסְמֶעקִין פוּן דֶעם אִידֶעשֶׁען רֶעלִיגְיָאזֶען רֶעסְטֶער קוּרְץ דִיא שְׁטָאט וַואר מִיט דֶער חתונה אוֹיף . —

אַכְט טַאגֶע פַאר דֶעם אִיז צוּא פִישֶׁעלֶעווִיצֶעס הוֹיז צוּא גֶעפָאהרֶען אַיין עֶקִיפַּאז פוּן וֶועלְכֶען עֶס זַיינֶען אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען , העלפאנדביינס פְרוֹיא , אַיינֶע הֶעכְסְט פָארְנֶעהְמֶע דַאמֶע , אַיוּנְגֶער מַאן , דָאס אִיז גִיוֶוען אלכסנדר אייזענשטיין , העלפאנדביינס מִיאכְטֶער (זַיין פְרוֹיא) , אוּנ יאקאב זֵייעֶר זָאהן פוּן אָיאר צְווַאנְצִיג ; וָואס וַואר שׁוֹין אִיבֶּער אַלֶע מַאסֶען , אַלֶע זַיינֶען צוּ פִישֶׁעלֶעוויצען אַרוֹיף אוּנ דַאן הָאט דִיא פְרֵיידֶע אָנְגֶעפַאנְגֶען אִים פָאלֶען גְלַאנְץ , מֶען הָאט גַאנְצֶע טֶעג אוּנ נֶעכְט פַאר בְּרַאכְט נוּר אִין הֵיידֶען אוּנ לוּסְטִיגֶען פַארְבְּרֵיינְגֶען אוּנ יֶעדֶער וַואר אִין דֶעם הוֹיז בֶּעלֶעבְּט . —

רייזל אִיז אוּנְטֶערְדֶעסֶען שְׁטַארְק גִיפֶעלֶען יאקאבען אוּנ זָא אוֹיךְ עֶר אִיז זַייא הָאבֶּען גֶענוּג צַייט גִיהַאט אִין דִיא קוּרְצֶע צַייט זִיךְ צוּא פַארְלִיבֶּען אוּנ הָאבֶּען צְווִישֶׁען זִיךְ בַּאשְׁלָאסֶען צוּ הֵייַראטֶען , קֵיינֶער הָאט דַאפָאן נִיט גִיווָאוּסְט , אוּנ אַלְס זַייא זַיינֶען אַמָאל גַאנְץ אֵיינְזַאם גֶעזֶעסֶען הָאט יאקאב גִיזָאגְט צוּ רייזלען, „לִיבֶּע ראזאליע״ , יֶעצְט אִיז גְרַאדֶע דִיא צַייט , וָואס קֶען אוּנְז גֶעלוּנְגֶען אוּנְזֶער פְּלַאן אוֹיס צוּ פִיהרֶען , זוּךְ לִיבֶּעס קִינְד אַמִיטֶעל , יֶעמַאנְד זָאל דִיא זַאכֶע מַיינֶע עֶלְטֶערִין פָארְבְּרֵיינְגֶען , יַא , הָאט ראזאליע זִיךְ אָפְּגֶערוּפֶען , דוּא הָאסְט רֶעכְט

מַיין פְרַיינְד, אִיךְ הָאבּ אַמְטִיל וָואס מוז ווירְקֶען, וַוארְט, עֶס קָען זַיין דָאס בַּאלְד וֶועל אִיךְ אַפְּרַיילִיכֶען אַנְטְוָוארְט בְּרֵיינְגֶען. —

זִיא אִיז אַרַיין צוּא פִּישֶׁעלעוויצען, וֶועלְכֶער הָאט דֶען רֶעסְטֶער דַאן גֶעמַאכְט, וֶועמֶען צוּא לַאדֶען, וָואס גוּטֶס מַיין קִינְד? הָאט פִּישֶׁעלעוויץ בַּייא אִיהר גִיפְרֶעגְט. —

הֶער פִּישֶׁעלעוויץ הָאט ראזאליע אָנְגֶעהַייבֶּען, אַייךְ אִיז גֶעוִוים אִינְטְרֶעסַנְט צוּ וִויסֶען, וֶוער דִיא גְלִיקְלִיכֶע פֶּערְזָאן אִיז וָואס הָאט זִיךְ דִיא מִיהֶע גֶענוּמֶען אַייךְ פוּן לֵייבֶּען-גְרוּבּ צוּא רֶעטִין, אוּנ פוּן פֶּעסְטוּנְג צוּ בֶּעפְרַייעֶן. —

אִיךְ! הֶער פִּישֶׁעלעוויץ בִּין דִיא פֶּערְאוֹרְזַאכֶערִין פוּן אַייעֶר פְרַייהַייט דֶער בַּייא הָאט זִיא דֶער צֵיילְט דִיא גַאנְצֶע גֶעשִׁיכְטֶע פוּן זַיין פְרַייא וֶוערִין, עֶר הָאט אִיהר אַקוּס גִיטָאן. —

נוּן פֶערְדַאנְק אִיךְ דִיךְ לִיבֶּע ראזאליא, הָאט עֶר גִיזָאגְט, אִיךְ הָאבּ צוּ גָאט דַאפִיר מִיט גוּטֶעס דִיךְ אָפּ צוּ דִינֶען. —

„דִיא בֶּעלָאהנוּנְג הֶער פִּישֶׁעלעוויץ, אִיז יֶעצְט אִין אִיהֶעם גִיוַואלְד, אִין אַייעֶר מַאכְט אִיז יֶעצְט מַיין גְלִיק אוּנ אוּנְגְלִיק חָלִילָה, דֶען זִיא קֶענֶען יֶעצְט צְוַוייא פֶערְבּוּנְדֶענֶע פֶּערְזָאנֶען גְלִיקְלִיךְ מַאכִין, זִיא הָאט אִיהם עֶרְצֵיילְט דָאס זִיא אִיז פֶּערְלִיבְּט אִין יאקאבען אוּנ עֶר אִין אִיהר, נוּן פַאר לַאנְג אִיךְ מִיט רֶעכְט הָאט זִיא וַוייטֶער גִיזָאגְט צוּא פִּישֶׁעלעוויצען, אִיהר זָאלְט אוּנְזֶער שַׁדְכֶען זַיין אוּנ אוּנְז רָעטֶען.

פִּישֶׁעלעוויץ הָאט מִיט אִיהר מֶעהר נִיט גִירֶעט, אוּנ אִיז בַּאלְד אַרַיין צוּ העלפאנדביינען, „דֶעם אַבֶּענְדְס" הָאט עֶר נָאר צוּ אִיר גִיזָאגְט, וֶועל אִיךְ אַייךְ בֶּעשֵׁייד זָאגֶען, וַואהְרְשֵׁיינְלִיךְ לוֹיט אַייעֶר ווּאוּנְטְשׁ, נַאטִירְלִיךְ הָאט עֶר דֶער בַּייא קֵיין גְרוֹיסֶע מִיהֶע נִיט גֶיהַאט, זַיינֶע וֶוערְטֶער הָאבֶּען זֵייעֶר וִוירְקוּנְג גִימַאכְט אוּנ דֶעם אבֶענְדְס אִיז עֶר צוּ זַאמֶען מִיט העלפאנדביין צוּא דִיא יְהַיימֶע פַאר-לִיבְּטֶע פָּאר אַריין גִינַאנְגֶען, אוּנ הָאבֶּען זֵייא פֶּעטֶערְלִיךְ אוּנ אוֹיךְ הֶערְצְלִיךְ גְרַאטוּלִירְט. —

אוֹיס צוּ דְרִיקֶען דִיא פְרֵיידֶע פוּן זֵייא אַלֶעמֶען אִיז אוּנְמֶעגְלִיךְ, אַלְס מֶען הָאט אוֹיךְ יאקאבס הָאכְצַייט צוּזַאמֶען בֶּעשְׁטִימְט מִיט ירוחמס, אִין דָאס הויז הָאט מֶען נוּר גִיטְרָאפֶען פֶערְלִיבְּטֶע הֶערְצֶער אָהנֶע אוֹיפְהֶער רֵיידֶענְד, גַאנְץ אָפְטֶע בֶּעלֶער אוּנ אַבֶּענְדֶע....

אלכסנדר אייזענשטיין הָאט אוּנְטֶערְדֶעסֶען אָפּ גִיגֶעבֶּען ירוחמ'ן, דֶען אָפּ גֶענָאמֶענֶען שׁוֹלְד פוּן מארגולים אוּנ הָאט אָנְגִיפַאנְגֶען בערנוסעס פְּרָאצֶעס צוּא פִּיהרֶען, מֶען זָאל אִים זַיין גוּט צוּרִיק קֶעהרֶען.

צְוַוייא טַאגֶע פַאר דִיא הָאכְצַייטֶען, אַלְס העלפאנדביין מִיט דֶער פְרוֹיא זַיינֶען גִיזֶעסֶען אוֹיפֶן בַּאלְקָאן פוּן פִּישֶׁעלעוויצעס הויז, דִיא זָאנֶע הָאט גִישַׁיינְט אִים פָּאלֶען זִינֶען דֶעם וָוארְטֶעס, דִיא לוּפְט וַואר אוּנְבֶּעשְׁרַייבְּלִיךְ רֵיין, אוּנ

יעדערער האט געזוכט איין שאטען וואו זיך פאן דיא ברענענדע היץ צו בעשיצן • אויף דיא פענסטער אונ באלקאנס פאן דאס הויז זיינען געווען ארונטער גילאזין שירמען. אין זאל ארום אפיאנא בייא וועלכע דיא אונגאטירליכע שיינע אננא איז געזעסין. זיינען גישטאנין אסך יונגע לייט אונ דאמען, פישעלעוויץ האט גילעזען אבלאט צייטונג, האבין אלע מיט איין מאל אוועק געווארפין דיא פיאנא מיט דיא צייטונג, אונ זיינען אלע ארויס געלאפען אויפען באלקאן • אנדערע האבין זיך אין דיא אפענע פענסטער גישטעלט, ווייל זייא האבין דער הערט איין קלאנג פון קייטען גייער, דאס האט מען פאר בייא געפירט אונטער אגרויסין קאנוואי פון בלויזע דעגען ר' מארקוס לאפידוס, ר' פייוועל שווינדעלמאן, מארינעוויץ, מיכעל אונ אנדערע אין ארעסטאנסקע קליידער, הינטען מיט שווארצע לאטעס אונ האלבע קעפ גיגאלט • פישעלעוויץ האט דאבייא געזאגט : דיא הינד זיינען אפילו ווערט דעם שטעקין, אבער דאך... ער האט ארויס גינומען אבייטעלע פון דער טאשע, אונ האט עס אראפ גיווארפין • לאפידוס האט עס צוא גענומען האט אויף גיהייבען דעם קאפ אויף דעם באלקאן אונ האט באדאנקט דעם וואלטהעטער... אלע זיינען צוריק צום פיאנא גיגאנגין • וואו אין איינינגען מינוטען שפעטער, האט מען אויף דער גאס דורך דיא אפענע פענסטער גאנץ פיאנא פאלגענדעס ליעד גיהערט זינגען [illegible] שפילען :

וויא צו פרידען דארף דער מענטש זיך שטעלען,
וועלכער אהנע שווינדעל לעבט אויף דער וועלט,
אונגליקליך איזט דער אין אלע פעלען,
ווער עס פארלאנגט אומזאנסט פרעמד געלט
שרעקליך שלעכט איזט זיינע ענדע,
אונד פערדינט איין יעמערליכען טויט,
יענער גייט מיט קייטען אויף דיא הענדע,
ווער עס וויל ניט פאר ארבייטין ערליך זיין ב[illegible] -

---

ווער עס לעבט נור אויף דער וועלט אומזיסט,
אונ וויל פאן פרעמדע נוצען עקסעסטירען,
אויך ווער עס אומשולדיגעס בלוט פערגיסט,
יענע וועט מען אויף דעם זעלבען ארט פירען;
ווייט, גאנץ ווייט ווירד זיין שיקזאל אים פעריאגען,
אונ אונטער דען בערגען איז זיין טויט בעשטימט,
דיא ארבייט איז אים שווער צו איבער טראגין,
אונ זיינע זינדען, ער דאך מיט זיך אים גראבע נימט.

---

([illegible])

## אַ פָּאר אֶמֶתֶע װֶערְטֶער ׃

מִיטִין אֶמֶת גִיזָאגְט אִיז דִיא גִישִׁיכְטֶעצְקֶע זֵייעֶר אַ פַּיינֶע זִיא װֶעט דֶעם לֶעזֶער זֵייעֶר גִיט אַמֶעזִירֶען , אָבֶּער דָאךְ מוּז אִיךְ מוֹדֶה זַיין דָאס זִיא װֶעט װֵיינִיג נוּצִין פִּיר דֶעם אִידֶעשֶׁען נַארָאד בְּרֵיינְגֶען , װִיא אַלֶע זַארְגָאנִישֶׁע בִּיכְלַאךְ פוּן דִיא נַייא-מָאדִישֶׁע פַאבְּרִיקֶעס , מֵיין אִיךְ , מְחַבְּרִים . אַזוֹי װִיא אִין אַלֶע גִישִׁיכְטֶען , װֶערְט דָא אוֹיךְ גִיקְרִיטִיקִירְט זֶעלְכֶע אַסָאבֶּעס נָאךְ װֶעלְכֶע מֶעדַארְף אוֹיס פָּארִין שְׁטֶעט אוּנ לֶענְדֶער בִּיז מֶען װֶעט זֵייעֶר גְלַייכִין גִיפוּנֶען , אָבֶּער װָאס זָאלִין מִיר טָאן — אוּנזֶער בִּיטֶערֶע פַּרְנָסָה — צוּא דִיא „נַארִישֶׁע װֶעלְט“ אָדֶער דַייטְלִיכֶער גִיזָאגְט „אוֹיפְלַאגֶער שׁוֹטִים“ , אַז זֵייא הָאבִּין הָאלְט אַ גִישִׁיכְטֶע עֶס זָאל אַרָאפּ גֵיין װִיא הִינֶערְשֶׁע יַאיְכֶעלֶע , עֶס זָאל זִיךְ זֵייא נִיט שְׁטֶעלִין חָלִילָה אַ בֵּיין אִין הַאלְדְז , דָאס הֵייסְט אַ שְׁװֶערֶע שְׁטִיקִיל עִבְרִי , אָדֶער אַ אִידֵייע פוּן װֶעלְכֶע מֶען קָאן טַאקֶע נוּצֶען בְּרֵיינְגֶען , דֶערוּם הָאבּ אִיךְ פוּן יוֹצֵא װֶעגִין אוֹיךְ גֶעמוּזְט מַאכִין דֶעם בִּיכִיל אוֹיף זֵייעֶר גוּסְט זָאגַאר עֶס װִילְט זִיךְ נִיט מַאכִין שֶׁהֶחֱיָנוּ אוֹיף אַ רֶעטַאךְ , נָאר אִיךְ הָאף אַז װֶען דִיא אוֹיף לַאגֶער װֶעלִין דֶעם עֶרְסְטִין מָאל בַּייא קוֹיפִין זִיסֶע לֶעקַאח װֶעל אִיךְ דֶעם צְװֵייטִין מָאהל אַרַיין נַארִין אַ שְׁטִיקִיל פַּאטוּרַאנְץ װָאס דָאס הַאפְּט שׁוֹין זִיס אוּנ בִּיטֶערְלַאךְ , אוּנ נָאךְ הֶער װֶעל אִיךְ זֵייא אַרַיין סַחֶערִין גָאר הֵיילֶע רְפוּאוֹת פוּן װֶעלְכֶע זֵייא װָעלִין טַאקֶע אֶפְשַׁר נוּצֶען הָאבִּין .

---

און אַלֶעס עֶר אִיז שׁוין אַלְט גִיוָואָרִין אַיָאהְר 12 אִיז עֶס נִיט אָן גִישְׁטַאנֶען צוא פֶערְבְּלַייבִּין אִין קילען וַוייל מֶען פְלֶעגְט אִים דָארְטִין אָפְּט אַרוּף טָאן מִיט דֶעם זִיסֶען נָאמֶען אַנְדְרֵיים ממזר, דֶערוּם הָאט עֶר זִיךְ צוּא גִיצֶעפֶּעט צוּא אַיין קָאמְפַּאנְיֶע שְׁנָארֶער אוּנ אִיז מִיט זֵייא אִיבֶּער דֶער וָועלְט אַוֶועק, דִיא שְׁנָארֶער הָאבִּין אִים אוֹיךְ גִיוואוּסְט וִויא צוּא שֶׁעצִין וַוייל עֶר אִיז גִיוֶוען אַיין קִינְסְטְלִיכֶער גנב אוּנ דֶערוּם אִיז עֶר גִיוֶוען דֶר גבאי פוּן זַיין קוֹמְפַּאנְיֶע, אַלֶעס עֶר אִיז אַלְט גִיוָוארִין אַיָאר צְוַואנְצִיג הָאט עֶר זִיךְ אַרוּם גִיזֶעהֶן דָאס וָוארוּם בְּרוֹיכְט עֶר אָן צוּא קָארְמֶענֶען דִיא גַאנְצֶע שְׁנָארֶער בַּאנְדֶע מִיט זַיינֶע גנבות, דֶערוּם הָאט עֶר זִיךְ פוּן זֵייא אָבּ גִיטֵיילְט אוּנ הָאט שׁוין פַאר זִיךְ שבת גִימַאכְט, עֶר אִיז אַרוּם גֶעפָארִין אַלֶעם בעל שם פוּן שְׁטָאט צוּ שְׁטָאט, אוּנ פְלֶעגְט זִיךְ אָן נֶעמֶען אוּים צוּא הֵיילֶען קְרַאנְקֶע אוּנ גֶעזוּנְד צוּא מַאכִין משוגעים אוֹיךְ מפקיד צוּא זַיין עקרות, אוּנ דֶער מִיט הָאט אִים גֶעגָאלְטִין בדלות צוּא שְׁטֶעלִין וִויפִיל נַארִישֶׁע הַייזֶער וָועלְכֶע הָאבִּין אִין אִים גֶעגְלוֹיבְּט, עֶנְדְלִיךְ אִיז שׁוין דִיא בֶּעטְרוּג אוֹיךְ אִין דֶער וָועלְט בֶּעקַאנְט גֶעוָוארִין, אוּנ דִיזֶער גִישֶׁעפְט הָאט שׁוין נִיט אוּמֶעטוּם גֶעגָאלְטִין, דֶערוּם הָאט עֶר שׁוין אַלְץ גֶעוָואַרְט אוּים דַיינְקֶען אַנַייעֶס פְּרֶעפֶּעסְיָאן פַאר זִיךְ.

אַמָאהל הָאט עֶר אוֹיפֶען וֶועג זִיךְ אָנְגֶעטְרָאפִין מִיט אַיין אָרִימָן יוּנְגֶען מַאן אוֹיף דִיא וֶועג וָועלְכֶע גֵייט קַיין ק... עֶר הָאט זִיךְ מִיטִין יוּנְגֶען מַאן פַארְנַאנְדֶער גִירֶעט אוּנ הָאט בַּייא אִים דֶערְגַאנְגֶען דָאס עֶר גֵייט קַיין ק... צוּא פַאר הֶעלְפִין זִיךְ בַּייא זַיינֶעם אַרַייכִין קרוב ר' משה זיידול, עֶר הָאט אִים גִיוִויזֶען דִיא בְּרִיף וָועלְכֶע עָר הָאט צוּא דֶעם גביר, אוּנ וָועלְכֶע רבנים זָאגִין עֵדוּת אוֹיף זַיין אָרִינְטְלִיכְקַייט, אוֹיךְ הָאט עֶר אַבְּרִיף פוּן זַיין פָאטֶער וָועלְכֶער אִיז זיידול'ס אַלַייבְּלִיכֶער שני בשני אוּנ וועלְכֶער הָאט אַמָאל מִיט זיידלִין פִיל גוּטֶעס גִיטָאן, אוּנְזֶער ממזר הָאט שׁוין קַיין פוּלֶע נִיט גִיקְלֶערְט אוּנ הָאט זִיךְ מִיט דֶעם יוּנְגֶען מַאן וָועלְכֶער הָאט גֶעהֵייסִין בעריל זידערמענש אַרַיין גֶעשְׁפַּאצִירְט אִין אַטִיפֶען וָועלְדִיל, אוּנ אַלֶעס עֶר הָאט זִיךְ בַּייא אִים גוּט אוּים גִיפְרֶעגְט וֶועגִין זַיין סִימַינֶע פָּאלָאזֶענֶע

אונ וויא אַזוי ער איז ויידול'ס אקרוב, איז ער אים פון הינטען איבער געפאלין אונ האט אים מיט אפלאקין מכבד געוועזען עטליכע מאהל איבערין קאפ ביז בעריל איז נידער געפאלין, אונ נאכהער האט ער אים ביז טויט דערשטיקט, אונ האט ביי אים זיינע רעקאמענדא-טעלנע בריף אַרויס גענומען, אונ האט גלייך געמאכט פיס ביז דער שטאט ק... אונ האט זיך גלייך פארגישטעלט צום גביר ר' משה ויידול אלעם זיינער אַקרוב. אונ אַלעם ר' משה האט די בריף איבער גילעזין, האט ער אים גאנץ פריינדליך צוא גענומען אונ האט אים געלאדין דאס ער זאל וועריו וויא איינער פון זיינע הויז לייט ביז ער וועט אים גוט דורך קאנען, אונ נאכהער וועט ער שוין וויסען וואס פאר איין שטעלע אים צוא געבין.

דער פאלשער בעריל נידערטרעכטיגע האט מיט זיין היטראסט געוואוקסט וויא ביי ויידלען נושא חן צוא זיין, ער האט זיך אַריין געמאכט ביי אים אין בוזעם, ער האט זיך אויך געמאכט אַ ירא שמים פעניטעל, אונ ער איז העכסט גיפעלין געווארין ר' משה'ן אונ אויך שרה'ן, אונ זייא האבין אים מקרב גיוועזן וויא טאקע עפעס רעכטס, אונ אַלעם ר' משה האט דיא אימעניע געקויפט האט ער דעם פאלשין בעריל'ן דארטין פאר איין קאמיסאר געמאכט. בעריל האט דעם הויף טאקע גאנץ גוט געפירט, אלע פארעבקעס זיינען פון אים אויס געריסען געווארין זייא האבין געמוזט טאג אונ נאכט אַרבעטין, אונ דער הויף איז געגאנגען אין ארדענונג, דאך האט קיין פרנסה קיין מאל ניט געוויזען פון הויף, בעריל האט שוין גיוויזע אַריכטיגען חשבון אַז עם קומט פון אים קיין גראסין געלט ניט אַרויס, אונ ר' משה האט אים חלילה ניט חשד גיוועזן, אונ אַזוי האט בעריל אַשיינעם קאפיטאל אויף געקליבען אונ איז גיוועזן גליקליך:

ר' משה מיט זיין פרוי שרה האבין אין זייער גרוים רייכטהום דאך קיין פאלער פערגעניגען גענאסין, ווייל זייא זיינען אנפאנגס אונפרוכטבאר (חשוכי בנים) גיוועזן, מעהאט איבער גיטאן אַלע סגולות אונ רפואות אונ ערסט אויפין אכטען יאהר נאך זייער חתונה זיינען זיי גיזעגענט געווארין דאס שרה איז שוואנגער געווארין, אנדערע

האבין

הָאבִּין גֶעזָאגְט אַז אַיין בעל שם׳ס אַ קמיעה הָאט גֶעהָאלְפִין , אוּנ אַנְדֶערֶע הָאבִּין אִין אַיין קוֹל גֶעשְׁרִיעֶן דָאס שׂרה׳ס צדקה הָאט דֶערַיין גֶעווירְקְט , אוּנְז אִיז דָאס אָבֶּער גָאר קַיין אוּנְטֶערְשֵׁייד נִיט , מִיר דַארְפִין נָאר ווִיסֶען אַז גְלַייךְ נָאךְ דֶעם ווִיא ר׳ משה מִיט זַיין פְרוֹיא זַיינֶען גֶעקוּמֶען פוּן דִיא בֶּעדֶער אִיז שׂרה שְׁוַואנְגֶער גֶעוָוארִין . דִיא צדקות ווֶעלְכֶע דִיא גוּטֶע מֶענְשִׁין הָאבִּין צוּא טָאן אִין דֶעם משך פוּן אִיר טְרָאגִין אִיז נִיט אוּים צוּא שְׁרַייבֶּען , עֶנְדְלִיךְ הָאט שׂרה אָבֶּער גֶעהַאט נִיט פַאר קַיין אִידֶעשֶׁע טָאכְטֶער גֶעבְּרַאכְט אַטוּיטֶע קִינְד , צוּ זַייעֶר טְרוֹיעֶר אִיז קַיין גְרוּנְד נִיט גִיוֶועזֶען , אָבֶּער זַייא זַיינֶען גְלַייךְ ווִידֶער גִיעֶנְטְפֶערְט גֶעוָוארִין מִיט דֶעם וָואס שׂרה אִיז ווִידֶער מַאלְס מְעוּבֶּרֶת גֶעוָוארִין , אָבֶּער דִיזֶער מָאל אִיז אוֹיךְ גִיעֶנְדִיגְט גֶעוָוארִין נִיט בֶּעסֶער ווִיא דֶעם עֶרְסְטִין מָאל , דֶעם דְרִיטֶען אוּנ דֶעם פֶערְטִין מָאל אִיז שׁוֹין גִיוֶועזֶען אַלֶעבֶּעדִיגֶע קִינְד נָאר אוֹיף קוּרְצֶע טֶעג , דֶען זַייא הָאבִּין נוּר אַפָּאר וָואכִין אוּים גִילֶעבְּט .

עֶס אִיז יֶעדֶערִין לַייכְט צוּא פֶערְשְׁטֵיין ווִיא אוּמְגְלִיקְלִיךְ אוּנְזֶער ר׳ משה מִיט זַיין פְרוֹי הָאבִּין זִיךְ גִישֶׁעצְט , וָואס בֶּעסֶער אוּנ גְלִיקְלִיבֶער דִיא גִישֶׁעפְטִין אִיז זַייא גֶעוַוארֶען הָאבִּין זַייא אַלְץ מֶעהְר גֶעשְׁפִּירְט דָאס זֵיי פֶעלְט אַקִינְד ווֶעלְכֶע זָאל דָאס אַלְץ עֶרְבִּין (יַרְשֶׁע-נֶע) , ר׳ משה אַלֵיין פְלֶעגְט זִיךְ נָאךְ זַיין טְרוֹיעֶר פוּן קָאפּ אַרוֹיס שְׁלָאגִין ווַייל עֶר פְלֶעגְט שְׁטֶענְדִיג זַיין פַר שֶׁעפְטִיגְט אִין זַיין פַאבְּרִיק אָבֶּער שׂרה הָאט נָאךְ אִיר קְלָאג אֵיין מִינוּט פוּן זִינֶען נִיט אַרוֹיס גֶעלָאזִין , זִיא אִיז שְׁטֶענְדִיג אַרוּם גֶעגַאנְגֶען מִיט פֶערְוֵויינְטֶע אוֹיגֶען עֶס הָאט זִיךְ בַּייא אִיר גִימַאלְס קַיין טְרֶערִין אוּים גֶענוּמֶען , שׂרה וָואלְט אפשר פוּן הַארְץ ווַייטִיג פוּן זִינֶען אַרָאפּ נוּר אִירֶע גוּטֶע מעשׂים פְלֶעגְט אִיר זַיין אַ נחמה , דֶען זִיא הָאט בַּיי זִיךְ גִיהָארֶעוֶועט עֶטְלִיכֶע אָרִימֶע יתומים אוּנ פְלֶעגְט זֵייא עֶרְצִיהֶען ווִיא אֵייגֶענֶע קִינְדֶער גִינֶעבִּין אִין חדר , אוּנ וָוען זִיא פְלֶעגְט פוּן זֵייא יֶעפֶּעס נוּצִין זֶעהְן פְלֶעגְט אִיר דִיא הַארְץ קְוֶועלִין , זִיא הָאט זִיךְ מִיט זֵייא גֶעפְרֵייט ווִיא מִיט דִיא פְרוּכְט פוּן אִיר בּוֹיךְ , זִיא אַלֵיין פְלֶעגְט דִיא צַייט פֶערְבְּרֵיינְגֶען מִיט זֵייא , אַלֵיין זֵייא גֶעפִירְט אִין חדר אוּנ וָוען דֶער רבי פְלֶעגְט זֵייא

לוֹיבֶּען

לויבען פלעגט איר אלזמיק חיות צו קומען, מיט דעם טרייסט האט זיך שרה געמוזט היילען דיא וואונדען פון איר הארצין, און וויא גרויס וואר זייער פריידע אלעס שרה האט אזוהן געבוירען און ער האט ב"ה אב גילעבט איין חודש און דעם אנדערין, זייא האבין זיך פשוט גיט פארגונען אויף אים צוא קוקען, און דער צוא איז נאך דאס קינד גיוועזן אזעלטענער גירעטענעס, וויא געוואונליך איז ער ערצויגען געווארין וויא אציטעריגע קינד ביי רייכע עלטערין, ער האט זיך אזוי ערייכט צווייא יאר און איז וואס ווייטער אלץ גירעטי-נער געווארין, אבער ער איז גיוועזן צום אומגליק אויף קורצע יאהר דען גלייך וויא ער איז געקומען אויף דעם דריטען יאר האט אים געהאפט סקארלעטין און איז זיך צוא דיא קלאג פון זיינע עלטערין אוועק געשטארבין, זיין שטארבין האט וויא אדונער געשפאלטין די קעפ פון זיין פאטער און מוטער, מיט הערצין רייסענדע קולות האבין זייא געשריען און געקלאגט ניט נאך זייערע כוחות, און שרעקליך איז גיוועזן צוא צו זעהן זייער קלאגין ווען מען האט דאס קינד ביי זייא אין שטוב מטהר גיוועזן, טייכען טרערין האבין דערבייא פאר-גאסין אלע דערבייא שטייער, עס איז ביי קיינעם קיין טרוקענע אויג געבליבען, און עס איז גיוועזן צוא בעוואונדערין וויא ר' משה מיט זיין פרוי האבין זיך מיט אמאל אפ געהאלטין פון וויינען, וויא מען האט זייא געזאגט אז עס איז א סגולה עס זאל זיך ביי זייא ווייטער שוין האדעווען קינדער, דאס זייא זאלין וואס ווייניגער וויינען, דער פאטער אליין זאל דאס קינד אנטאן דיא מיצקע, און דיא מוטער זאל אים מיט איהרע הענט איבער געבין צו די שמשים אין די הענט און זאלין דערביי קיין טרערין פערגיסען, אלעס מען האט שוין דאס קינד מלביש גיוועזן דיא תכריכים, האט אים דיא מוטער שרה גענומען אויף די הענט, און האט אים איבער גיגעבין צוא דיא שמשים אין דיא הענט און האט דערבייא געזאגט: „איך גיב אייך אפ מיין בלוטיגען קרבן מיטען גאנצין הארצין, גאט האט אים גיגעבין און גאט נעמט אים צוא, נור איך בעט דיר ליבער גאט, דאס דער שרעקליכער קרבן זאל שוין ביי מיר דער לעצטער

זַיין , אִיךְ זָאל שׁוין מֶער זָעלְכֶע אָפְּפֶער נִיט אָפּ גֶעבִּין אִין דִּיא מוּיל פוּן דֶער „עֶרְד״ פוּן דִּיא רֵייד אִיז בַּייא יֶעדִין דִּיא הַאֶרֶץ צוּא גַאנְגֶען טְרֶערִין הָאבִּין זִיךְ גֶעגָאסִין וִויא אַשְׁטְרָאמִיקֶער רֶעגִין פוּן אַלֶע אוֹיגֶען נוּר אוּנְזֶער שׂרה הָאט אַיין גֶעהַאלְטִין אִירֶע מוּטֶערְלִיכֶע עֶרְבַּארֶעמוּנְג אוּנ הָאט קֵיין טְרֶער נִיט פֶערְגָאסִין , אוּנ זִיא אִיז טַאקֶע גְלַייךְ נָאךְ דֶעם גֶעטְרֵייסְט גֶעוָוארִין , דֶען אוּמְגֶעזַאמְט אִיז זִיא ווִידֶער שְׁוַאנְגֶער גֶעוָוארִין .

ר׳ משה זיידול מִיט זַיין פְרוֹי הָאבִּין זִיךְ גֶעלָאזְט אָנְרֵיידִין פוּן לַייטִין , אַז דָאס וָואס בַּייא זֵייא הַאלְט זִיךְ קֵיין קִינְדֶער נִיט אִיז נוּר אַ בְּלוֹיזֶע עין הרע , אוּנ דֶערוּם אִיז בַּייא זֵייא גֶעבְּלִיבֶּען דָאס זֵייא זָאלִין אַרוֹים פָארִין אִין זֵייעֶר אִימֶענְיֶע אוּם זֵייא זָאלִין נִיט לִיגֶען אוּנְטֶער לַייטִישֶׁע אוֹיגֶען , אוּנ אַלֶעם שרה הָאט טַאקֶע דָארְטִין גֶע-ווּאוֹנֶען אַיין שֵׁיינֶעם פְּרֶעכְטִיגֶען זוּהן , הָאט מֶען אִים פֶערְבָּארְגִין בּחדרי חדרים אוּנ מֶען הָאט קֵיינֶעם נִיט צוּא גֶעלָאזִין אוֹיף אִים אַקוּק צוּ טָאן , אוּנ עֶס אִיז בַּיי זֵייא גֶעבְּלִיבֶּען דָאס זֵייא זָאלִין שׁוין בְּלַייבִּין ווּאוֹנֶען אוֹיפֶען לַאנְד , אוּנ דָאס קִינְד פַאר בָּארְגֶען צוּא הַאלְטֶען בִּיז עֶר וֶועט שׁוין דַארְפֶען אָנְהוֹיבֶּען גֵיין אִין חדר .

דִּיא טוּךְ פַאבְּרִיק הָאט זיידול גֶעגֶעבִּין אוּנְטֶער דִּיא בֶּעאָבְּאַכְ-טוּנְג פוּן זַיינֶעם אַבְּרוּדֶער ישׂראל זיידול . דֶר ישׂראל אִיז אוֹיךְ גִיוֶוען אַ בְּרַאוֶוער מַאן אוּנ אוֹיךְ אַ גביר , עֶר הָאט מִיט זַיין בְּרוּדֶער ר׳ משׁה׳ן גוּט גֶעלֶעבְּט וִויא עֶס גִיהֶער צוּא זַיין , אוּנ אוֹיךְ שׂרה מִיט ישׂראל׳ס וַוייבּ שׁיינדלען הָאבִּין זֵייעֶר פְרַיינְדְלִיךְ גִילֶעבְּט נִיט וִויא עֶס גִיט בַּייא אַנְדֶערֶע שְׁוֶועגֶערִינְס , אוּנ דֶערוּם הָאט זִיךְ ישׂראל גֶעמוּזְט אָן נֶעמֶען אַכְטוּנְג צוּא גֶעבִּין אוֹיף זַיין בְּרוּדֶערְס גֶעשֶׁעפְט .

אִין דֶער זֶעלְבֶּער צַייט ווָאס שׂרה הָאט אִיהר זוּהְן גֶעהַאט וֶועלְכִין זֵייא הָאבִּין גִינַאנְט יוסף , אוּנ אַלֶעם צִיטֶערִיגֶע קִינְד הָאבִּין זֵייא אִים גֶערוּפֶען מִיט דֶעם נָאמֶען אַלְטֶער , הָאט שׁיינדול ישׂראל׳ס פְרוֹי אַטָאכְטֶער גֶעבָּארִין אוֹיךְ אַשֵׁיינֶע פְּרֶעכְטִיגֶע מֵיידְכֶען , אוּנ הָאבִּן אִיר גִינַאנְט הינדע . אוּנ אַלֶעם אַסגולה הָאבִּין דִּיא בְּרִידֶער צְוִוישֶׁען זִיךְ פַארְקְנַאסְט דִּי קִינְדֶער , דָאס הֵייסְט זֵייא הָאבִּין זִיךְ צוּ גִישְׁוָואָרִן

אַז ווען ישראל'ס טאָכטער און משה'ס זון וועלין זיך אויף האָרעווען זאָל צווישען זייא אַ שידוך זיין, חאָטש ישראל האָט נימאָלס דיא עהרע גיהאַט צוא זעהן זיין ברודערס אלטינקען ווייל מען האָט אים אויך ניט ערלויבט אים צוא זעהן, נאָר ער האָט געטרויט אויף זיין ברודערס וואָרטין, אַז ער שיינט צו זיין אַ שיינער יונג.

צייט ר' משה זיידול איז אַריין וואוינען אין זיין אימעניע, האָט דאָס זיין פקיד בערלען ניט גוט גישמעקט, דען פאַר דעם ווירט אין דיא אויגען האָט ער זאָ פיל זיין גנבה ניט געקאָנט ברויכען, ער האָט זיך אָבער ניט געקאָנט העלפין, דאָך פלעגט ער דיינקען אַ פלאַן וויא ער זאָל פון זייא פטור ווערין.

## 2.

איין מאָל אין אָבינד אַלעס ר' משה זיידיל מיט זיין פרוי שׂרה זיינען זיך גיזעסין בייא זיך אין פאַלעץ אין זייער אימעניע, און האָבין זיך גישפילט מיט זייער אַלטינקען וועלכער איז דאַן אַלט גיוועזן אַ יאָהר, האָט זיך גילאָזט הערין פון דרויסין דער בראַזגען פון שווערדין און ביקסין, און גלייך דערויף האָט זיך האַסטיק דיא טיר גיעפינט און עס איז אַריין איין אָפיציר מיט בעוואַפינטע סאָלדאַטין, „איך בין דער ווירט“ האָט ר' משה זיידיל גיזאָגט, הייסט איהר ר' משה זיידיל? האָט דער אָפעציר גיפרעגט, „יע איך בין דאָס אַליין, האָט ער גיענטפערט ערשראָקין, און איז גיוואָרין בלייך וויא קאַלך, ווען איהר זייט דאָס — זאָגט דער אָפעציר — טוא זעגינט זיך מיט אייער פרוי און קינדער און קומט גלייך מיט אונז.

מיין גאָט! האָט שׂרה אַגישרייא גיטאָן, און איז גיבליבין אין אונמאַכט, און דאָס קינד איז איהר פון דיא הענט אַרויס גיפאַלען, וויא ר' משה איז גיוועזן ערשראָקין האָט ער זיך ערמינטערט פון דעם פאַל וועלכער זיין טהייערער גימאָסטענער און גיווייגענער אַלטינקער האָט גיטאָן אָן דער ערד, ער האָט גלייך דאָס קינד גילייגט אויף אַבעטיל, און האָט זיך גינומען זיין פרוי צוא מינטערין.

איך

איך האב קיין צייט ניט אויף אייך צוא ווארטין — האט דער אפעציר אויף זיידלען אגישרייא גיטאן, גיבער ראבביאטא טוט איהם אים אן דיא קייטין, האט ער גיזאגט צוא זיינע סאלדאטין.

איר זעהט דאך דאס מיין פרוי איז א גיתאלעשטע, וויא קאן איך איהר אזוי לאזין, האט ערבארעמונג אונ ערלויבט מיר איהר אויף צוא מונטערין.

דער אפעציר איז אונטער גינאנגען צוא שרהען אונ האט איהר אפאר שטארקע טרייכלען גיטאן אונ אלעס זיא האט זיך ניט בעוועגט, האט ער גיזאגט: זיא פאר מאייעט זיך נור, זיא לעבט נור זיא מאכט זיך וויא זיא וואלט תאלעשין. גאט איז מיט אייך! האט זיידיל גישריען, איר זעהט ניט דאס זיא איז האלב טויט, ערלויבט מיר איר צוא דער מינטערין.

שטיט אים! האט דער אפעציר אגישריי גיטאן צו די סאלדאטין, אונ דיא סאלדאטין האבין עם גלייך גיטאן, אונ שרהען צו מינטערין האט דער אפעציר בעפוילין אייניגע סאלדאטין.

שרעקליך איז גיוועזען צוא צו קוקין דיא שעגע וויא שרה איז נעבאך גיקוועטשט אונ גיטרייסילט גיווארין אין דיא אייזערנע הענט פון דיא סאלדאטין, אונ לעבין איהר האט מען אנגיטאן ר׳ משהען דיא אייזערנע קייטין, ר׳ משיל איז גיווארין האלב צוא מישט, נאר דער עלינד פון זיין פרויא האט אים אלץ ערמינטערט „פאר וואס קומט דאס מיר“? האט ער בייא דעם אפעציר גיפרעגט, איהר זייט גיוועזען איין דאפוטאט? פרעגט אים דער אפעציר.

יע איך בין גיוועזען איין דאפוטאט, נאר איך האב זיך אין קיין זאך.... איר גידיינקט אז פאר פינף יאהרין האט זיך אויף אייך פאר-צייגין א דיעלא דאס איר האט אבגיגעבין איין ביעגלען סאלדאט?

איך גידיינק, נאר איך האב זיך דאך דאן אבביאסנאיעט אז איך ווייס פון קיין זאך ניט, איך האב זיך גאר ניט גימישט אין דיא אינטערעסין, נאר דער איסבארשציג פלעגט מיר ברייננען פאפירען פלעג איך זיך תתמענע אונ עס איז מעגליך דאס איך האב זיך גיתאהמעט

אויף דעם פְּרִינַאוָואר פון דעם אַנְטְלָאפֶענֶעם סָאלְדַאט, נָאר אִיךְ הָאבּ פון דעם נִיט גִיוואוּסְט.

דָאס אִיז אָבֶּער קַיין תִּירוּץ נִיט — זָאגְט דֶער אַפֶּעצִיר — אַיין מָאהל הָאט אִיר זִיךְ גִיחַאתְמֶעט אִיז אויף אַייךְ דֶער שׁוּלְד, וַוייטֶער לֵייעֶנְט אויךְ וָואס אִיר הַתְמֶעט זִיךְ, אויךְ אִיז דָאס גִיוִויס אַ לִיגִין, דֶער אִיסְבָּארְשְׁצִיג הָאט יֶע דֶער פון גִיוואוּסְט, וְהָא רַאֲיָה פַּר וָואס אִיז עֶר נִיט אוּנְטֶער גִישְׁרִיבִּין אויף דֶעם פְּרִינַאוָואר, אִיר הָאט דֶער פון גַאנְץ גוּט גִיוואוּסְט, אַלֶע אִידִין זַיינֶען מַאשֶׁענִיקֶעס אוּנ אִיר אויךְ גִיוִויס, אוּנ דֶערוּם הָאט מֶען אַייךְ טַאקֶע דֶער פַאר פַאר מִשְׁפְּטִט אַייבִּיגֶע קַאטֶערְזֶ׳גע.

גָאט מַיין גָאט! וָואס הֶער אִיךְ? ! הָאט זיידיל אַגִישְׁרֵיי גִיטָאן, אִיךְ בִּין נֶעבַּאךְ אוּנְשׁוּלְדִיג אוּנְטֶער אַיין אוּמְגְלִיק אַרוּנְטֶער גִיפַאלִין, מֵילֶע אִיךְ בִּין שׁוין פֶערְלָארִין, אָבֶּער דוּא מַיין בְּיֶעדְנִינְקֶע פְּרוּיא אוּנ דוּא מַיין קִינְד וֶועלְכֶע אִיךְ הָאבּ אִין מַיינֶע טְרֶערִין אוּים גִיבָּאדִין אויף וֶועמֶען לָאז אִיךְ אַייךְ ? ! אִיהר בְּלַייבְּט אָן אַמַאן אָן אַיין פָּאטֶער, אַלֶעבֶּעדִיגֶע אַלְמָנָה אוּנ אַלֶעבֶּעדִיגֶער יָתוֹם! . . . .

דֶער וַוייל הָאט זִיךְ שׁוין שׂרה עֶרְמִינְטֶערְט אוּנְטֶער דִיא סָאלְדַאטְסְקֶע הֶענְט, אוּנ וִויא זִיא הָאט דֶער הֶערְט דָאס אִיהר מַאן וֶוערְט פַארְשִׁיקְט אויף קַאטֶערְזֶ׳גע אִיז זִיא מִיט אִינְפֶּעט אויף גִישְׁטַאנֶען אוּנ אִיז צוּא גִיפַאלִין דֶעם אַפֶּעצִיר צוּא דִיא פִּיס אוּנ הָאט מִיט אַ יָאמֶערְלִיכֶע שְׁטִימֶע גִישְׁרִיעֶן: עֶרְבַּארֶעם זִיךְ אויף אוּנְז מַיין הֶער, נֶעם פון מִיר נִיט צוּא מַיין קְרוין פון מַיין קָאפּ, נֶעם נִיט צוּא דֶעם פָּאטֶער פון אַקִינְד וֶועלְכֶע מִיהָאט גִיוֵויינְט אוּנ גִימָאסְטִין, וֶועלְכֶע מֶעהָאט יֶעדֶען טָאג מִיט טְרֶערִין גִיוַואסִין, בַּייא וֶועמֶען לָאזְטֶע מִיר מַיין הֶער. . .

אוּנ אַלֶעס זִיא הָאט דֶער זֶעהֶען אַז זִיא רִירְט אִים נִיט מִיט אִיהרֶע רֵייד אִיז זִיא צוּא גִילָאפִין צוּ אִיהר מַאן אוּנ הָאט אִיהם אוּם גִיאַרֶעמְט אוּנ מִיט אִיהרֶע הֶענְט הָאט זִיא אִים אַיין גִיקְלַאמֶערְט, אוּנ הָאט גִישְׁרִיעֶן: גַייא נִיט אַוֶועק פון אוּנְז מַיין מַאן, בַּייא וֶועמֶען לָאזְט דַיין פְרוּיא מִיט דַיין אַיינְצִיגֶע קִינְד? ! מִיר וֶועלִין אָן דִיר אַיין שָׁעָה

גִיט

גיט קאנען לעבין ! ווארף אונז ניט אוועק ! לאמיר זיך מיט דיר חאטש אביסיל אנצעסין ! . . . אונ דער ביא האט זיא אים אין גיזיכט אריין גירעגינט איהרע הייסע טרערען אונ זייערע טרערען האבען זיך פער איינינגט .

דער אפעציר האט אבער ניט גיקאנט גידולדען , ער האט בעפוילין מען זאל איהר אב רייסין פון אים אונ מען זאל איהם אוועק פירין , אונ דאס איז באלד גישעהען , זיידלען האט מען גישמיטער הייט אוועק גיפירט , אונ שרה האט נעבאך נאך גישריען מיט איין יאמערליכע שטימע , מען האט זיידלען אין אוואגין אריין גיווארפען אונ אוועק גיפירט אין ק׳ , אונ שרה איז נעבאך פערבליבין קלאגענדיג אונ שרייענדיג .

וויא מען האט ר׳ משהלען אין ק׳ גיבראכט האט ער גישיקט רופין זיין ברודער ישראלין אונ אויך דעם ק׳ רב ר׳ ליבעלין , אונ האט זייא גיבעטין דאס זייא זאלין גוט אכטונג געבען אויף זיין פרוי אונ קינד אונ דאס דער פערקנאכונג פון זיין אלטינקען מיט הינדען זאל חלילה ניט צערשטערט ווערען , ער האט דעם רב גימאכט פאר איין אפיקון אויף זיין פערמעגין נאר מיט דעם בעדינג דאס ער זאל זיינע ארימע קרובים וועלכע האבין ביא אים שטעלין ניט אב שאפין , אונ בעריל נידערמענטש זאל בלייבין פקיד אין זיין הויף , מיט זוריקע טרערען האט זיך ר׳ משה מיט זיי גיזעגינט פון גרוים הארץ קלעמעניס האט קיינער קיין ווארט ניט גיקאנט אויס ברייננען , נאר אם ענדע האט קאם דער רב אויס גירעט איינינע יארטין אונ האט איהם גיטרייסט , דאס גאט וועט אים געבין חן ביא זיינע שרים אין דיא אוינין אונ ער וועט אין גיכין ערלייזט ווערין , אין אטאג ארום האט מען איהם ארוים גישיקט .

נאך משה זיידלס גיפאנגען ווערין איז שרה איינינע טעג קראנק גילעגין אונ אלעס זיא איז עטוואס בעסער גיווארין איז זיא גילאפין אין דער שטאט ק׳ אום זיך מיישב צוא זיין מיט זאקאניקעס וואס צוא טאן , דיא זאקאניקעס האבין איהר גיראטין זיא זאל מיט עדות דער ווייזין אז איהר מאן פלעגט זיך שטענדיג אונטער שרייבין אויף

דיא

דיא פאפירין וועלכע דער איסבארשציג פלעגט איהם ברייגנען , אונ האט זייא נימאלס איבער גילעזין , אונ ווען זיא וועט דאס יאסנע דער ווייזין וועט דיא דיעלא ארויף אויף דעם איסבארשציג אונ ר׳ משה וועט פרייא ווערין .

איי־ער שרה האט נאך איספייעט דיא עצה אויס צוא פירין האט זיך שוין דער איסבארשציג דער פון דער וואוסט , ער האט זיך דער פאר טאקע גאנץ שטארק גישראקין , דערום האט ער אלץ גיקלערט וויא ער זאל דא שרהען אויך אומברייגנען אום עס זאל ניט זיין וועגער עס זאל וועגין משהען חארעטייסטוועווען ווייל זיין ברודער ישראל איז איין פארנומענער מענטש , ביז עס איז איהם איינגיפאלען אפלאן זיין מארדטהאט אויס צוא פירען דורך דעם בערלען , ווייל ער האט איהם דורך גיקאנט אז ער איז אקינד פון דער היים אונ ער וועט פאר ארובל זיין טאטין אונ מאמען פאר קויפין , ער האט גישיקט נאך בעריל נידערמענטש אונ ער איז גלייך צוא אים גיקומען , אונ אלעס ער האט זיך מיט איהם פאר נאנדער גירעט האט דער איסבארשציג פון בערילס רייד פארשטאנען אז ער איז צוא פרידין פון ר׳ משהעס מפלה אונ ער וואלט נאך צו פרידין גיוועין ווען ער וואלט שוין פון שרהען מיט איהר קינד אויך פטור ווערען .

דוא ווילסט פון שרהען פטור ווערין ? האט איהם דר איסבארשציג גיפרעגט . אך , איך וואלט זיך דערויף לאזין קאסטין עטליכע רובל ווער עס וואלט איהר פון דער וועלט אומברייגנען , ענטפערט בעריל .

אונ ווען דוא וועסט נאך דער פון בעגליקט ווערין ? איז אנראי רעכט , ענטפערט בעריל .

דער איסבארשציג איז פון זיין תשובה מלא שמחה גיווארען אונ האט צוא אים גיזאגט : ווען דוא זאלסט זיך נאר קלוג בענעמין בלייבסטו גליקליך אונ מיר וועט דער פון אויך אגרויסע טובה ארויס קומען , דוא זאלסט יעצט פארין צוא הויזע אין דיין אימעניע אונ זאלסט שרהען האסטיג אנזאגין אז מען וועט גלייך קומען איהר ארעסטירין אונ אויך פאר משפטין , זיא וועט זיך גיווים שטארק דער

שרעקין

שְׁרֶעקְן אוּנ וָועט בֵּייא דִיר אַיין עֵצָה פְרֶעגְן , זָאלְסְטוּ אִיהר אַיין עֵצָה גֶעבִּין דָאס זִיא זָאל גְלַייךְ נֶעמֶען אִיהר קִינְד אוּנ זָאל אַנְטְלוֹיפֶען צוּם וַוא;וָאל אוּנ זָאל עֶרְגֶעץ אַוֶועק פָארֶען , אוּנ זָאל דָארְטִין זַיין בִּיז מֶען וֶועט אִיר אָפּ זָאגְן אַז אִיר דְיֶעלֶע אִיז שׁוֹין רֵיין , זִיא וֶועט דִיר דָאס גִיווּים פָאלְגִין אוּנ וֶועט מִיט אִיהר קִינְד אַנְטְלוֹיפֶען , אָבֶּער דוּא זָאלְסְט זֶעהֶען אַז אַנֶפֶּשׁ זָאל פוּן דֶער פוּן נִיט וִויסִין וָואס אִיז דָאס פַאר אַפְּלַאן ? פְרֶעגְט בעריל , זִיא וֶועט זִיךְ דָאךְ אָבֶּער בַּאלְד דֶער וִויסֶען אַז דָאס אִיז אַלִיגִין אוּנ וֶועט גְלַייךְ צוּרִיק קוּמֶען , אוּנ דַאן וָועל אִיךְ דָאךְ שׁוֹין הָאבִּין מַיין פְּסַק .

זַייא נִיט אַזוֹי גַייצִיג — זָאגְט דֶער אִיסְבָּארְשְׁצִיג — פְרִיעֶר הֶער מִיר אוֹיס , דֶער נָאךְ וֶועסְטוּ פְרֶעגִין קַשְׁיוֹת , אַלֶעס שׂרה מִיט אִיהר קִינְד וָועט אַנְטְלוֹיפִין וֶועט זִיךְ עָרְסְט אָנְהוֹיבִּין דִיא רֶעכְטֶע אַרְבֶּעט , אוּנ צוּ דִיא אַרְבֶּעט וֶועסְטוּ דַארְפִין זַיין גִישִׁיקְט אוּנ חִיטְרָא . נֶאר פְרִיעֶר זָאג מִיר , צוּא ישׂראל אָדֶער אַיין אַנְדֶערֶער קָאן שרהעס קִינְד דֶעם אַלְטִינְקֶען ?

גַיין קֵיינֶער קָאן אִים נִיט , דֶען מֶען פְלֶעגְט זִיךְ הִיטֶען דָאס קֵיינֶער זָאל אִים נִיט זֶעהֶען , פוּן עַיִן הָרָע וֶועגֶען , אוֹיסֶער מַיין וַוייבּ צִיפֶּע אוּנ דִיא דִינְסְט מַאד הָאט אִים קֵיינֶער נִיט גִיזֶעהֶען .

זָאג זָעה מִיר נָאךְ אַזאךְ , דוּא הָאסְט עֶפֶּעס קִינְדֶער ? אוּנ וִויא אַלְט אִיז דַיין אִינְגְסְטֶע קִינְד ? פְרֶעגְט דֶער אִיסְבָּארְשְׁצִיג .

אִיךְ הָאבּ צְוַויי הִיפְּשֶׁע אִינְגְלִיךְ זַייא לֶערְנֶען דָא אִין שְׁטָאט אוּנ דֶער דְרִיטֶער אִיז עָרְסְט אַיָאהר אַלְט עֶר אִיז מִיט שׂרה׳ס אַלְטִינְקֶען אִין אַיין וָואךְ גִיבָּארֶען גִיוָוארֶען , עֶר הֵייסְט זֶרַח .

דַיין זרה׳ן קָאן עֶפֶּעס וֶוער ? פְרֶעגְט דֶער אִיסְבָּארְשְׁצִיג .

וֶוער זָאל אִים קָאנֶען , וֶוען עֶר אִיז גִיבָּארִין גִיוָוארִין אוֹיפֶען יִשׁוּב אוּנ הָאדֶעוֶועט זִיךְ אוֹיפִין יִשׁוּב , מֶער וְויא דִיא הוֹיזִיגֶע מֶענְשֶׁען קָאנֶען אִים נִיט .

אוֹיבּ אַזוֹי זָאלְסְטוּ אַזוֹי טָאן : גְלַייךְ וָויא שׂרה וֶועט אַנְטְלוֹיפִין (דָאס זָאל גִישֶׁעהֶען בַּייא נַאכְט) זָאלְסְטוּ פַארְשְׁפַּארֶען דִיא טִירִין פוּן דֶעם פַּאלֶעץ וואוּ דִיא דִינְסְט מַאד מִיט אַלֶע הוֹיזִיגֶע דִינֶער שְׁלָאפִין ,

אוּנ

אונ דוא מיט דיין ווייב אונ דיין זרח'ן זאלין בלייבין פון דרויסין ,
אונ זאלכט דעם פאלעץ פון אלע זייטין ארום גיסין מיט שוועביל
אונ פעך , דוא זאלסט דאס ניט זאלעווען , אונ נאך הער זאלסטו דאס
פון אלע זייטין אונטער צינדין , דוא זאלסט זעהען אז דער פאלעץ מיט
אלע ווער עס גיפינט זיך אין אים זאל פארברענט ווערען איף אש ,
עס זאל קיין לעבעדיקע זעלע ניט גירעטעט ווערין , דיין ווייב ציפען ,
זאלסטו פארזאגין אז זיא זאל שרייען אז איהר זרח איז אויך פערברענט
גיווארין , אונ צוא איר זרח'ן זאל זיא רופין אלטינקער אונ זאל זאגין
דאס זיא האט דעם אלטינקען גיראטעוועט , אונ איהר זרח איז פער-
ברענט גיווארין , אונ קיינער וועט דאך דאס ניט קאנען בכחיש זיין
ווייל עס וועט אנפש ניט בלייבין ווער עס זאל זייא דער קאנען , אונ
דוא זאלסט גלייך שיקין נאך ישראלין אונ נאך דעם רב , אונ זאלסט
פאר זייא דער ציילין אזוי וויא דוא האסט זיך אין פאלעץ גילייגט
שלאפין , האסטו זיך אויף גיחאפט ווייל ארויך האט דיר אנגיהויבען
צוא שטיקין , דוא האסט גימאכט א גיוואלד אונ פון שרעק איז
דיין ווייב ציפע אנאקיטע אויף דרויסין ארויס גילאפין אונ האט זיך
פאר געסין דיין קינד זרח'ן ארויס צוא האפין , אונ דוא האסט זיך
פאר לאזין אויף ציפין דאס זיא וועט דיא קינד ארויס האפין אונ
ביסט ארויף גילאפין צו דיין ווירטין שרה איהר צוא רעטין , אבער
דוא האסט איהר ניט גיפונען , דוא האסט נור גיפינען דעם אלטינקען
ליגינדיג , האסטו אים גיחאפט אונ ביזט מיט אים אויף דרויסין ארויס
גילאפין , אונ אלעם דוא האסט דער הערט דיא קולות פון דיא דינער
וועלכע האבין גישריען האסטו גיוואלט לויפין זייא ראטעוועען , נאר
זייער צימער האט שוין שטארק דער פייער ארום גינומען דאס עס
איז אונמעגליך גיוועזן אהין אריין צוא גיין אונ אזוי זיינען אלע פאר
ברענט גיווארין , אויסער דוא מיט דיין ווייב מיט דעם אלטינקען
אונ איך וועל שוין דינגען פאלשע עדות וועלכע עס וועלין קומען אין
פאליצייא אין איינגע טעג ארום עדות זאגין , אז זייא האבין בעגעגנט
שרהען פארינדיג מיט איונגען מאן אונ הינטער זייא איז גיפארען
פאוואסקעם פארפאקטע , אונ דאס איז גיוועזן ביין פרייסעסין גרענעץ

און דיא עדות װעלין זאגין, אַז זייא האָבין זיך בייא איהר גפֿרעגט װאו הין זיא פאָרט, האָט זיא גיענטפֿערט, דאס איהר מאַן איז אַנטלאָפֿין פֿון אַטאַפּ אויפֿין װעג, ער איז אַריבּער דעם גרענעץ און האט גישריבין דאס איך זאל אונזער גוטס װיפֿיל מיגליך אויף נעמען און זאל צוא איהם אונטער פֿאָרין, און דער יונגער מאַן בעגלייט מיר איבּערען גרענעץ, אַזוי האָט זיא אונז גיענטפֿערט, און מיר האָבען גימיינט דאס עס איז אמת, נור יעצט אַז מיר זיינען גיקומען אַהער און מיר האָבען דער הערט פֿון דער שרעקליכער שריפֿה װעלכע איז גיװען אין זיידילס הויף, און אויך דאס משה זיידיל איז גאָר ניט אַנטלאָפֿין, האָבין מיר פֿרשטאַנען אַז שׂרה האָט אונז גאָר גינאַרט, און בכן זיינען מיר גיקומען אָב צוא זאגין אַלץ װאס מיר װייסין, װיא דיא עדות װעלין דאס אָב זאגין װעט שוין איהר גליד און איהר דוך אַהער ניט טאָרין קומען, דען מען װעט איהר גלייך פֿערמשפּעטין דער פֿאר װאס זיא האָט אונטער גיצונדין אַגאַנצע גיזינד, און אַלע װעלין רעכענען אַז זיא איז אַנטלאָפֿין מיט איהר לובּאָװניק. און אַזוי װעט דיין זרח בלייבין דער גאַנצער יורש, ער װעט גיװיס חתונה האָבין מיט ישׂראלים טאָכטער װען מען װעט מיינען אַז ער איז דאס דער אַלטינקער נאר דוא זאלסט דעם עסיק קלוג פֿראַװען און זאלסט דיין ציפֿען גוט אוים לערנען װיא דיא שׂענגע צוא פֿראַװען.

בערילם גיזיכט האָט גיפֿלאַמט פֿאר שׂמחה „אָט דאס איז אַ טייערע עצה" — האָט בעריל צום איסבּאָרשציג גיזאָגט, נור איך האָב מורא טאמער װעט איהר מיר דער נאָך אַרוים געבין און איך װעל האָבין מיין פּסק און איר װעט זיך גאר אוים לאַכין, בכן װיל איך איר זאלט אויך אַריין אין דעם עסק, איר זאלט לכל הפּחות זיין איינער פֿון דיא עדות װעלכע װעלין אויף שׂרה'ן עדות זאגין.

אויך רעכט — האָט דער איסבּאָרשציג גיענטפֿערט, נאר דאס זאל אַלץ היינט גישעהן גייא און גרייט זיך אָן אַלץ װאס דיר נייטיג איז, שװעביל און פּעך, און זייא זיך מיט דיין ציפֿען גוט מסדר װיא איהר זאלט ריידין, און גאָט זאל אויך צוא הילף זיין, װייל דעריין איז פֿאר װיקילט אַ מצוה פֿון פּדיון שבוים, דען איך בּין אין

גיפֿאהר

גִיפַאהר וֶוען מֶען זָאל שׂרה'ן נִיט אוּמְבְּרֵיינְגֶען, אוּנ נָאר אוּמְזִיכְט אוּם גִיסְט, דֶען דֶעם בֶּיעגְלֶען סָאלְדַ"ט הָאבּ אִיךְ אָבּ גִיגֶעבִּין פַאר אַ דֶער בַּייאִיגֶע שְׁטֶעטִיל אוּנ אִיךְ הָאבּ פַאר אִים אַ הוּנְדֶערְטֶער גִינוּמֶען, הַיינְט קָאן זִיךְ מִיר דֶער גְרֶן־יער בֶּיעדַא אוּיס לָאזִין, וֶוען מִיר זָאלִין שׂרה'ן נִיט פַּאטֶערִין, זֶעה וִויא גָאט אִיז דִיר לִיבּ...

בַּייא נַאכְט הָאט ב״ריל אַלְץ פִּינְקְטְלִיךְ אִיכְפָּאלְנַאיֶעט אוּנ עֶס הָאט אִיהם אִין אַלְץ גִירָאטִין, שׂרה מִיט דָאס קִינְד אִיז אַנְטְלָאפֶען אִין דֶער שְׁטָאט דָאנְרֶה, וַוייל דֶער דָאנְרֶעהר רָב אִיז אִיהְרֶער אַפְרַיינְד דֶער פַּאלֶעץ הָאט אָבּ גִיבְּרֶענְט עֶס אִיז קֵיין לֶעבֶּעדִיגֶער מֶענְטְשׁ נִיט גִירֶעטֶעט גִיוָוארִין, אוּנ עֶס אִיז פוּן אִים קֵיין זֵכֶר גִיבְּלִיבִּין, אוּנ אַלֶעס ישׂראל מִיט זַיין פְּרוּי שֵׁיינְדְלֶען אוּיךְ דֶער רב ר' ליבעלע זַיינֶען גִיקוּמֶען צוּא לוֹיפִין, הָאבִּין זֵייא שׁוֹין גִיפוּנֶען וִויא עֶס הָאט זִיךְ בַּייא דֶער עֶרְד גִירֵייכֶערְט, אוּנ בעריל אִיז אַרוּם גִילָאפֶען וִויא אַ מְשׁוּגֶענֶער אוּנ גִיבְּרָאכִין דִיא הֶענְד, אוּנ ציפע זַיין וַוייבּ אִיז אַרוּם גִיגַאנְגֶען אִין אֵיין הֶעמְד אוּנ הָאט גִיהַאלְטִין אַ קִינְד אוּיף דִיא הֶענְט אוּנ הָאט גִישְׁרִיעָן: אַקְלָאג צוּא מִיר! מַיין טַייעֶרֶע קִינְד! מַיין לִיבִּינְקֶע פֵייגעלע! וואוּ זַיינֶען דַיינֶע בֵּיינְדֶעלַאךְ אַהִין גִיקוּמֶען מַיין זרח'ל, אוּיס גִיהָאדֶעוֶועט אַיָאהְרִיגֶען בָּחוּר, אוּיס גִילִיטִין זִיךְ פוּן אִים גִינוּג, אוּנ אִיצְטֶער אִיז עֶר אוּיף אַשׁ פֶערְבְּרֶענְט גִיוָוארִין, פֶערְבְּרֶענְט זָאלִין וֶוערִין דִיא וָואס הָאבִּין דָאס אוּנְטֶער גִיצוּנְדִין, פִּינְצְטֶער אוּנ בִּיטֶער זָאל שׂרה'ן זַיין אִין אִיהְרֶע אַלֶע ווִינְקֶעלַאךְ וִויא זִיא הָאט מִיר פִּינְצְטֶער גִימַאכְט, צוּא אַשׁ אוּנ צוּא רוֹיךְ זָאל זִיא וֶוערִין מִיט אִיהר לְיוּבָּאוְונִיק...

אוּנ אַלֶעס ישׂראל מִיטִין רָב הָאבִּין בַּייא אִיהר גִיפְרֶעגְט וָואס עֶס בֶּעדַייטִין אִיהְרֶע רֵייד, אוּנ וואוּ שׂרה אִיז, הָאט זִיא זֵייא אַלִין דֶער צֵיילְט מִיט אַ גוּטִין סֵדֶר וִויא מֶען הָאט אִיהר שׁוֹין נִיט גִיפוּנֶען, אוּנ צַייט אַפָּאר טֶעג הָאט אִיהר אָנְגִיהוֹיבִּין צוּא בֶּעזוּכִין אַ שֵׁיינֶער יוּנְגֶער מַאן, אוּנ עֶר פְּלֶעגְט קוּמֶען נַאכְט אִין נַאכְט, אוּנ דִיא נַאכְט אִיז עֶר אוּיךְ גִיקוּמֶען, מִיר הָאבִּין זִיךְ גִישְׁטִיקְט מִיט דֶעם אוּנ מִיר הָאבִּין קֵיינֶעם נִיט אוּיס גִיזָאגְט, אָבֶּער דֶער סוֹף זַיינֶען מִיר דֶער שְׁטִיקְט גִיוָוארִין, אוֹי וַוייא אִיז מִיר מַיין קִינְד! אַזַא גִירֶעטֶענֶעם!

אַזאַ מִילִינְקֶע קִינְד אִיז נֶעבַּאךְ פַאר בְּרֶענְט גִיוָואָרִין , עֶר וֶועט אֲפִילוּ צוּא קֶבֶר ישׂראל נִיט קוּמֶען , אוּנ מַיין בעריל הָאט פוּן טוּמְלֶענֶעם גִירַאטֶעוֶועט דֶעם אַלְטִינְקֶען אוּנ אָן אוּנְזֶער קִינְד הָאט עֶר פַאר גֶעסִין . . .

ישׂראל מִיט זַיין פְּרוֹי הָאבִּין שְׁטַארְק גִיוֵויינְט פוּן דֶער שְׁצֶענֶע אוּנ זֵייא הָאבִּין גִיקְוֶויצְט מִיט דִיא פְּלֵייצֶעס , וָואס מִיט אַמָאהל אִיז פוּן שׂרה'ן גִיוָואָרִין זִיא אִיז דָאךְ גָאר אַ צִדְקָנִיוֹת גִיוֶוען , ישׂראל הָאט דֶער וַוייל גִיבֶּעטִין אַז דֶער אַלְטִינְקֶער זָאל בְּלַייבִּין בַּיי בּערעלן אוּנ צִיפּע זָאל אִים זֵייגִין אָנְשְׁטָאט אִיהר קִינְד בִּיז עֶר וֶועט זִיךְ עֶטְוָואס אוֹיף הָאדֶעוֶוען , אוּנ נַאכְהֶער וֶועט עֶר אִים שׁוֹין צוּא זִיךְ נֶעמֶען , זֶעה בעריל דוּא זָאלְסְט אוֹיף דָאס קִינְד גוּט אַכְטוּנְג גֶעבִּין , עֶס זָאל חָאטְשׁ בְּלַייבִּין אַ זֵכֶר פוּן מַיין בְּרוּדֶער" — חָאט ישׂראל גִיזָאגְט , אוּנ אִיז מִיטִין רָב אוּנ מִיט שׁיינדלען צוּא רִיק אִין שְׁטָאט אַוֶועק גִיפָארִין .

דִיא שְׁטָאט ק' הָאט גִירוּדֶערְט אוּנ גִיקָאכְט פוּן דֶער שְׁרֶעקְלִיכֶע שְׂרֵיפָה וֶועלְכֶע אִיז גִיוֶוען אִין זיידילס הוֹיף , אוּנ וִויא מֶען הָאט דֶער צֵיילְט אִיז דָאס שׂרה'ס אַרְבֶּעט , קֵיינֶעם הָאט זִיךְ דָאס בְּשׁוּם אוֹיפֶען אוֹיף שׂרה'ן נִיט גִיוָואלְט גְלוֹיבִּין , נָאר אִין אֵיינִיגֶע טֶעג אַרוּם זַיינֶען גִיקוּמֶען אִין דֶער פָּאלִיצֶייע אוּנ אוֹיךְ צוּם רָב עֵדוּת , אוּנְטֶער וֶועלְכֶע דֶער אִיסְבָּארְשְׁצִיג אִיז אוֹיךְ גִיוֶוען , אוּנ הָאבִּין דֶער צֵיילְט וִויא זֵייא הָאבִּין אִיהר מִיט אַ יוּנְגִין מַאן בַּאגֶעגִינְט פָארִינְדִיג בַּייא פְּרֵייסִיסִין גְרֶענֶעץ , אוּנ זִיא הָאט זֵייא גִיזָאגְט אַז זִיא פָארְט דָאס צוּא אִיהר מַאן וֶועלְכֶער אִיז אַנְטְלָאפִין פוּן קַאטערְזֶענֶע אוּנ אִיז יֶעצְט אִין פְּרֵייסִין , מִיר הָאבִּין אִיהר גִי.לוֹיבְּט , אָבֶּער יֶעצְט וִויא מִיר זַיינֶען אַהֶער גִיקוּמֶען מִיר הָאבֶּען דֶער הֶערְט וָואס דָא אִיז גִישֶׁעהֶען מִיט דֶער שְׂרֵיפָה , אוּנ אוֹיךְ הָאבִּין מִיר זִיךְ דֶער וואוּסְט אַז משה זיידיל אִיז פוּן קַאטֶערְזֶענֶע נִיט אַנְטְלָאפִין , הָאבִּין מִיר פַארְשְׁטַאנֶען אַז שׂרה הָאט אוּנְז קְרוּגָאם גִינַארְט אוּנ בְּכֵן זַיינֶען מִיר גִיקוּמֶען אָב זָאגִין וָואס מִיר וֵוייסִין .

פָּאלִיצֶייע הָאט פוּן זֵייעֶרֶע עֵדוּת גִישְׁלָאסִין אַז נִיט אַנְדֶערְש וִויא שׂרה הָאט דָאס אוּנְטֶער גִיצוּנְדֶען , אוּם מֶען זָאל מֵיינֶען אַז זִיא אִי אוֹיךְ פֶערְבְּרֶענְט גִיוָואָרִין אוּנ מֶען זָאל נִיט מֶערְקִין אַז זִיא אִיז מִיט אִיהר לְיוּבָּאוֹונִיק אַנְטְלָאפִין , וַוייל זִיא הָאט גִירֶעכִינְט אַז אַלֶע וֶועלִין

פערברענט ווערין, אונ זיא האט איהר אייגין קינד ניט ערבארעמט, אונ דערום האט פאליציע אביאוועט אז ויא מען וועט שרה'ן חאפין זאל מען איהר אין קייטין בריינגען אונ זיא וועט שוין האבין איהר פסק וויא פאלאטע וועט איהר צו משפטין.

אלע שטאט לייט האבין שוין ניט ווילינדיג גימוזט גלויבין אויף שרה'ן ווייל דיא עדות פון דעם איסבארשציג איז בייא זייא גיוועזן הייליג, ער איז גיוועזן פאר רעכינט פאר אגאנטס פארכטיגען יוד, נאר דער רב ר' ליבעלע האט זיך אין דעם איסבארשציג אויך גאנץ שטארק גיצווייפעלט, נאר דער רב האט גאר ניט גיקאנט העלפין דער צוא, ווייל דער איסבארשציג האט גישוואורין בייא זיין בארד אונ פיאותען אז ער זאגט ניט איין ווארט קיין ליגין, אונ אזו איז שוין שרה'ס נאמען גיבליבין צוא שאנר אונ שפאט, מען פלעגט זיך מיט איהר נאמען שילטין, אונ פאליציע האט שרה'ן שטריינג גיזוכט.

שרה, וויא בעריל האט איהר אנגיזאגט אז מען וויל איהר א רעסטירין איז זיא מיט איהר אלטינקין אנטלאפין קיין דאנראה ווייל דער רב ר' נחמן איז איהרער איין פריינד גיוועזן, זיא האט דעם רב דער ציילט פון איהר אומגליק אונ ער האט איהר גיטרייסט אונ צו איהר גיזאגט: זייא בייא מיר עטליכע טעג אונ דער נאך וועל איך איבער ריידין מיט דיין שוואגער אונ מען וועט דיר גיווים פרייא מאכין אונ נאך העד וועסטו שוין קאנען פארען צוא הויזע, אין אכטאג ארום איז ר' נחמן אוועק גיפארען קיין ק' אבער וויא ער איז דארטען גיקומען איז ער פארטויבט גיווארין הערענדיג וואס עס האט זיך דארטין צו טאן אונ דעם בילבול וועלכען מען האט אויף שרה'ן גימאכט, ער האט גאנץ קלאהר גיוואוסט אז דאס איז אלץ אליגען ווייל דעם זעלבען אבינד איז זיא צוא אים גיקומען מיט איהר קינד, היינט וויא קומט זיא ביין פרייסיסין גרענעץ, נאר וואס האט ער גיזאלט טאן ווען עדות האבין שוין עדות גיזאגט, צו דען קען ער איינער זייא מכחיש זיין, אויך האט ער שוין גאר מורא גיהאט צו ענדעקין אז שרה גיפינט זיך בייא אים, דען מען וואלט איהר דער ווייל גיווים פאר משפטין ער האט שוין מיט קייגעם וועגין איהר ניט גירעט אונ איז מיט איין

צוּא בְּרָאכָענֶע הַארְץ צוּא רִיק גֶעפָארִין , אוּנ אַלֶעס עֶר הָאט שׂרה'ן דָאס אָנְגֶיזָאגְט הָאט זִיא גַאנְץ שְׁטַארְק גִיהַאלֶעשְׁט . „אָט דָאס הָאט מִיר בעריל נידערמענטש אָן גִימַאכְט פַאר דִיא גוּטֶעם װָעלְכֶע מִיר הָאבֶּען מִיט אִים גִיטָאן" הָאט זִיא גִיזָאגְט , אוּנ יֶעצְט אִיז זַיין זרח פֶערְבִּיטְין גִיוָוארִין אוֹיף מַיין קִינְד אוּנ אִיךְ מוּז שְׁוַויינִין , אוּנ עֶר װֶעט בְּלַייבִּין דֶער יוֹרֵשׁ אוּנ מַיין אַלְטִינְקֶער בְּלַייבְּט נֶעבַּאךְ עֶלִינְד אוּנ אָרוּם . „הָאף צוּא גָאט — הָאט ר' נחמן צוּא אִיהר גִיזָאגְט" — בִּיז דוּא װֶעסְט דַיין קִינְד אוֹיף הָאדֶעוֶוען װֶעסְטוּ זַיין בַּייא מִיר פוּן דִיא לֶעצְטֶע אָרִימְקַייט וָועל אִיךְ אַייךְ הַאלְטִין בְּכָבוֹד , אוּנ מִיט דֶער צַייט װֶעט גָאט עֶנְדֶערְקִין דָעם אֶמֶת , דִיא רְשָׁעִים װֶעלִין אוֹיס גִירִיסְין װֶערִין , אוּנ דֶער אָרִינְטְלִיכֶער מֶענְטְשׁ װֶעט גִיהָאלְפִין װֶערִין , זַייא נָאר גִידוּלְדִיג אוּנ הָאף צוּא גָאט, נָאר דוּא זָאלְסְט זַיין אִין גְרוֹים גִיהֵיים דוּא זָאלְסְט פַאר קֵיינֶעם נִיט עֶנְדֶערְקִין װֶער דוּא בִּיזְט , אוּנ דַיין אַלְטִינְקֶען זָאלְסְטוּ רוּפִין מִיט זַיין נַואהְרִין נָאמֶען יוֹסֵף אוּם מֶען זָאל גָאר קַיין פֶערְדַאכְטוּנְג נִיט הָאבִּין .

אַלֶעס דֶער גִימֵיינְטֶער אַלְטִינְקֶער הָאט זִיךְ שׁוֹין אַנְטְוָוינְט הָאט אִיהם ישׂראל זיידיל צוּא זִיךְ אִין הוֹיז גִינוּמֶען , אוּנ הָאט אִים גִילִיבְּט וִויא אַיין אַייגִין קִינְד , עֶר הָאט זִיךְ מִיט אִים גִיטְרֵייסְט נָאךְ זַיין בְּרוּדֶער , אוּנ זַיין גַאנְצֶער װאוּנְטְשׁ אִיז גִיוֶוען דָאס װֶען דֶר אַלְטִינְקֶער מִיט זַיין הִינְדֶען װֶעלִין זִיךְ אוֹיף הָאדֶעוֶוען זָאלִין זַייא בֵּיידֶע פַאר אֵיינִיגְט װֶערִין אַזוֹ וִויא זַיין בְּרוּדֶער הָאט אִים פַאר זָאגְט .

דֶער אַלְטִינְקֶער מִיט הִינְדֶען הָאבִּין זִיךְ צוּא זַאמֶען גִיהָאדֶעוֶועט נָאר וִויא זַייא זַיינֶען גִיקוּמֶען אוֹיפֶען פִינְפְטֶען יָאהר זַיינֶען זַייא בֵּיידֶע גָאר פַאר שַׁיידִין גִיוֶוען , מִיטִין עֶרְשְׁטֶען בְּלִיק הָאט מֶען דֶעם אוּנְטֶער שַׁייד גִיקָאנְט בְּעמֶערְקֶען , דֶען הִינְדֶעצְקֶע אִיז גִיוֶוען שֵׁיין וִויא אַ בְּלוּם קְלוּג אוּנ גוּטְהֶערְצִיג , אָבֶּער דֶער אַלְטִינְקֶער הָאט גִיוַואקְסֶען וִויא אַדָארֶען זַיינֶע זִיטִין אִיז פֶערְדָארְבֶּען גִיוֶוען , מִיט זַיינֶע אַלֶע חֲבֵרִים פְלֶעגְט עֶר זִיךְ שְׁטֶענְדִיג קְרִיגִין אוּנ שְׁלָאגִין , אוּנ דֶערוּם הָאבִּין אִים אַלֶע פַיינְד גִיהַאט , אוּנ הִינְדֶע הָאט פוּן אִיהר קִינְדְהַייט אָן אִים נִיט גִילִיטֶען , נוּר אַיין ישׂראל הָאט נִיט גִיקוּקְט אוֹיף זַיינֶע אַלֶע פֶעלֶערֶען װַייל דֶער דֶערְמָאנוּנְג פוּן זַיין בְּרוּדֶער הָאט אִים פַאר בְּלֶענְדֶעט אוּנ

הָאט

האט ניט גימערקט זיין העסליכען געשטאלט אונ זיינע שלעכטע מדות ווען הינדע מיט אלטין זיינען שוין אין חדר גיגאנגען פלעגט זיך הינדע שטארקין צום לערנען אונ וויא זיא איז אלט גיווארין צעהען יאר איז זיא שוין בעזעסין געוועזען אין היפש בילדונג , אבער דער אלטער איז צוא זיין צענטין יאהר נאך קראנק געוועזען אין עברי , קיין רבי האט איהם אין חדר ניט גיוואלט האלטין ווייל ער פלעגט זייא דיא ציגענע בערדלאך אויס רייסין , נאר ישראל פלעגט דאס אלץ פאר שטיקען אונ האט פון קיין זאך קיין פירוש גימאכט אום הינדע זאל אויף אים קיין אום חן ניט ווארפין , אבער עס האט קיין זאך ניט גיהאלפין , הינדע האט איהם שרעקליך גיהאסט , אונ וואס זיא איז מיט איאהר עלטער גיווארען פלעגט זיא אלץ מעהר אויף זיין העסליכע צורה ניט קאנען קוקין , אונ וואס מעהר זיא האט אים פיינד גיהאט האט אלץ דער אלטער איהר מעהר גיליבט , ישראל האט דאס בעמערקט דאס זיין הינדע האסט איהם , האט ער דעם אלטין גישיקט אין זיין אימעניע ער זאל זיך דארטין בעשעפטיגען , אונ האט איהם גיהייסין דאס ער זאל אלע מאנהאַיט צוא איהם קומען , ישראל האט גירעכינט דאס דער מיט וואס דער אלטער וועט זיין ווייט פון זיין הינדען וועט הינדעס הארץ צוא איהם נעהענטער ווערין , אבער דאס האט אויך ניט גיהאלפין דען ווען דער אלטער פלעגט קומען האט הינדע אים אויס גיווייכט , זיא האט מיט אים פרידין ניט גיקאנט ליידין , דען וויא נור זייא פלעגין אנפאנגען א גישפרעך האט זיך גלייך צו וויסין זיי אויס גיבראכין אקריג , דען זיא פלעגט איהם פיר האלטין פאר וואס ער שטאלצירט אזוי מיט זיין רייכקייט , אונ פער אכטעט דעם ארעמען מענטשין , אונ ער פלעגט זיך גירעכט מאכין מיט דעם : איין מאהל בין איך רייך דארף איך וויסין אז א קאבצין איז ניט מיין גלייכין , ווען א אידעשער שלעפער בעט ביא מיר איין נדבה וויל איך גאר ניט מיינע הענט איין שמוצען אים צוא געבען , דיא רייד פלעגט הינדען מיט צארען אנצינדען , אונ האט אויף אים גיקוקט וויא אויף איין שונא , ישראלין האט עס שטארק גיקרענקט , איין מאהל האט ער גיזאגט צו זיין שיינדלען : דוא ווייסט דאך אז איך האב הינדען נאך

אין

אִין אִיהר יוּגֶענְד פַאר קְנַאסְט צוּא דֶעם אַלְטֶען, אוּנ אִיךְ הָאבּ מַיין בְּרוּדֶער אוֹיךְ צוּא גִיזָאגְט דָאס דִיזֶער פֶערְקְנַאסוּנְג זָאל עֶרְפִילְט װֶערִין, אוּנ מַיין וָוארְט װֶעל אִיךְ בְּשׁוּם אוֹפֶען נִיט בַּייטִין, בְּכֵן רֵייד אִיבֶּער מִיט אוּנְזֶער הִינְדֶעְן דָאס זִיא זָאל נִיט זָא פִיל פֶערְאַכְטִין דֶעם אַלְטֶען, זִיא זָאל מִיט אִיהם פְרַיינְדְלִיךְ לֶעבִּין וַוייל זִיא װֶעט דָאךְ פָארְט צַמָאהל מוּזִין זַיין פְּרוּי זַיין, אוּנ װֶען עֶר גִיפֶעלְט אִיהר אִיצְטֶער נִיט אַזוֹ דַארְף זִיא אוֹיךְ פַאר שְׁוַוייגִין, דֶען זִיא װֶעט אִיהם אַלְץ אִיבֶּער מַאכִין, אַ וַוייבּ קָאן דֶעם מַאן אִיבֶּער שְׁטֶעלִין, אוּנ אַלֶעם שׁיינְדִיל הָאט טַאקֶע אַיין מָאהל גִישְׁפְּרָאכְט הִינְדֶעְן פַאר וָואס זִיא בֶּעהַאנְדִילְט זִיךְ נִיט אַזוֹי פְרַיינְדְלִיךְ מִיט דֶעם אַלְטֶען ?, הָאט הִינְדֶע גִיעֶנְטְפֶערְט: זֶעה מַאמִינְקֶע רֵייד מִיט מִיר נִיט װֶעגִין אִים, דֶען װֶען אִיךְ דֶער מָאן זִיךְ װֶעגִין אִים שׁוֹידֶערְט מִיר אוֹיף, אוּנ דָאס וָואס דוּא זָאגְסְט אַז סוֹף כָּל סוֹף װֶעט עֶר מוּזִין זַיין מַיין גִימַאהל, זָאג אִיךְ דִיר אַז אִיךְ וִויל גָאר נִיט דֵיינְקֶען וָואס שְׁפֶּעטֶער װֶעט זַיין, דֶען דִיא צוּא קִינְפְטִיגֶע עֶרְאײנֶערוּנְג וואוּנְדֶעט מִיר מַיין הַארְץ, אִיךְ וִויל לִיבֶּער אַרַיין פַאלִין אִין דִיא הֶענְט פוּן דֶעם שְׁרֶעקְלִיכֶען טוֹיט אֵיידֶער אִין דִיא הֶענְט פוּן צְוַיא יוֹילְדִין זְוֶועַר, אוּנ װֶען דֶער טוֹיט װֶעט מִיר נִיט אִיבֶּער נֶעמֶען פַאר דֶעם אַלְטִין, װֶעל אִיךְ אִים גֶעווִיס בֶּעקוּמֶען אִין קוּרְצֶען נָאךְ דִיא אוּנְגְלַייכֶע הָאכְצַייט, נָאר דֶער וַויילֶע וִויל אִיךְ נָאךְ לֶעבִּין, דְרוּם רֵייד מִיט מִיר גָאר נִיט װֶעגִין אִים, דִיא מוּטֶער הָאט זִיךְ מִיט טְרֶערֶען בֶּעגְזֶעגֶענְט פוּן אִיהר טָאכְטֶערְס רֵייד, וַוייל זִיא הָאט פָאר גִיזֶעהֶען דָאס דָא שְׁטֵייט פָאר אַשְׁרֶעקְלִיכֶער שְׁטְרַייט צוּא זַיין װֶעגִין דִיא אַיינִיגוּנְג פוּן דֶעם אַלְטֶען מִיט אִיהר טָאכְטֶער.

3.

שׁ״ה מִיט אִיר זוּהְן יוֹספלען זַיינֶען גִיװֶען בַּייא דֶעם רב ר׳ נח״נעי אִין ד׳ נראה בִּיז יוֹסף אִיז אַלְט גֶעװָארִין אַיאָר פִינְף, אוּנ דַאן הָאט שׁ״ן שׂרה דֶעם רב צוּא לַאסְט נִיט גֶעװָאלְט זַיין אוּנ אַלְזָא אִיז זִיא פוּן אִים אָפּ גִיטְרָאטִין אוּנ הָאט זִיךְ נֶעבֶּאךְ גִישְׁטֶעלְט דִינֶען אוֹיף

אויף אַיין אָרְט, יוספלען הָאט דֶער רב פון זיך נִיט אַוֶועק גֶעלָאזִין וַוייל עֶר הָאט אִים שְׁטַארְק גֶעלִיבְּט, אונ עֶר אִיז טַאקע ווִירְדִיג גִיוֶוען גֶעלִיבְּט צוּא וֶוערִין, עֶר אִיז גִיוֶוען שֵׁיין וִויא דֶער מָארְגִין שְׁטֶערִין אונ הָאט גֶעבְּלִיהְט וִויא אַבְּלוּם, אויך הָאט דֶער רב אִין אִים אַיין גִיזֶעהְן גוּטֶע פֶּעהִיגְקֵייטִין, עֶר הָאט אִים גִיגֶעבִּין לֶערְנֶען אונ יוסף הָאט זִיך צוּא אַלְץ פְּלֵייסִיג גֶענוּמֶען, אונ אַלֶעס עֶר אִיז אַלְט גֶעוָוארִין אַיאָר זֶעכְצִין אִיז עֶר שׁוֹין גִיוֶוען אַגְרוֹיסֶער תַּלְמוּדִיסְט אונ הָאט דֶער צוּא גוּט גֶעוואוּכְט אַפָּאר שְׁפְּרַאכִין, אַלֶע פָּאטֶער אונ מוּטֶערְס הָאבִּן זִיך מִיט אִים גִיבְּעִנְצְט, דָאך הָאט עֶר נִיט גֶעוואוּסְט וֶוער זַיין פָאטֶר אִיז גִיוֶוען אונ מְעַן הָאט דָאס פון אִים אוֹיך אִין גֶעהֵיים גֶעהַאלְטִין. ר' נחמן הָאט גֶעוֵויינְט אויף אִים קוּקֶענְדִיג, וַוייל עֶר הָאט דָאך גֶעוואוּסְט וָואס פַאר אַרַייכְטהוּם צוּא אִים גִיהֶער אָבְּער עֶר קָאן דָאס נִיט דֶערְלַאנְגֶען, אונ אַלְזָא הָאט ר' נחמן פַאר אִים גֶעזָארְגְט אַ תכלית עֶנְדְלִיך הָאט עֶר אַוֶועק גֶעשְׁרִיבֶּען אַבְּרִיף צוּא ר' ליבעלין דֶעם ק... רב אונ הָאט אִים קְלָאר גֶעמַאכְט אִין דֶר גאנְצֶער סוּמאַטְאכִע, וִויא וַוייט שׂרה אִיז רֵיין אונ אוּנְשׁוּלְדִיג, אונ דָאס אִיר וַואהְרֶער קִינְד גֶעפִינְט זִיך גָאר בַּייא אִים, אונ דֶער אלטינקער אִיז גָאר נִיט משה זיידולס אַקִינְד נוּר קֵיין אַנְדֶערִינְס וִויא בּערילס וֶועלְכֶער הָאט דָאס אָנְגֶעמַאכְט דִיא צֶעפּוּחָא.

ר' ליבעלע הָאט עֶרְהַאלְטִין דֶעם בְּרִיף הָאט עֶר גְלַייך אִין אִים גֶעגְלוֹיבְּט, עֶר הָאט זִיך פוּן יסורים דִיא הָאר פון קָאפּ גֶערִיסֶען עֶר הָאט גְלַייך ר' נחמנען אָב גֶעשְׁרִיבֶען: אִיך גְלוֹיב אִין אַייעֶר בְּרִיף גַאנְץ גוּט נוּר אִיך קָאן גָאר נִיט הֶעלְפִין, יוספין זָאלְט אִיר גְלַייך שִׁיקֶען צוּא מִיר אִיך וֶועל מִיט אִים שְׁטִילֶערְהֵייד גוּטֶעס טָאן, אונ אִיך הָאף צוּא גָאט אַז עֶר וֶועט מִיט דֶער צַייט עֶרְשַׁיינֶען דִיא גִירֶעכְטִיגְקֵייט פוּן דִיא פְרוּמֶע מֶענְשִׁין אונ וֶועט עֶנְדֶעקִין דִיא שַׁאנְדֶע פון דִיא רשעים.

ר' נחמן הָאט גְלַייך יוספין אַוֶועק גֶעשִׁיקְט צוּא ר' ליבעלען, ר' ליבעלע הָאט זִיך אִינֶערְלִיך שְׁטַארְק גֶעפְרֵייט מִיט דֶעם וָואס יוסף

איז

איז אין אַלץ גֶערָאטִין גיוָוען, דיא האַרץ האָט עם גֶעזָאגְט אויף אים גוּטֶע האָפֶענוּנְג, עֶר האָט גְלַייךְ אַרִיבֶּער גֶעשִׁיקְט נָאךְ ישראל ויידול אוּנ האָט צוּא אים גֶעזָאגְט אַז יוסף איז זַיינֶער אַשְׁטִיקֶעל קרוב אוּנ בכן פֶערְלַאנְגְט עֶר מֶען זָאל אים נֶעמֶען פַאר אַיין בוּכְהַאלְטֶער אין משה ויידולס טוּךְ פַאבְּרִיק, ישראל האָט גְלַייךְ אַיינְגֶעשְׂטִימְט דֶערוּיף אוּנ יוסף איז אָנְגֶעקוּמֶען פַאר אַיין בוּכְהַאלְטֶער, זאלֶעוַואנֶע האָט עֶר גֶע ֶען פֶערְצִיג רוּבּיל אַ מָאנְהַייט, אוּנ דָאס וָואס עֶם פְּרֶעגְט אים בְּלַייבִּין פוּן זַיין פֶערְצֶערוּנְג האָט עֶר אַוֶועק גֶעשִׁיקְט זַיין מוּטֶער.

יוסף האָט זַיין אַרְבֶּעט עֶרְפִילְט זֵייעֶר פּוּנְקְטְלִיךְ, עֶר האָט בַּייא אַלֶעמֶען נוֹשׂא חן גיוָוען מִיט זַיין פֶעהִיגְקֵייט אוּנ שֵׁיינְהַייט, אוּנ אַלֶע דִינֶער פוּן פַאבְּרִיק האָבִּין אים גֶעלִיבְּט וִויא דֶעם לֶעבִּין. הינדע פְלֶעגְט אָפְט בֶּעזוּכִין משה ויידולס פַאבְּרִיק אוּנ אַלֶעם זיא האָט דֶערְזֶעהְן דֶעם עֶרְסְטִין מָאל יוספין, איז זיא פֶערְוואוּנְדֶערְט גֶעוָוארִין פוּן זַיין שֵׁיינְהַייט אוּנ וִויא זיא האָט מִיט אים אוּים גֶירֶעט עֶטְלִיכֶע וָוערְטֶער איז עֶר אִיר אַיין גֶעבַּאקִין גֶעוָוארִין אין האַרְצִין, זיא האָט שוֹין אָן גֶעהוֹיבֶּען אָפְטֶער צוּא בֶּעזוּכִין דִיא פַאבְּרִיק אוּם נָאר אויף יוספין אַ בְּלִיק צוּא טָאן, זיא פְלֶעגְט שוֹין נֶעכְט נִיט שְׁלָאפִין אוּנ אַלְץ וֶוענִין יוספין גֶעדֵיינְקְט אויךְ אין טְרוֹים האָט זִיךְ אִיר זַיין שֵׁיינֶער גֶעשְׁטַאלְט פָאר גִישְׁטֶעלְט, נָאר וַוייל זיא האָט גַאנְץ גוּט גֶעוואוּסְט אַז עֶר איז זֵייעֶר וַוייט פוּן אִיר, וַוייל אִיר פָאטֶער וֶועט אין זָא אַפַּארְטֵיי גֶעוִוים שְׁטֶערִין, עֶרְסְטִין וַוייל וָוער וַוייסְט פוּן וָואס פַאר אַפַּאמִילְיֶע עֶר שְׁטַאמְט, אוּנ וִוידֶער וִויל דָאךְ דֶער פָאטֶער אִיר פֶערְאַיינִיגֶען מִיט דֶעם גִילְדֶערְנֶעם פלְאקִין מִיט דֶעם אַלְטִין, דֶערוּם פְלֶעגְט זיא וֶועלִין אים פוּן זִינֶען אַרוֹים שְׁלָאגִין, אָבֶּער עֶס איז אִיר אוּנְמֶעגְלִיךְ גִיוֶוען, דָאס האָט אִיר אַזוֹי וַוייט גֶעקְרֵיינְקְט בִּיז זיא פְלֶעגְט בַּייא נַאכְט אִיר קִישֶׁען בֶּעפֵייכְטֶען מִיט אִירֶע טְרֶערִין, אוּנ זיא איז וִויא אַ פֶערְרוּלְטֶע אַרוּם גֶעגַאנְגֶען, זיא האָט נָאר גֶעפַאנְטַאזִירְט אוּנ האָט דֶערְבַּיי פַּר־לָארִין דֶעם אַפֶּעטִיט פוּן עֶסִין, אוּנ פְלֶעגְט מִיט קֵיינֶעם קֵיין וָוארְט

נִיט

ניט רײדען , אירע עלטערין האבין דער?ן פיל שמערצין ניהאט נאר
זייא הא בין בייא איר בשום אופן ניט געקאנט דערגיין וואס איר איז .

יוסף אין זיינער זייטע האט אויף הינדען אויף אשטארקע אויג
געווארפין „וויא גוט עס זא איין שיינעס וועזין אויף דער וועלט !?
פלעגט ער מיט זיך ריידען , ווען זי פלעגט אין פאבריק קומען פלעגט
ער אויף איר שטילע בליקען ווארפין , אין זיין הארץ האט זיך אים
ערוועקט גאר נייע גיפילען , אונ דער גידאנקען דאס ער איז פון
איר ווייט וויא דיא ערד פון הימעל פלעגט אים דיא הארץ מיט בלוט
פערגיסען , ער פלעגט שטענדיג אין דער שטיל טרערין פערגיסען
אויף הינדען וועלכע וועט ארייין פאלין צוא אזא טויגעניכטס וויא
זיין פרינצעפאל דאס הייסט צום אלטין ,איך האב מיט לייד מיט
דיר שיינעס בעשעפענים" — פלעגט ער שטענדיג זאגין אין זיך —
„דוא קאנסט פיר אצירונג דינען אונ דעם לעבין פערזיסען דעם בע-
רימטעכטין מאן , אונ דוא דארפסט נעבאך ארייין פאלין צוא א נע-
ביא־איי , צוא זא אווילדע טהיר וועלכער וועט דיר ניט וויסען וויא
צוא שעצין" .

יוסף פלעגט זיך אפט בעגעגינען מיט אירע בליקען , פון
וועלכע ער פלעגט ארויס זעהן ליבע אונ פריינדשאפט , ווי זיא וואלט
זיך בייא אים מיט שטומע בליקען בעטין : נעם מיר צו אונטער דיין
שוץ , לאז מיר ניט אריין פאלין אין א לייבין גרוב , וויא אשעפעלע
קוקט לאסקאווע אויף זיין הירט ווען ער דער זעהט פון ווייטין וויא
אלייב לויפט אונ שארפט דיא ציינער אים איין צו שלינגען . ביידע
יוסף אונ הינדע האבין זייער געוואלט קריגען אשלוציי דאס זיי זאלין
זיך קאנען דורך ריידין , אונ זאלין זיך אוים גיסען זייערע ביטערע
הערצער איינער פיר דעם אנדערין , נאר דער שלוציי האט זיך קיין
מאל ניט געמאכט , אונ אזוי האבין זיך די פאר שטערבליך געליבט
אונ איינער האט פון דעם צווייטין ניט געוואוסט , אונ האבין ביידע
ניט געהאפט דאס פון זייער ליבע זאל אגוטער סוף זיין , זייא האבין
נאר געשפירט דאס דיא ליבע גריזעט זייא דיא הארץ אונ ווען זיא

וועט

וועט ניט האבין קיין גוטין רעזולטאט וועט עס זיי דעם לעבין קאסטען ווייל זייא וועלין דאס מיט זייער געזונד ניט אויס האלטין.

אמאל אלעס הינדע איז אין פאבריק זייער פארטראכט ארום געגאנגען אונ אירע בליקען האט זיא אויף יוספין געווארפין וועלכער איז גיזעסין פון ווייטען בייא זיין שרייב טיש, איז זיא זיך פאר ביי געגאנגען פאר בייא א גרויסע ראד פון פאבריק וועלכע האט זיך געדרייט, האט זיך דיא שלעפע פון איר קלייד איין געצעפעט אין ראד, אונ דיא ראד האט שוין צוא זיך ארין גישלעפט דיא גאנצע פאלע אונ עס האט גיפעלט איין אויגען בליק דאס הינדע זאל צוא ריבען ווערין דורך דיא ראד, אלע וועלכע האבין דאס דער זעהן זיינען שרעקליך דערשראקין געווארין אונ האבין געשריען מיט גוואלדין אבער זיי זיינען געבליבען אפ הענטיג אונ האבין ניט געוואוסט וואס צוא טאן, זייא האבין שוין ערווארטעט דיא שרעקליכע סעקונדע דאס הינדע ליגט אין ראד, פלוצלונג איז וויא איין אדלער צוא געלאפין יוסף ער האט פון טאש ארויס געחאפט אמעסעריל אונ האט איבער געשניטען דיא קלייד דאס דיא ראד זאל איר שוין ניט מער שלעפין, אונ האט זיך גלייך גענומען אויף צוא מונטערין הינדען וועלכע איז פון שרעק א געהאלישטע געבליבען, אלעס הינדע האט דיא אויגען גיעפינט אונ האט לעבין זיך דערזעהען יוספין וועלכער טרייסט איר אונ זאגט: „זייט רוהיג זייא זיינען שוין מער ניט אין געפאהר, זייא זעהן דאך דאס איך האב דיא קלייד איבער געשניטן אונ דיא ראד וועט אייך שוין ניט צוא מאלין אויף אש". האט זיך הינדע אויף גישטעלט אונ איז יוספין אויפין האלז געפאלין אונ האט געשריען: מיט וואס קאן איך אייך אפ דאנקען פאר מיין לעבין? איר זייט מיין רעטער! איך בין אייך מיט מיין לעבין שולדיג! אונ איך וועל אייך מיט מיין לעבין צאלין...

גלייך דערויף זיינען געקומען צוא לויפען הינדעס עלטערין דער הערינדיג דיא געשיכטע, זייא האבין יוספין געקושט אונ געדאנקט

און האבּין עם מיט הינדרען מיט אַ פְרֵיידע צוא זיך אין הויז געבּראַכט ישׂראל האט יוספין געזאָגט דאס פון היינט אָן וועט ער שוין גְלייבּין וויא איינער פון זיינע הויז לייט, און וועט שוין אויף זיין קוואַרטיר און טיש בּלייבען, יוסף האט אים געדאַנקט דאַפיר, און גלייך אין דעם זעלבּין אבענד האט מען פארבּרייטעט צו מאכין א באַל אָ, דעם נאָמען פון דיא רעטונג פון זייער הינדרען.

אין אבינד האבּין זיך אויף געקליבּען ישׂראל'ס פריינד, און יוסף איז גיוועזען דער געראַיי פון דעם וויעצער, געוואונליך איז דער אַלטער גיוועזען פון די ראשי הקרואים אויף דעם באַל, און אַלעס ער איז אריין האט ישראל פר אים יוספין פאר גישטעלט. דאס ער האט אים שולד דאַנקבּאר צוא זיין ווייל ער האט זיין כלה גירעטעט פון טויט, דעם אַלטין האט דאס דורך געשטאַכין אַלע גלידער, ער האט פאר גיזעהן וואס דערפון קאן זיין, דאך האט ער מוט געפאסט און האט געזאָגט צוא יוספין: עס פרייט מיר זייער דאס מיינער אַדינער זאל זא איין העלד זיין, און זאל זיין מיר זא איבּער געבּין דאס דער לעבּין פון מיין בּרויט זאל אים אינטערעסירען, און אויב איר וועט מיר זא גינציג בּלייבּין וועט איר בּייא מיר שטענדיג אַשטעלע האבּן האטש איך וויל אייך פון דער בוכהאַלטעריע אָפּ שאַפּין ווייל איהר טויגט ניט דערצוא.

דיא ווייטערדיגע ווערטער האט יוסף אראָפּ געשלונגען וויא געקאכטע בּלייא און עס האט אים גיבּרענט אין זיינע אינגעווייט, אויך איז הינדע ערצונדען געווארין פון דעם העלישען איידעלין דאַנק און אויך אַלע געסט האבּין דאס שרעקליך בּעמערקט און עס איז שטיל געוואָרין.

צייט יוסף איז שוין בּיי ישׂראל'ן א בן בית געוואָרין איז הינדע נאר אַנדערש אומגיענדערט געוואָרין, זיא פלעגט שוין פריילייכער זיין, און זיא האט שוין געהאפט דאס איר ליבּע וועט שוין אַגוטין רעזולטאט האבּין, זיא האט דרייסט געהאט מיט יוספין אַלעס איר

רעטער

רָעטָער פְרַיינְדְלִיךְ צוּא שְׁפְּרֶעכִין אוּנ פְלֶעגְט אִים אָפְּט בֶּעזוּכִין מַאבִין אִין זַיין צִימֶער, אוּנ דִיא לִיבֶּע הָאבִּין זַייא זִיךְ בֵּיידֶע עֶרְקְלֶערְט אוּנ הָאבִּין גְעהָאפְּט פֶערְאַייניגְט צוּא וֶוערִין מִיט דֶעם אוּים רֵייד, אַיין מָאל הָאט אִיר יוסף פוּן טוֹיט גִירֶעטֶעט גִיהֶערְט זִיא צוּא אִים, נָאר דָאךְ הָאט הינדע נָאךְ קֵיין דְרֵייסְט גְעהַאט דֶעם פָאטֶער צוּא עֶנְדֶעקִין אִיר לִיבֶּע, אוּנ פוּן דַאן אָן פְלֶעגְט זִיא אוֹיף דֶעם אַלְטֶענְס טְרִיט שׁוֹין גִיט קוּקֶען.

דֶער אַלְטָער הָאט דָאס גַאנְץ גוּט פֶערְשְׁטַאנֶען אוּנ הָאט גֶעוואוּסְט פוּן וָואס דָאס וַואקְסְט, דֶערוּם הָאט עֶר אַמָאל צוּ ישׂראל'ן גֶעזָאגְט: פֶּעטֶער, אִיהר וַוייסְט דָאס מִיר הָאט שׁוֹין גִיגְרֵייכְט אַכְט צֶעהְן יָאהר, דֶערוּם אִיז שׁוֹין צַייט אִיר זָאלְט מִיר אַייֶער טָאכְטֶער אָפּ גֶעבִּין אוּם מִיט אִיהר צוּא הֵיירַאטֶען. „וַוארְט מַיין קִינְד אַפָּאר טֶעג — הָאט ישׂראל אִים גִיעֶנְטְפֶערְט — אוּנ דַאן וֶועל אִיךְ דִיר אַיין אַנְטְוָוארְט גֶעבִּין.

ישׂראל הָאט אַיין מָאל אַרַיין גֶערוּפִין הינדען אוּנ הָאט אִיהר גִיזָעצְט לֶעבִּין זִיךְ אוּנ הָאט צוּא אִיר גֶעזָאגְט: דוּא וַוייסְט מַיין קִינְד דוּא דַארְפְּסְט זִיךְ שׁוֹין אָנְבְּרֵייטֶען, אוּם גֶעזַאמְט וֶועט בַּייא דִיר דַיין הָאכְצַייט מִיט מזל זַיין.

מִיט וֶועמֶען? הָאט הינדע גִיפְרֶעגְט.

שְׁטַייא דוּא וַוייסְט נִיט מִיט וֶועמֶען? אִיךְ הָאבּ דִיר נָאךְ אִין דַיין יוּגִינְד פֶערְקְנַאסְט צוּא מַיין בְּרוּדֶער משה'ס אַלְטִין, אוּנ אִיר זַייט דָאךְ אַלֶעם חתן כלה, אוּנ דוּא פְרֶעגְסְט גָאר מִיט וֶועמֶען?

אִיךְ וֶועל מִיט דֶעם זְוֶוער נִיט הֵיירַאטִין — הָאט הינדע מִיט דְרֵייסְט גִיעֶנְטְפֶערְט — בֶּעסֶער נֶעם אַהַאק אוּנ הַאק מִיר אַרָאפּ דִיא קָאפּ אֵיירֶער מִיר אִיבֶּער צוּ גֶעבִּין אִין דִיא הֶענְט פוּן אַזַא אַיין אוּיס ווּאוּרְף, אִיךְ וִויל נִיט אִים אוּנ נִיט זַיין רַייכְטְהוּם, אִיךְ וִויל בֶּעסֶער גֶעגִיסֶען אַנְגֶעמַיינֶעם לֶעבִּין מִיט אַוִוירְדִיגֶען מֶענְשִׁין וִויא אֵיירֶער צוּא לֶעבִּין אִין רַייכְקַייט אוּנְטֶער אַיין דַאךְ מִיט אַווִילְדֶע חיה, נֵיין טַא-טִינְקֶע עֶס אִיז אוּמְזִיסְט דַיינֶע רֵייד, אִיךְ וֶועל זִיךְ מִיט אִים נִיט פַאר

אייניגען

אֵיינִיגֶען, אוּנ דוּ דַארְפְסְט פִיר מִיר קֵיין פַּארְטֵיי נִיט זָארְגִין אִיךְ הָאבּ מִיךְ שׁוֹין אַלֵיין בֶּעזָארְגְט, אִיךְ הָאבּ זִיךְ שׁוֹין אוֹים עֶרְוֵויילְט פִיר אַ לֶעבִּינְס בֶּעגְלֵייטֶער אֵיינֶעם גֶעשֶׁעצְטִין מַאן וֶועלְכִין אִיךְ בִּין מַיין לֶעבְּן שׁוּלְדִיג, אוּנ עֶר נִיט־קֵיין אַנְדֶערֶער הָאט אוֹיף מִיר צוּ שַׁאפִין.

אוּנ וֶוער אִיז עֶר דָאס? פְרֶעגְט ישׂראל מִיט גְרוֹיס צָארְין.

דָאס אִיז יוסף, וֶועלְכֶער הָאט מִיר פוּן טוֹיט גִירֶעטֶעט, צוּא אִים גִיהֶער אִיךְ אִין גַאנְצֶען — הָאט הינדע גֶעזָאגְט מִיט דְרֵייסְט.

הָאבּ אִיךְ מִיט מַיינֶע הֶענְט אַלֵיין אַ שׂטן צוּא מִיר אִין שְׂטוּבּ אַרַיין גֶעבְּרַאכְט! הָאט ישׂראל גֶעשְׂרִיעֶן אוּנ הָאט זִיךְ דִיא הָאר פוּן קָאפּ גֶערִיסֶען, אוּנ אִיז מִיט צָארִין אַרַיין גֶעלָאפִין צוּא יוספין אִין צִימֶער אוּנ הָאט אִים גִיגֶעבִּין עֶטְלִיכֶע פְרֶעשְׁק אוּנ הָאט אִים דוּרְךְ גֶעוָוארְפִין פוּן שְׂטוּבּ, אוּנ הָאט אִים פַאר זָאגְט עֶר זָאל שׁוֹין מֶעהְר אוֹיף זַיין שְׂוֶועל נִיט אַרוֹיף טְרֶעטִין, אוּנ הָאט אִים פוּן זַיין שְׂטֶעלֶע אָפּ גֶעזָאגְט.

4.

ר' משה זיירול וֶועלְכֶער אִיז פֶערְשִׁיקְט גֶעוָוארִין אוֹיף אֵייבִּיגֶע קַאטֶערְזִינֶע הָאט גֶעבַּאךְ דִיא עֶרְסְטֶע עֶטְלִיכֶע יָאר גֶעאַרְבֶּעט אִין טַאצְקֶעס וִויא אַלֶע קַאטֶערְזְנִיקֶעס, אָבֶּער וִויא דֶער נַאצַאלְנִיק הָאט אִים גוּט דוּרְךְ גֶעקָאנְט דָאס עֶר אִיז אַיין אַדֶעלֶער אוּנ אָרֶענְטְלִיכֶער מַאן הָאט עֶר אִים בֶּעפְרַייעֶט פוּן אַרְבֶּעט, עֶר הָאט אִים נוּר בֶּעפוילִין אַכְטוּנְג צוּא גֶעבִּין אוֹיף דִיא אַרְבֶּעטֶער, אוּנ צְוַואר דִיא סְלוּזְבֶּע אִיז נָאךְ אוֹיךְ נִיט גְלַייךְ וִוי צוּ זִיצֶען אִין דֶער הֵיים מִיט וַוייבּ אוּנ קִינְדֶער צוּזַאמֶען דָאךְ אִיז ר' משה'ן שׁוֹין גַאנְץ גוּט גֶעוָוארִין אַלֶעס עֶר אִיז פוּן דֶער אַרְבֶּעט בֶּעפְרַייט גֶעווארִין אוּנ אִיז נָאר גֶעבְּלִיבֶּען אַיין אוֹיף זֶעהֶער, אוֹיךְ הָאט עֶר פִיל גוּטֶעס גֶעטְאן מִיט דִיא קַאטֶערְזְנִיקֶעס וֶועלְכֶע עֶר פְלֶעגְט דוּרְךְ קָאנֶען פַאר אָרֶענְטְלִיכֶע לַייט עֶר פְלֶעגְט זֵיי עֶרְלַייכְטֶערִין זֵייעֶר אַרְבָּעט אוּנ פְלֶעגְט גוּטֶע פָאר שְׂטֶעלוּנְגֶען מַאכִין בַּייא זַיין נַאצַאלְנִיק.

אמאל

איין מאל איז ער אונטער געגאנגען צוא זיין נאצאלניק אונ האט צוא אים געזאגט: מיט אפאר מאנהייטען צוריק האט מען היר געבראכט ארעסטאנט איינגע מענשין וועלכער איז איוד, פון זיין אדערע פיזיאנאמיע האב איך אים דערקאנט ארענטליכקייט, אונ אין פערלויף פון דיא פאר מאנהייטין האב איך גיזעהן דאס ער איז אין דער טהאט זייער ארענטליך, ער ווייגט שטענדיג אונ מאכט פייכט דיא ערד וועלכע ער גראבט, קענטיג ער איז אויך פאר א פאלשען בלבול אהער אריין געפאלין, בכן בעט איך דיר דוא זאלסט מיר ערלויבען אים דיא ארבעט לייכטער צוא מאכין.

טוא וויא דוא פארשטייסט, האט אים דער נאצאלניק גיענט-פערט, אונ ר' משה זיידיל איז וויא א פייל פון בויגען געלאפין צוא דעם יונגען מאן. אלעס ער איז צו אים פון הינטען אונטער גינאנגען האט ער גיזעהן וויא ער גראבט דיא ערד מיט דיא לעצטע כוחות, אונ שווייס רינט פון אים זייער פיל דאס עס קאפעט גאר פון זיין קלייד טראפענס שוויים, אונ ווען ער איז שוין גאר אן קראפט נעבליבען, האט ער זיך אנגעשפארט אן זיין רידעל אום זיך עטוואס אפ צוא דיכען אונ האט אויף געהויבען דיא אויגען צום הימעל אונ האט זיך פאר טראכט, אונ נאכהער האט ער געזאגט: וויא ליכטיג דוא שיינסט דאס דוא זון, דוא דער פרייסט אלע לעבעדיגע מיט דיין ליכטיגקייט, אלע ערווארטין דיר מיט אונגעדולד, אבער מיר אומגליקליכער ביסטו גאר ניט נוציג! דורך דיין ערשיינונג זעה איך וויא גרוים מיינע צרות זיינען, וויא דוא שיקסט נאר ארוים דיינע שטראלין, זא ווער איך גלייך ארוים געשיקט אויף דיא ערעקליכע ארבעט, אונ דורך דיין ליכטיגקייט ווערט מיר פינסטער, דו ביזט דאך איין עדות אויף מיין ארענטליכקייט, דוא ווייסט דאך וויא אום שולדיג איך בין אהער געשיקט געווארין דורך בייזע אונ שלעכטע מענשין, היינט ווארום שיינסטו צו זייער גליק אונ צו מיין אונגליק? באהאלט זיך אונטער אגעדיכטע דונקעלין וואלקין דוא זאלסט ניט

צוא

צִיא זֶעהֶן דִיא אוּנְרֶעכְט אוּנ מָארְדְטְהַאטִין וָועלְכֶע אוֹיף דֶער וָועלְט טוּט זִיךְ, וְויא קָאנְכְטוּ דָאס צוּא זֶעהֶן וְויא מַיין לִיבֶּע אוּנ טַייעֶרֶע פְרוֹי גַייט אַרוּם שְׁוַוארְץ אוּנ פַר פִינְסְטֶערְט אִין אַיין עֶק וֶועלְט, אוּנ אִיךְ פֶערְוָואגִילְטֶער בִּין אִין שְׁמֶערְצִין אִין דֶעם צְוַוייטֶען עֶק וֶועלְט, אָ גָאט! קֶער זִיךְ צוּא דִיא תפילה פוּן אַיין פֶערְוָואגִילְטֶען אוּנ אוּם גְלִיקְלִיכֶען נָאר אָן אַ מִשְׁפּט, וֶועלְכֶער שְׁרַייט צוּא דִיר פוּן בִּיטֶערֶע יסוּרים, פַאר וָואס זָאל דָאס דִיא בֵּייזְהַייט אוּנ מֶערְדֶערַייא גָאר אוֹיפֶען וֶוערְלִיךְ עֶקְסִיסְטִירֶען אוֹיף דֶער וֶועלְט אוּנ מִיט אַלֶע פְרַייהַייט אוּנ פֶערְגֶענִיגֶען גִיוֶועלְטִיגֶען אִין טַייעֶרֶע פַּאלַאצִין, אוּנ דִיא אָרִינְטְ־לִיכֶקַייט זָאל מוּזֶען פֶערְיָאגְט זַיין אִין אַנְגְסְט אוּנ אִין צרות? וָוארוּם הָאסְטוּ מִיר גָאט בֶּעווִיזֶען פֶערְגֶענִיגֶען אוּם מִיר צוּא פַּיינִיגֶען אִין יֶעצְטִיגֶע צרות מִיט דִיא עֶרְאִינְעֶרוּנְג פוּן דִיא גוּטֶע צַייט? אַקוּרְצֶע צַייט הָאבּ אִיךְ זִיךְ גִיזֶעטִיגְט מִיט זִיסֶקַייט מִיט מַיין גֶעלִיבְּטֶע זֶעלֶע, מִיט מַיין טַייעֶרֶע פְרוֹי, זֶעהֶענְד אִיר לֶעבִּין מִיר אִיז מִיר לִיכְטִיג גִיוֶוען אִין אַלֶע וִוינְקֶעלִיךְ, נָאר וַוייא אִיז מִיר! מַיין פְרַיידֶע אִיז גִיוֶוען נָאר אוֹיף אֵיין אוֹיגֶענְבְּלִיק, אוּנ וֶוער וַוייס וְויא לַאנְג דַיין צָארִין וֶועט מִיר יָאגִין, וַוייא אִיז מִיר, אַז אִיךְ בִּין פוּן מַיין פְרוֹי אָפּ גְעֶרִיסֶען גֶעוָוארִין!.

דֶער יוּנְגֶער מַאן הָאט שׁוֹין מֶעהר נִיט גֶעקָאנְט רֵיידֶען וַוייל עֶר אִיז אִין אוּנְמַאכְט גֶעפַאלִין אוֹיף דֶער עֶרְד.

משה ויידול אִיז גְלַייךְ צוּ אִים אוּנְטֶער גֶעלָאפִין אוּנ הָאט אִים עֶרְמִינְטֶערְט אוּנ צוּא אִים גֶעזָאגְט: אִיךְ הָאבּ מִיטְלֵייד מִיט דִיר דוּא שֵׁיינֶער יוּנְגֶער מַאן, אִיךְ הָאבּ גִיהֶערְט דַיין תפלה, פֶערְפְלוּכְט זָאלִין זַיין דִיא שְׁרֶעכְטֶע מֶענְשִׁין וֶועלְכֶע הָאבִּין דִיר אָפּ גֶעפְּלִיקְט פוּן דִיא אָרֶעמְס פוּן דַיין פְרוֹי, זַייא רוּהִיג מַיין פְרַיינְד, פוּן יֶעצְט אָן וֶועל אִיךְ אוֹיף דִיר בֶּעשִׁיצֶען, נָאר יֶעצְט קוּם מִיט מִיר אִין מַיין גִיצֶעלְט אוּנ רוּהֶע זִיךְ אַבִּיסֶעל אוֹים אוּנ דֶערְצֵייל מִיר דַיין גֶעשִׁיכְטֶע וְוי אַזוֹי בִּיסְטוּ גֶעקוּמֶען צוּ אַזַא אַיין אוּמְגְלִיק.

דֶער יוּנְגֶער מַאן אִיז קֵיין אַנְדֶערֶער גִיוֶוען וְויא אוּנְזֶער יוסף,

און דערום ווייסען מיר שוין זיין געשיכטע ביז מען האט איהם פון ישראל'ס הויז ארויס געטריבען, און מיר האבין נייטיג פון דאן אן צוא שרייבען דיא געשיכטע.

אלעס ישראל זיידול האט מיר ארויס געטריבען — האט יוסף דערציילט אין משה זיידול'ס גיצעלט פאר איהם — בין איך גלייך אוועק צום רב און האב איהם אלעס ריכטיג דערציילט, דער רב האט מיר געראטהין דאס איך זאל זיך אין ק... אפ שטעלין און ווען זאגאר איך וועל קיין שטעלע ניט האבין וועט ער מיר אונטער שטיצען, איך האב דעם רב געפאלגט, און האב זיך דארטין אפ גישטעלט.

פון יענער צייט אן האט מען הינדען פארשפארט געהאלטין וויא אין אשטייג, מען האט איהרע טריט נאך געשפירט דאס זיא זאל זיך מיט מיר ניט קאנען זעהן, נאר הינדע פלעגט זיך פון אייזערנע קייטען אפ רייסען און פלעגט זיך פארט מיט מיר אפט זעהן געציילטע סעקונדען, און אלעס דאס איר פאטער איז געוואר געווארין האט ער פון צארין איר אויך ארויס געטריבען, זיא איז מיט דעם ארויס טרייבען גריילך צוא פריהען גיוועזען, זיא איז גלייך צו מיר געקומען מיט אפריידע און געזאגט: יעצט זיינען מיר שוין פרייע מענשין, דער פאטער האט מיר שוין אויך ארויס געטריבען און דערום זיינען מיר שוין זעלבסט שטענדיג, מיר קימערט ניט טאטער וועלין מיר מוזען פערברייגען א געמיינעם לעבין, איך בין אויף אלץ פערטיג נאר מיט דיר פעראייניגט צו ווערין.

איך בין גלייך געגאנגען צום רב פרעגין איין עצה, ער האט מיר געהייסין מיט הינדען אפ פארין אין א קליין שטעטיל און דארטן הייראטען מיט איר און נאכהער צוריק קומען.

„דאס איז דאך אבער אפערברעך קענין איהרע עלטערין, און ניט שיין פאר לייטען", האב איך צום רב געזאגט. וואס הארט דאס דיך — האט דער רב גיענטפערט — אז איך הייס דיר מעגסט דוא דאס טאן, און נאך דיין האכצייט זאלסטו אהער צוריק קומען און

איך

איך וועל דיר שטיצען, ניט פון אייגענע געלט נור פון אזעלכע געלט וועלכע דיר גיהער.

איך האב שוין קיין פולע ניט גיקלערט אונ האב געפאלגט דעם רב, וויא ישראל האט דערהערט פון אונזער געהיימע התונה האט ער געשוואורין פון צארין דאס ער מוז מיר אומברייגגען, דער רב האט אים צוא זיך גערופין אונ האט אים אנגעמוסרט, ער האט אים געזאגט דאס אונזער הייליגע גמרא זאגט אין מסכת קדושין: דאס אפאטער טאר ניט פאר קנאסין זיין טאכטער ביז זיא ווערט א גרויסע אונ זאגט יענעם וויל איך פאר אמאן יענער גיפעלט מיר, היינט וויא אזוי ווילסטו דאס דיין טאכטער זאל אן נעמען וואס דו האסט פאר איר אוים גיזעהן ווען זיא איז אקליינע גיוועזן

„אבער דאך זאגט דאך דיא גמרא דאס דער פאטער דארף זיין טאכטער אמאן געבין ווען איר גיפעלט, אבער ניט זיא זאל ביא דעם פאטער גאר ניט פרעגין" האט ישראל צום רב געזאגט „יע דאס איז אפשר איין עולה, אבער צוא דערום דארפסטו וועלן זיך נוקם זיין אן איין אייגענע קינד, לאז אפ דיין כעס אונ ערבארים דיך איבער דיין טאכטער".

ישראל איז פון רב אוועק האלב פערשעמט, דאך האט ער געצארינט אויף אונז, נור דיא בושה פארין רב האט אים אפ געהאלטין פון אונז שלעכטס צוא טאן, איין מאל האב איך מיט הינדען ביא זיך געפועלט צוא גיין צוא אירע עלטערין אונ זיי צוא דיא פים צוא פאלין אום פערצייהונג צוא בעטין פילייכט וועלין זיי צוא אונז בעסער ווערין, נאר וויא מיר זיינען אויף ישראל'ס שוועל געקומען האט מען פון אונז דיא טיר פאר ריגעלט, אונ פון דיא פענסטער האט מען ארוים געשריען: ניט דא איז פאר אייך איין ארט, גייט צום טייפול, אונ אונזער צארין וועט איר אפט בעגעגינגען ביז איר וועט זיך שיידען, אונ איר וועט דינען צוא א ביישפיל פאר אלע אידישע טעכטער.

סיין

מַיין הינדע הָאט זִיךְ פון שַׁאנְדֶע בֶּעגָאסִין מִיט טְרֶעהְרִין און הָאט זִיךְ פְּרָאסְט פון דִיא פִּים אַרָאפּ גֶעלָאזִין, נור אִיךְ הָאבּ אִיהר אויף גֶעהַאלְטִין, און קוים וָואס אִיךְ הָאבּ אִיר פַאר פִירְט צוּא אוּנְז אויפֶען קְוַואַרְטִיר.

הינדע הָאט זֵייעֶר פִיל גֶעוֵויינְט און הָאט בֶּעהַאלְטִין אִיהר גֶעזִיכְט אִין מַיין אָרֶעם, „פִילַייכְט הָאסְטוּ מַיין טַייעֶרֶע חרטה אויף דֶעם וָואס דוּא הָאכְט גֶעטָאן, — הָאבּ אִיךְ צוּא אִיר גֶעזָאגְט — פִילַייכְט קְרֵיינְקְט דִיר וָואס דַיינֶע עֶלְטֶערִין הָאבִּין זִיךְ פון דִיר עֶנְד-זַאגְט, אוֹיבּ דוּא פֶערְלַאנְגְכט קָאן אִיךְ דִיר גְלַייךְ בֶּעפְרַייעֶן, און דַיינֶע עֶלְטֶערִין וֶועלִין דִיר עֶמְפְּפַאנְגֶען מִיט אָפֶענֶע אָרֶעמְס, און דֶער אַלְטֶער וֶועט דִיר אויךְ גֶעוִוים פֶערְצַייעֶן און דוּ וֶועסְט צוּרִיק וֶוערִין גְלִיקְלִיךְ, נָאר אִיךְ וֶועל זִיךְ מִיר שׁוֹין אִיבֶּער לַיידִין דִיא בִּיטֶער יָארִין אִין פִינְסטֶערְנֶעס בִּיז אִיךְ וֶועל זִיךְ עֶנְדִיקֶען.

דוּא קְרֵיינְקְסְט מִיר מִיט דַיינֶע יֶעצְטִיגֶע רֵייד — הָאט הינדע צוּא מִיר גֶעזָאגְט מִיר אָנְקוּקֶענְדִיג מִיט לִיבְּלִיכֶע בְּלִיקֶען — דוּא בִּיזְט מַיין לֶעבִּין און מַיין רַייכְטוּם, דוּא בִּיזְט מַיין עֶהְרֶע און מַיין הִילְף, אִיךְ הָאבּ נִימַאלְס גֶעהָאפְט בֶּעגְלִיקְט צוּא וֶוערִין מִיט זָא אַיין שַׁאץ וֶועלְכֶער קֶענִיגְלִיכֶע טֶעכְטֶער קָאנֶען עֶס נִיט בֶּעקָאמֶען, אִיךְ זָארְג שׁוֹין גָאר נִיט וֶועגִין רַייכְטוּם און וֶועגִין מַיינֶע עֶלְטֶערִין, עֶס קְרֶענְקְט מִיר דָאס דוּא בִּיזְט מַיין פְרֵיידֶע און אִיךְ בִּין אוּנְטֶער דַיין שׁוּץ, און וֶוען גָאט וָואלְט צוּא מִיר זָאגֶען: וָואס פֶערְלַאנְגְסְטוּ הינדע, אִיךְ וֶועל דִיר אַלֶעס עֶרְפִילֶען, וָואלְט אִיךְ זָאגֶען: אִיךְ פֶערְלַאנְג נָאר אִיךְ זָאל זִיצֶען אוּנְטֶער דֶעם שָׁאטִין פון מַיין מַאן מַיין גַאנְצִין לֶעבִּין מִיט זַיין זִיסֶען אָנְגֶעזִיכְט זִיךְ צוּא פְרֵייעֶן, און מִיט זַיינֶע זַאנְפְטֶע גֶעשְׁמַאקֶע וָוארְטִין זִיךְ צוּא זָעטִיגֶען. און אַזוֹי הָאבִּין מִיר זִיךְ גִילֶעבְּט אַיין זִיבֶּען אַיינְפַאכִין לֶעבִּין נָאר דֶער צָארִין פון דֶעם אַלְטִין הָאט אוּנְז גֶעשְׁרָאקִין, עֶר הָאט אַלְץ גֶעזוּכְט וִויא צוּ פַאר שְׁפְּרֵייטֶן אַנֶעץ אוּנְטֶער מִיר, עֶר הָאט אַלְץ גֶעוָואלְט דִינְגֶען מֶענְשִׁין וֶועלְכֶע

זאלין

זָאלִין אויף מִיר פַאלְשׁ עדות זָאגִין אונ זָאלִין מִיר אוּמְבְּרֵיינְגֶען, נָאר דֶער רב ר' ליבעלע פְלֶעגְט זִיךְ דֶערְכְּוּן דֶערְוְוִיסֶען אונ פְלֶעגְט דִיא עדות גוּט אָנְמוּסָרִין אונ זֵייא פְלֶעגִין דָאס נִיט טָאן. אזוי הָאבִּין מִיר פַארְבְּרַאכְט אוּנְזֶער זִיסֶען לֶעבִּין צְווִישֶׁען ווִילְדֶע חַיוֹת, נָאר דֶער רב הָאט אויף אוּנְז גֶעשִׁיצְט מִיט אלע קְרֶעפְטִין.

דָא הָאט זִיךְ יוסף אָפּ גֶעהַאלְטִין אונ אִיז עֶנְטְשְׁוִויגֶען גֶעווָארִין ווייל דִיא הַארְץ הָאט אִים פַאר קְוֶועצְט, אונ הָאט זִיךְ אָפּ גִיקֶערְט פוּן משה זיידלן אונ הָאט גֶעוֵויינְט, אונ ר' משה הָאט אִים גֶעטְרֵייסְט אונ גֶעזָאגְט: גָאט וֶועט דִיר נָאךְ אוּמְקֶערִין צוא דַיין פְרֵייד אונ צוּ הינדען דַיין גֶעלִיבְּטֶע פְרוֹי. אונ יוסף הָאט זִיךְ אָפּ גֶעהַאלְטִין פוּן ווֵיינֶען אונ הָאט גֶעזָאגְט: נָאר גָאט הָאט פוּן מַיין פְרֵייד אַיין עֶנְדֶע גֶעמַאכְט, מִיט דִיא קְרַאנְקַייט וֶועלכֶע דֶער רב אִיז קְרַאנְק גֶעווָארִין. אָה! מַיין הַארְץ שְׁטוּרֶעמְט וֶוען איךְ דֶערְמָאן זִיךְ אָן רב. דָאס אִיז גִיוֶוען אַמַאן אַהֵיילִיגֶער מִיט אַ וואוּנְדֶערְלִיכֶען חַארַאקְטֶער, וואו גֶעפִינְט מֶען נָאךְ זַיין גְלֵייכֶען! דֶער רב ר' ליבעלע אִיז שְׁטַארְק קְרַאנְק גֶעווָארִין, אַלֶע שְׁטָאט לַייט הָאבִּין גֶעוֵויינְט אונ גֶעקְלָאגְט אִין דִיא גַאסֶען, מֶען אִיז גִילֶעגִין אויף דִיא פֶּענִימֶער, ווַייל עֶר הָאט אִין דֶער שְׁטָאט גְרוֹיסֶע אָרְדוּנְגֶען גֶעמַאכְט, אונ הָאט עָרְוַוייטֶערְט פוּן מחלוקת אונ אוּנְטֶער זַיין שׁוּץ הָאבִּין אַלֶע אִין פְרִידֶען גְלִיקְלִיךְ גִילֶעבְּט, אונ וֶועמֶען אִיז זַיין קְרַאנְקְהַייט מֶער נוֹגֵעַ גִיוֶוען ווִיא מִיר אִיךְ בִּין גִיוֶוען אִין שׁוּל אונ הָאב מִיט בִּיטֶערֶע טְרֶערִין תהלים גֶעזָאגְט פַאר דֶעם רב'ס גֶעזוּנְט, אונ ווִיא אִיךְ הָאב זִיךְ פוּן אָבִינְד צוּ הויז אוּמְגִיקֶערט, הָאב אִיךְ דֶערְהֶערְט אַגֶעוֵויין אִין שְׁטוּב אִיךְ הָאב זִיךְ אַיינְגִיהֶערְט, ווֵיינְט דָאס מַיין פְרוֹי, זִיא פֶערְשְׁפְּרֵייט דִיא הֶענְט צוּ גָאט אונ זָאגְט: אִיךְ בֶּעט דִיר גָאט אוּנְזֶער הִילְף אונ אוּנְזֶער שׁוּץ שִׁיק דַיין הִילְף צוא דֶעם גֶעטְלִיכֶען מַאן צוא אוּנְזֶער הֵיילִיגֶען רב, הֵייל אִים אוים אונ מַאךְ אִים גֶעזוּנְד, דֶען דוּרְךְ זַיין לִיכְטִיגֶע גְעזִיכְט אִיז אוּנְז אויךְ לִיכְטִיג, טֶעג אונ יָארִין זָאלְסְטוּ אִים צוּ גֶעבִּין, קֶער

צוא

צוא אים דיין הילף אונ מיר וועלין אויך לעבין אונטער זיין שוץ, ווייל ער איז פאר אונז איין רעטער אונ שיצער.

אונ וויא הינדע האט מיר דערזעהן האט זיא אפ געוויסט אירע טרערין, אונ האט מיר גיבעטין עסין איך האב זיך גיזעצט עסין אונ מיינע טרערין האבין זיך געקייקעלט אין טעלער. הינדע האט זיך לעבין מיר גיזעצט אונ האט איר קאפ אן מיר אן גילעהנט אונ האט געוויינט. „ניט וויין" האב איך צוא איר געזאגט אונ פון מיר האט טרערין גערונען, אונ זיא האט געקוקט אויף מיר מיט פאלע אויגען מיט טרערין אונ האט געזאגט: זייא מיין מאן אייביג מיין טרייסט אונ מיין פריידע, אונ שיץ אויף מיר מיט דיינע הענט, זייא מיר וויא א צווייגען בוים א שאטין פון דיא ברענענדיגע זון וועלכע דראהעט מיר, איך האב דאך פערלאזין רייכקייט אונ מיינע עלטערן אונ האב זיך בעהעפט צוא דיר, ווייל דוא ביזט מיין טרייסט אונ מיין הילף, דערום שרעקט מיר דיא הארץ ווענין דיר, דען בייא וואס בלייב איך אן דיר ?!.

מיר האבין זיך געהאלזט אונ געקושט, אונ איך האב איר געטרייכט ווען איך אליין בין העכסט ערשראקין גיוועזן, אונ מיר האבין זיך ביידע מיט הערצרייסינדע שטימען גיזעצט תהלים זאגין.

פלוצלונג האט זיך דיא טיר גיעפינט אונ דעם רב'ס זוהן איז אריין, דיא ערשיינונג האט אונז גאר ערשטיינערט, ער האט צוא מיר אווינק געטאן בין איך נאך אים אריין אין צימער, הינדע איז געבליבען איין ערשראקענע, אונ ער האט צוא מיר געזאגט: דיא זון איז שוין אונטער געגאנגען! אונ עס איז שוין פינסטער געווארן מיין פאטער איז שוין געשטארבין, אונ ער האט מיר פאר זאגט דאס נאך זיין טויט זאל איך דיר זאגין דאס דו זאלסט זיך שטריינג היטען ווייל דער אלטער וויל דיר שלעכטס טאן, אונ דערום בין איך דיר געקומען דאס אנזאגין, דאס האט ער געזאגט אונ איז אוועק, אונ וויא הינדע האט מיר דערזעהן דאס איין שרעק אונ

איין

אַיין צוּטְעֶרְנֶעס הָאט מִיר אָנְגֶענוּמֶען אוּנ מַיין נֶעזִיכְט אִיז מִיט אַיין גֶעדִיכְטָע פִינְכְטֶערְנֶעס בֶּעדֶעקְט גֶעוָוארִין, הָאט זִיא גֶעבְּרָאכִין דִיא הֶענְט אוּנ גֶעשְׁרִיעֶן: דָאס מוּז עֶפֶּעס זַיין אַ וִויל! אַשְׁרֶעקְלִיכֶער קוֹיל אוּנ אִיךְ ווייס נִיט וואוּ הִין עֶר וֶועט אַריין פַּאלִין, אוּנ זִיא הָאט זִיךְ אַיין גֶעקְלַאמֶערְט אִין מַיין הַאלְדְז אוּנ גֶעשְׁרִיעֶן: מַיין טְרַייסְט מַיין הִילְף! דוּא זָאלְסְט פוּן מִיר אוּנְזֶערֶע צָרוֹת נִיט פַאר בָּארְגִין, אִיךְ זֶע דָאס דוּא בִּיזְט צוּא שְׁרָאקִין, דוּא בִּיזְט וִויא אַצוּמִישְׁטֶער אוּנ אִיךְ צוּא גֵייא פוּן שְׁרֶעק, זָאג מִיר שׁוֹין אוּנְזֶער צָרָה, אוּנ לָאס אִיךְ וִויסֶען וִויא אוּמְגְלִיקְלִיךְ אִיךְ בִּין.

דֶער רב אִיז שׁוֹין גֶעשְׁטָארְבִּין! — הָאבּ אִיךְ גֶעזָאגְט, אוּנ מִיר הָאבִּין בֵּיידֶע אוֹיס גֶעבְּרָאכִין אִין אַשְׁרֶעקְלִיכֶען גֶעוֵויין, אוּנְזֶער בֶּעשִׁיצֶער אִיז שׁוֹין נִיט דָא, מִיר זַיינֶען שׁוֹין גֶעבְּלִיבֶּען אָנְגֶעבְּרֵייט צוּא אַלֶע אוּמְגְלִיקֶען וֶועלְכֶע אוּנְזֶער פַיינְד וִויל אוֹיף אוּנְז בְּרֵיינְגֶען. דֶער רב הָאט מִיר אָנְגֶעזָאגְט דָאס אִיךְ זָאל זִיךְ הִיטֶען, אָבֶּער וִויא קָאן אִיךְ זִיךְ אַיינְהִיטֶען.

גְלַייךְ נָאךְ דֶעם רב'ס שְׁטַארְבִּין, אִיז דֶער אַלְטֶער שׁוֹין נִיט גִיוָוען אוּנְטֶער אַיין אַפִּיקוֹן, נוּר זֶעלְבְּסְט שְׁטֶענְדִיג, אוּנ הָאט אַלְץ גֶעלוֹיעֶרְט וִויא אוּנְז שְׁלֶעכְטֶעס צוּא טָאן.

אַיין כָּאהל אַלֶעס אִיךְ מִיט מַיין פְרוֹי זַיינֶען גִיזֶעסִין רוּהִיג אִין שְׁטוּבּ, אִיז אוּנְז פָּאלִיצִייא אִיבֶּער גֶעפַאלִין, מִיט דֶעם אוֹיס רֵייד דָאס אִיךְ הָאבּ בֶּעגַנְבֶעט אַיין קִירְכֶע „אִיר קָאנְט בַּייא מִיר זוּכִין — הָאבּ אִיךְ צוּא זֵייא גֶעזָאגְט — אִיר וֶועט בַּייא מִיר קַיין גנבה נִיט גֶעפִינֶען, מֶען הָאט אִיבֶּער גִירֶעוֶועדִירְט דִיא גַאנְצֶע הוֹיז עֶנְדְלִיךְ הָאט מֶען אִין פָאר הוֹיז גְעפוּנֶען פֶערְגְרָאבִּין אַגָאלְדֶענֶעם קְרֵייץ, אִיךְ הָאבּ גֶעשְׁרִיעֶן מִיט קוֹלוֹת דָאס אִיךְ ווייס דֶער פוּן גָאר נִיט, נָאר מֶען הָאט מִיר נִיט גִיהֶערְט, אוּמְזִיסְט הָאט מִיר מַיין פְרוֹי אַרוּם גֶענוּמֶען אוּנ הָאט מִיר בֶּעגָאסִין מִיט אִירֶע זוּדִיקֶע טְרֶערִין, דֶען מֶען הָאט אִיר פוּן מִיר אָבּ גֶעשְׁטוֹיסִין, אוּנ מֶען הָאט מִיר אִין קֵייטֶען גֶעשְׁמִיט אוּנ אַוֶועק גֶעפִירְט. הינדע אִיז נָאךְ גֶעלָאפִין אוּנ הָאט

געשריען

גֶעשְׁרִיעֶן מִיט הֶערְצְרַייסִינְדֶע קוֹלוֹת, אונ דֶר אַלְטֶער אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אוֹיפֶען גַאס אונ גֶעלַאכְט אונ גֶעטַאנְצְט פַאר שִׂמחה אויף אוּנְזֶערֶע צָרוֹת, מֶענְשְׁין הָאבִּין עדות גֶעזָאגְט דָאס זֵייא הָאבִּין מִיר גִיזֶעהֶען גֵייעֶנְדִיג אַרוּם יֶענֶע קִירְכֶע אונ אַזוֹי בִּין אִיךְ פַאר משפט גֶעוָוארִין גֶעשֵׁיידֶעט צוּא וֶוערִין פוּן מַיין וַוייבּ אונ אַהֶער אָנְצוּקוּמֶען, יוסף הָאט זִיךְ דֶערְבַּייא פַאר חָלִיפָעט וֵוייגֶענְדִיג אונ משה זיירול הָאט אויךְ שְׁטַארְק גֶעוֵויינְט.

„וָוארוּם וֵויינְט אִיר"? הָאט יוסף אִים גִיפְרֶעגְט.

מִיט דַיין גֶעשִׁיכְטֶע הָאסְטוּ מִיר גֶעמַאכְט וואוּנְדֶערְן אִין הַארְצִין פוּן דַיין גֶעשִׁיכְטֶע הָאבּ אִיךְ זִיךְ עֶרְסְט דֶערְוואוּסְט וָואס פַאר אַיין פַארְדָארְבְּענֶע קִינְד אִיךְ הָאבּ, זֵייא וֵוייסֶען אַז אִיךְ בִּין דָאס משה זיירול דֶעם אלטינס פָאטֶער, אונ אִיךְ הָאבּ דָא גִיהֶערְט וִויא מַיין וַוייבּ הָאט זִיךְ זֵייעֶר מִיאוּס בֶּעהַאנְדֶעלְט אונ דָאס קִינְד אִיז נִיט בֶּעסֶר פַאר אִיהר, דֶערוּם זֵייא וִויסֶען אַז אִיךְ וֶועל דִיר דָא זַיין וִויא אַ פָאטֶער, אונ וֶוען גָאט וֶועט אויף אוּנְז רחמנות הָאבִּין אונ מִיר וֶועלִין זִיךְ צוּא הויז אוּמְקֶערִין וֶועל אִיךְ דִיר גְלִיקְלִיךְ מַאכִין אונ דוּא וֶועסְט גֶענִיסֶען אַגְלִיקְלִיכֶען לֶעבִּין מִיט מַיין פְּלִימֶענִיצֶע מִיט דַיין פְרוּי הינדען.

5.

ווִיא מֶען הָאט יוסיפין אִין ק׳ אַרַיין גֶעזֶעצְט פַאר דֶעם פַאלְשֶׁען בִּילְבּוּל, הָאט ישׂראל מִיט דֶעם אַלְטֶען גֶעשִׁיקְט צוּ הינדען דָאס זִיא זָאל זִיךְ מִיט יוסיפין גֶעטִין, אונ דַאן וֶועט אִיהר דֶער פָאטֶער אִין גַאנְצֶען מוֹחֵל זַיין, אונ דֶער אַלְטֶער וֶועט מִיט אִיהר הַיירַאטְהֶען, אָבֶּער זִיא הָאט דָאס נִיט גִיוָואלְט הֶערִין אונ אַלֶעס דֶער אַלְטֶער הָאט שׁוֹין גֶעזֶעהֶען דָאס עֶר הָאט אויף דִיא שֵׁיינֶע הינדען נִיט וָואס צוּא הָאפֶען, הָאט עֶר גִינֶעבִּין אִין פוּיק צוּ דִיא שְׁכֵנִים מֶען זָאל אִיהם אוֹים הַאקִין אַ כַּלֶה וִויא גִיהֶערִיג אִיז אונ אוּם גֶעלְט שְׁטֵייט עֶר נִיט, נוּא פַארְשְׁטֵייט זִיךְ אַז עֶם הָאבִּין זִיךְ גִיפוּנֶען פִיל כַּלוֹת שֵׁיינְהַייטֶען גֶעבִּילְדֶעטֶע מְיוּחָסְתָעם וָואס זַיינֶען

גיווען

גִיװֶעזֶן בַּאלָאנִים אויף דָעם גִילְדֶערְנֶעם פְּלָאקֶען, דֶען בַּייא אוּנְז אִידִין אִיז פַארַאן פִּיל װֶעלְכֶע פַאר קוֹיפִין זִיךְ אוּנ זַייעֶרֶע קִינְדֶער צוּא דֶעם אָבּ גָאט פוּן גָאלְד אוּנ זִילְבֶּער, אוּנ אַזוֹ הָאט ד״ר אַלְטֶער יֶעדֶער אָבֶּענְד גִיפְּרַאנְטֶעװֶעט מִיט אַיין אַנְדֶער כַּלָה, אוּנ הָאט נָאךְ אַלְץ נִיט דֶער טַאפְּט דָאס װָאס עֶר מֵיינְט.

דָער אִיסְבָּארְשְׁצִיג פוּן װֶעלְכֶען מִיר הָאבִּין גִירֶעט אִין אָנְ-פַאנְגְס אוּנְזֶער גֶעשִׁיכְטֶע אִיז שׁוֹין דַאן גִיװֶען אַיין אַלְטֶער מַאן, עֶר הָאט נָאךְ אָבֶּער גִיהַאט נִיט קַיין אוֹיס גִיגֶעבֶּענֶע טָאכְטֶער אַמַאל פוּן אַיְאהר ... אִיךְ װֵייס אויךְ נִיט אַקְאַרַאט דֶעם חֶשְׁבּוֹן, נָאר דָאס װֵייס אִיךְ אַז מִיט אַיְאָהר פִּינְף אוּנ צְוַואנְצִיג צוּא רִיק אִיז זִיא אַלְט גִיװֶען אַיְאהר דְרַייא פִּיר, הַיינְט בַּארֶעכְן אַלֵיין װִיא אַלְט זִיא אִיז מִיט אַלֶעמֶען, דִיא סִיבָּה װָאס זִיא אִיז אַזוֹי לַאנְג פַאר זֶעסֶען גִיװָארֶען פַאר שְׁטֵייט מֶען גָאר נִיט, דֶער אִיסְבָּארְשְׁצִיג הָאט זִיךְ אֲפִילוּ אַלֶע מָאהל אוֹיס גִירוּפֶען מִיט אַרֶעכְטֶען נַדַן, דָאס הֵייסְט עֶר הָאט צוּא גֶעזָאגְט זַיין חָתָן צוּא מַאכִין פַאר אַ נִכְתָּב אִין ק׳ אָבְּצֶעסְטְװֶע אוּנ אִים אוֹיס הִיטִין פוּן רֶעקְרוּטֶען, אוּנ דַער צוּא אַייבִּיגֶע קֶעסְט אוּנ לְאַחַר מֵאָה שָׁנִים צוּא לָאזִין יְרוּשָׁה אַגַאנְצֶע שְׁטָאט מִיט בְּהֵמוֹת, דָאס הֵייסְט צוּא בְּלַייבִּין אַ אִיסְבָּארְשְׁצִיג נָאךְ זַיין קָאפּ, אוּנ נִיט קוּקֶענְדִיג אויף זָא אַיין װִיכְטִיגֶען נַדַן הָאט דָאךְ פָּארְט זִיךְ קַיין בַּאלִין גִיפוּנֶען אוֹיף זַיין טָאכְטֶער, אוּנ זִיא אִיז דוּכְט זִיךְ גָאר קַיין חַיָּה פוּן אַמֵיידִיל גִיװֶען, װֶען זִיא אִיז גִיװֶען זַייעֶר קְלֵיין אִיז װָאס? אַבִּי זִיא פְּלֶעגְט רֵיידִין צוּא דֶער זַאךְ, װָאס פַאר אַ קָאלִיר אִיהר גֶעזִיכְט אִיז, הָאט מֶען נִיט גִיקָאנְט פַאר שְׁטֵיין, װַייל אִיהר צוּרָה אִיז גִיװֶען בֶּעדֶעקְט מִיט גִישְׁװִירֶען אוּנ פוּזִירֶען, קָאן דָאךְ זַיין אַז זִיא אִיז פוּן דֶער נַאטוּר גָאר אַ װַייסֶע, װֶען זִיא פְלֶעגְט אַלַאךְ טָאן — דָאס פְּלֶעגְט זִיךְ אָפְּט טְרֶעפִין — פְּלֶעגְט זִיךְ אַרוֹיס זֶעהֶען אַפָּאר רָאנְדֶען פַאר פוֹילְטֶע צֵיינֶער, אָבֶּער דָאס אִיז אִיר נָאר גֶעקוּמֶען פוּן זִיסֶע זַאכִין, דָאךְ הָאט זִיךְ אוֹיף אִיהר קַיין בַּאלִין גִיפוּנֶען אוּנ אִיז אַבִּיסֶעל צוּא גִיזֶעסִין, אִיהר פָּאטֶער הָאט דֶער פוּן פִּיל צַעַר אַיין גִינוּמֶען דֶען זִיא אִיז בַּייא אִיהם גִיװֶען אַ בַּת זְקוּנִים דִיא אוֹיג פוּן קָאפּ, אוּנ עֶר

אִיז שׁוין גִיוֶועֶן אויף דֶער עֶלְטֶער דֶערוּם הָאט עֶר פַאר אִיהר שְׁטַארְק גֶעזָארְגְט .

אֵיין מָאהל הָאט עֶר גִישִׁיקְט רוּפִין בעריל נירערמענטש אוּנ הָאט צוּא אִים גֶעזָאגְט : דוּא זֶעהֶסְט דָאךְ אַז אִיךְ בִּין שׁוין אַלְט אוּנ דַארְף זִיךְ אִיבֶּער קְלַייבִּין אויף דֶער אֶמֶתֶער וֶועלְט , בְּכֵן בַייסְט מִיר דִיא הַארְץ וָואס אִיךְ הָאבּ אוּמְגְלִיקְלִיךְ גִימַאכְט אַזַא פְּרוּי וִויא שׂרה מִיט אִיהר קִינְד אוּנ הָאבּ דַיין זוּן גְלִיקְלִיךְ גִימַאכְט , דֶערִיבֶּער וִויל אִיךְ אַרִיבֶּער גֵיין אִין דֶער פָּאלִיצֵייא אוּנ זִיךְ מוֹדֶה זַיין אויף אַלְץ , מַיין לֶעבִּין הָאבּ אִיךְ שׁוין נִיט וָואס צוּא זַאלֶעוֶוען אִיךְ בִּין דָאךְ שׁוין אַלְט , הַיינְט מָארְגִין דַארְף אִיךְ סַייא וִויא שְׁטַארְבִּין , אָבֶער דוּא מִיט דַיין זוּן וֶועט אייבִיג בְּלַייבִּין אוּמְגְלִיקְלִיךְ , נָאר מִיט אֵיין זַאךְ קֶאנְסְטוּ זִיךְ פַּאר הִיטִין דַיין לֶעבִּין מִיט דַיין זוּנְס לֶעבִּין : דוּא זָאלְסְט אִיהם דָער צֵיילִין וֶוער עֶר אִיז , דָאס עֶר אִיז נִיט משה זיידילס קִיין זוּן נוּר דַיינֶער , אוּנ דָא הַאלְט מִיט אִיהם גַאנְץ שְׂמָאל , נָאר אוֹיבּ עֶר וֶועט נֶעמֶען מַיין טָאכְטֶער פַאר אַ וַוייבּ וֶועל אִיךְ דָאס שׁוין נִיט עֶנְדֶעקִין אוּנ אִיךְ וֶועל שְׁטַארְבִּין מִיט דֶעם סוֹד , בעריל אִיז דֶער פוּן זַייעֶר צוּ שְׁרֶאקֶען גִיוָוארֶען , אוּנ הָאט דֶעם אִיסְבָּארְשְׁצִיג אָנְגִיקוּקְט מִיט צוּא מִישְׁטֶע אויגִין , נָאר דֶער אִיסְבָּארְשְׁצִיג הָאט אִים גִישְׁוָוארִין בַּייא זַיין עוֹלם הבא אַז עֶר וֶועט מְקַרֵב זַיין וָואס עֶר הָאט גִיזָאגְט .

בעריל אִיז אַוֶועק מִיט אַפַּאר בִּיטֶערְטֶע הַארְץ , עֶר הָאט דֶעם אַלְטִין אִין דֶער שְׁטִיל אַלְץ מְגַלֶה גִיוֶועֶן אוּנ הָאט אִיהם אִיבֶּער גִיגֶעבִּין דֶעם אִיסְבָּארְשְׁצִיקְס רֵייד , דֶער אַלְטֶער אִיז פַאר צִיטֶערְט גִיוָוארֶען הֶערֶענְדִיג דֶעם יִחוּס זַיינֶעם דֶער צָאהְרִין הָאט זִיךְ אִין אִים אָנְגִיצוּנְדֶען אוּנ הָאט דִיא לִיפִּין פֶּערְבִּיסִין בִּיז עֶס הָאט בְּלוּט גִירוּנֶען , עֶר הָאט בערעלען גִיעֶנְטְפֶערְט דָאס עֶר וֶועט זִיךְ מְיַישֵׁב זַיין וָואס דֶעם אִיסְבָּארְשְׁצִיג צוּא עֶנְטְפֶערִין . אִין עֶטְלִיכֶע טֶעג אַרוּם הָאט עֶר דוּרְךְ בערלען אָנְגִיזָאגְט צוּם אִיסְבָּארְשְׁצִיג דָאס עֶר וֶועט אִים גֶעבִּין גֶעלְט דִיא טָאכְטֶער חֲתוּנָה צוּא מַאכִין , נָאר דֶער אִיסְבָּארְשְׁצִיג הָאט

פוּן נעֶלְט נִיט גִיוָואלְט הֶערִין , נִיט אַנְדֶערְס וִויא עֶר זָאל נֶעמֶען זַיין טָאכְטֶער .

דֶער אַלְטֶער הָאט דֶעם אִיסְבָּארְשְׁצִיגְס טָאכְטֶער בְּשׁוּם אוֹיפֶען נִיט גִיוָואלְט נֶעמֶען , אוֹיךְ הָאט אִיהם זַיין הַארְץ גִיקָאכְט אוֹיף דֶעם וָואס עֶר אִיז גָאר אַ פַּאר בִּיטֶענֶער , אוּנ דֶער פוּן וֵויים בעריל מִיט זַיין וַוייבּ אוֹיךְ דֶער אִיסְבָּארְשְׁצִיג , דֶערוּם אִיז בַּייא אִיהם גִיבְּלִיבִּין עֶר זָאל זִיךְ פוּן זֵייא פְּרַייא מַאכִין , עֶס זָאל אִיהם נִיט שְׁרֶעקִין דִיא דִיא הַארְץ דָאס טָאטֶער וֶועלִין זֵייא אוֹיס זָאגֶען , אוּנ אֵיין מָאל אַלֶעס דֶער אַלְטֶער אִיז מִיט בערלען אֵיינֶער אוֹיף אֵיינֶעם גִיוֶוען , הָאט דֶער אַלְטֶער אַרוֹיס גִיתַאפְּט אַ מֶעשֶׂער אוּנ הָאט בערלען אַרַיין גִישְׁטָאכֶען אִין בּוֹיךְ , נָאךְ הֶער אִיז עֶר מִיט דֶעם מֶעשֶׂער גִילָאפֶען צוּא שְׁטֶעכִין זַיין מוּטֶער צִיפֶּען , אִינ וַוייל זַיין בְּלוּט אִיז אִין אִיהם צוּא קָאכְט גִיוֶוען הָאט עֶר נִיט בַּאמֶערְקְט וִויא נִיט וַוייט פוּן דִיא מוּטֶער זַיינֶען גִישְׁטַאנֶען אִיהרֶע צְוֵוייא זִין , אוּנ וִויא עֶר אִיז אוֹיף זַיין מוּטֶער מִיטִין מֶעשֶׂער אַרוּף גִיפַאלֶען זַיינֶען אִיהם אִיבֶּער גֶעפַאלֶען דִיא צְוֵוייא זִין אוּנ עֶס הָאט זִיךְ צוּא וִויסֶען זֵייא אָנְגִיהוֹיבִּין אַ שְׁטַרֵייט , נֶערְלִיךְ הָאבִּין אִיהם דִיא בְּרִידֶער גִיבּוּנְדֶען , זֵייא הָאבִּין גִיפוּנֶען זֵייעֶר פָּאבֶּער אַדֶערְשְׁטָאכֶענֶעם נָאר עֶר הָאט נָאךְ גִילֶעבְּט , אוּנ הָאט גִישְׁרִיעֶן מֶען זָאל אִיהם מִיט זַיין מֶערְדֶער , דָאס הֵייסְט מִיט דֶעם פַאלְשִׁין אַלְטִין וָואס עֶר אִיז אִין דֶער טְהַאט גָאר זרח , גְלַייךְ פִירִין אִין ק׳ אִין פָּאלִיצֵייע , מֶען הָאט אִין דֶער פָּאלִיצֵייע גִיבְּרַאכְט דֶעם אַלְטֶען אַ גֶעבּוּנְדֶענֶעם , אוֹיךְ בערלען וֶועלְכֶער הָאט זִיךְ שׁוֹין גֶערַאנְגִילְט מִיטִין טוֹיט בעריל הָאט פִיר דֶער גַאנְצֶער פּוּבְּלִיקֶע דֶער צֵיילְט אַלֶעס רִיכְטִיג וִויא עֶר הָאט דִיא אוּנְשׁוּלְדִיגֶע שׂרה׳ן מִיט אִיהר קִינְד פַאר יָאגְט אוּנ זִיא אִיז אַנְטְלָאפִין אִין דאנראה אוּנ עֶר מִיטִין אִיסְבָּארְשְׁצִיג הָאבִּין אוֹיף אִיהר גִימַאכְט אַפַּאלְשִׁין בִּילְבּוּל , אוּנ דָאס דֶער אַלְטֶער אִיז דָאס גָאר זַיין זוּן זרח , מֶען הָאט גְלַייךְ דֶעם אִיסְבָּארְשְׁצִיג אוֹיךְ גִיבְּרַאכְט אוּנ עֶר הָאט זִיךְ אוֹיךְ אַלֶעס מוֹדֶה גִיוֶוען אַז משה זיידיל אִיז אוּמְזִיסְט פַאר שִׁיקְט גִיוָוארִין קַאטֶערְזֶנֶע , וַוייל עֶר הָאט בֶּאֱמֶת טַאקֶע נִיט גִיוואוּסְט פוּן דֶעם רֶעקְרוּט , עֶר הָאט אִיהם נָאר גִיבְּרַאכְט

דַעם

דֶעם פְּרִיגַאוָואר אוּנ עֶר הָאט אִיהם אֲפִילוּ נִיט אִיבֶּער גְלֵייעֶנְט, אוֹיף דִיא גֶשִׁיכְטֶע אִיז אָנְגִילָאפִין יִשְׂרָאֵל זיידיל, אוּנ עֶר אִיז גָאר עֶר-שְׁטוֹינֶעְרְט גִיוָוארֶען הֶערֶענְדִיג דִיא סַאמַאטְקֶע, דֶער אַלְטֶער אָדֶער דֶער ווירְקְלִיכֶער זרח אִיז גִ׳לֶעגִין גֶעבּוּנְדֶענֶער הֵייד וִויא אַ הוּנְד אוּנ אַלֶע הָאבִּין אִיהם גִיבְּרִיקֶעט, אוּנ אַז עֶר הָאט שׁוֹין גִיזֶעהֶען אַז עֶר אִיז פַאר לָארִין הָאט עֶר זִיךְ אוֹיךְ מוֹדֶה גִיוֶוען אוּנ גִיזָאגְט: יוֹסף אִיז אוֹיךְ אוּנְשׁוּלְדִיג קַאטֶערְזֶנֶע פַאר שִׁיקְט גִיוָוארִין, אִיךְ הָאבּ דָאס אוֹיף אִיהם אַ פַאלְשִׁין בִּילְבּוּל גִימַאכְט, אוּנ הָאבּ דִיא פַאלְשֶׁע עֵדוּת גִידוּנְגֶען, מִיט אֵיין וָוארְט אִין דִיזִין טָאג הָאט זִיךְ אַלְץ רִיכְטִיג עֶר-קְלֶערְט דֶען אַלֶע הָאבִּין זִיךְ מוֹדֶה גִיוֶוען דִיא עֲוָלוֹת וָואס זֵייא הָאבִּין אוֹיף זֵייעֶר לֶעבִּין גִיטָאן, אוּנ עֶס הָאט עֶרְשֵׁיינְט דִיא אוּנְשׁוּלְד פוּן שׂרה׳ן, עֶס אִיז גִיוֶוען אַ רִיכְטִיגֶע סְלֶעדְסְטְוָוא אוּנ עֶס הָאט זִיךְ אַלְץ רִיכְטִיג דַאקַאזֶעט בְּכֵן הָאט מֶען אַלֶע פֵאר בְּרֶעכֶער שְׁטְרֵיינְג פַאר מִשְׁפֶּעט, אוּנ מֶען הָאט גֶעשִׁיקְט מֶען זָאל בֶּעפְרַייעֶן משה זיידיל מִיט יוֹסיפּ׳ן פוּן קַאטֶערְזֶנֶע אוּנ ישׂראל אִיז שׁוֹין הֶעכְסְט צוּא פְרִידִין גִיוֶוען וָואס זַיין הִינְדֶע אִיז נִיט אַרֵיין גִיפַאלֶען צוּא דֶעם פַאלְשֶׁען אַלְטָען אִין דִיא הֶענְט.

הינדע, צַייט אִיהר יוסף אִיז פַאר שִׁיקְט גֶעוָוארִין אִיז זִיא נֶעבַּאךְ גִיבְּלִיבֶּען עֶלִינְד אוּנ אָרֶעם, זִיא הָאט פַאר בְּרַאכְט אִיהרֶע טֶעג אוּנ נֶעכְט אִין וַויינֶען אוּנ אִין קְלָאגֶען, אוּנ הָאט נֶעבַּאךְ מִיט אִיהר פְּרַאצֶע גֶעמוּזְט פַאר דִינֶען אִיהר שְׁטִיקִיל בְּרוֹיט, זִיא פְלֶעגְט זִיךְ בְּלֶענְדֶען אִיהרֶע אוֹיגִין בִּיז הַאלְבֶּע נַאכְט אִין נֵייעֶן נָאר זִיךְ צוּא עֶרְנֶערִין, פַאר בַּייא אִיהרֶע עֶלְטֶערִינְס הוֹיז הָאט זִיא נִיט גִיטָארְט פַאר בֵּייא גֵיין ווייל מֶען פְלֶעגְט אִיהר בְּלוּט פַאר גִיסִין מִיט זִילְזוּלִים אוּנ אַזוֹ אִיז זִיא גִישֵׁיידֶעט גֶעוָוארֶען פוּן אִיהר מַאן מִיט אִיהרֶע עֶלְטֶערִין, שְׁרֶעקְלִיךְ אִיז גִיוֶוען צוּא זֶעהֶען וִויא אוּנְזֶער אַדֶעלֶע הִינְדֶע אִיז נֶעבַּאךְ אֵיינֶער אַלֵיין אִין אִיהר שְׁטִיבֶּעלֶע אִין קִינְפֶּעט גִילֶעגִין גֶעוָוארֶען, זִיא הָאט אֲפִילוּ נִיט גִיהַאט וָוער עֶס זָאל אִיהר אַבִּיסֶעל קַאלְטֶע וַואסֶער דֶער לַאנְגֶען, נוּר אֵיין שְׁכֵנָה וָועלְכֶע הָאט מִיט אִיהר שְׁטַארְק מִיטְלֵייד גִיהַאט פְלֶעגְט אִיהר גִיוָואהר וֶוערִין עֶטְלִיכֶע מָאל

אַטָאג , אִיז דָאס בִּשְׁתִיקָה , וַוייל מֶען הָאט מוֹרָא גִיהַאט פַאר ישׂראל ווידיל מִיט אִיהר וָאס גוּטֶעס צוּא טָאן , אוּנ אַלֶעס עֶס אִיז גֶעקוּמֶען אוֹיפִין אַכְטִין טָאג אִין וָוא״לְכִין עֶס הָאט דֶער בְּרִית גִידַארְפְט זַיין , אוּנ הינדע הָאט נִיט גִיהַאט מִיט וֶועמֶען צוּא שִׁיקִין נָאךְ מוֹהֲלִים , אִיז אִיהר שְׁטַארְק בִּיטֶער גֶעוָוארֶען אוּנ הָאט גֶעוויינְט מִיט אַ בִּיטֶערֶע שְׁטִימְמֶע : וֵוייא אִיז מִיר צוּא וָואס אִיךְ בִּין גִיקוּמֶען ! אִיךְ בִּין אָב גֶערִיסִין גִיוָוארִין פוּן מַיינֶע עֶלְטֶערִין מִיט מַיין טַהייֶערִין מַאן , אִיךְ בִּין גִיבְלִיבִּין וִויא אַ צוּא בְּרָאכֶענֶע שִׁיף אִין מִיטִין יַם , הַיינְט אִיז בַּייא מִיר אַ בְּרִית וָואס בַּייא לַייטִין אִיז דָאס אַ שִׂמְחָה אוּנ בַּייא מִיר אִיז דָאס גָאר אַ תִשְׁעָה בְּאָב , אִיךְ בִּין עֶלֶינְד וִויא אַ שְׁטֵיין , אוּנ אִיךְ קָאן מִיט מַיין עֶרְסְט גִיבָּארֶענֶע קִינְד אוֹיף עֶווִיג אַנְטְשְׁלָאפִין וֶוערֶען אוּנ קֵיינֶער וֶועט דֶער פוּן נִיט וִויסִין , הינדע הָאט זִיךְ אוֹיף אִיהר שְׁטִימְמֶע פַאר נַאנְדֶער גֶעוויינְט אוּנ אִיהר הַארְץ אִיז אִיהר צוּ גַאנְגֶען וִויא וַואשֶׁער פְּלוּצְלוּנְג הָאט זִיךְ דִיא טִיר מִיט הַאסְט גִיעֶפִינְט אוּנ אִיהר פָאטֶער מִיט אִיהר מוּטֶער זַיינֶען אַרַיין גִילָאפִין , מַיין קִינְד ! הָאט אִיהר פָאטֶער אַ גִישְׁרֵייא גִיטָאן , מַיין טַהייֶערֶע קִינְד ! הָאט דִיא מוּטֶער אוֹיס גִישְׁרִיֶען אוּנ אִיז הינדען אוֹיפִין הַאלְדְז אַרוֹיף גִיפַאלִין , זַייא אוּנְז מוֹחֵל , פֶערְצַייהֶע דַיינֶע עֶלְטֶערִין וֶועלְכֶע הָאבִּין זִיךְ מִיט דִיר טִירַאנֶעש בֶּעהַאנְדֶעלְט , פֶערְצַייהֶע אוּנְז פַאר וָואס מִיר הָאבִּין דִיר נִיט גִיוואוּסְט וִויא צוּא שֶׁעצִין , מִיר הָאבִּין זִיךְ גִיאִירְט מִיט דֶעם וָואס מִיר הָאבֶּען דִיר פַאר יָאגְט , אוּנ יֶעצְט בְּלַייבִּין מִיר דִיר צַארְטֶע עֶלְטֶערִין אוֹיף אִימְמֶער אוּנ אֵייבִּיג , זֶעה הינדינקע עֶנְטְפֶער אוּנְז דָאס דוּא בִּיזְט אוּנְז מוֹחֵל , אוּנ בִּיזְט אוּנְזֶער קִינְד וִויא פָארְהֶער .

הינדע הָאט זִיךְ פַאר פְרֵיידֶע פַאר פֶערְנַאנְדֶער גֶעוויינְט , אוּנ דִיא עֶלְטֶערִין הָאבִּין אוֹיךְ שְׁרֶעקְלִיךְ גִיוויינְט , אוּנ אַלֶעס הינדע הָאט זַייא גִיפְרֶעגְט , וִויא אַזוֹי הָאבֶּען זַייא זִיךְ יֶעצְט אַרוּם גִיזָעהֶן אִיהר רֶעכְט , הָאבִּין זַייא אִיהר דֶער צֵיילְט דִיא גַאנְצֶע גֶעשִׁיכְטֶע אוּנ דָאס אִיר יוֹסֵף וֶועט גְלַייךְ בֶּעפְרַייט וֶוערִין אוּנ וֶועט אַהֶער קוּמֶען .

פַאר פְרֵיידֶע הָאט הינדע נִיט גִיוואוּסְט וָואס צוּא טָאן , זִיא הָאט זִיךְ גִיקוּשְׁט אוּנ גִיהַאלְדְזְט מִיט דִיא עֶלְטֶערִין אוּנ עֶס אִיז גֶעוויינְט

גיווארין

געווארען אונ אויך גיפרייט געווארין , אונ יעדין איז לייכט צוא פאר שטיין וואס פאר איין פריילּיכער ברית עס איז גיוועזן .

נאר דאך האט קיינער ניט גיוואוסט אז יוסף איז דאס דער ווידקליבער אלטינקער משה זיידילם א זון , נור מען האט געוואוסט אז יוסף איז דער גיבילדעטער אונ בראווער כאן .

אלעס מען האט משה זיידיל מיט יוסיפון פון קאטערזנע בעפרייט אונ מען האט זייא דארטין איבער גילעזין דיא פאפירען אין וועלכע עס האט זיך בעשריבין דיא גאנצע געשיכטע פון דעם פאלשן אלטין , האבין זייא זיך ביידע שרעקליך גיפרייט .

יוסף האט זיך גיפרייט וייל ער פארט צו זיין טהייערע פרוי וועלכע ער האט זא עלינד געלאזין , אונ משה האט זיך גיפרייט : ערסטינס וייל ער איז בעפרייט גיווארין פון זיין לאנגע גיפיינקעניש , אונ אויך וייל עס האט זיך ערקלערט דיא אונשולד פון זיין פרוי שרה , ער האט אבער גיזארגט וואס מען וייס ניט וואו שרה מיט איהר קינד זיינען אהין געקומען .

אלעס יוסף מיט משה זיידול זיינען נאך ק... געפארין זיינען זייא דורך געפארין די שטאט דורנאה , ביידע רייזינדער האבין איין גיקערט צום רב ר' נחמן , משה וייל ר' נחמן איז זיין פרוים א פריינד אונ פיכייכט וייס ער פון איר , אונ יוסף וייל ער האט זיך בייא אים אוים געהאדעוועט . וויא זייא ביידע זיינען אריין געקומען האט ער זיך מיט זייא דערפרייט אונ אלעס ער האט ערקאנט דאס זייא ווייסען ביידע ניט אז דאס איז דער פאטער אונ דאס דער קינד האט ער צוא געשוויגען אום זייער פריידע זאל שפעטער פערגרעסערט ווערין . „ווייסט איר ניט וואו מיין פרוי שרה מיט מיין קינד זיינען ?" האט משה דעם רב גיפרעגט .

„ווייסט איהר ניט וואו מיין טאכטער איז ? האט יוסף אויך געפרעגט . איך וייס האט דער רב גיענטפערט , נאר זיא דינט נעבאך אויף איין ארט , דערום וועל איך איר שיקען רופין , ניין , האט משה געזאגט איך וועל צוא איהר גיין וייל איך וויל איהר פלוצלונג דערפרייען

אויב אַזוי — זָאגט דֶער רב — לָאמִיר אַלֶע דְרַייא גֵיין, זֵיי זַיינֶען אַלֶע דְרַייא גֶעגַאנְגֶען אונ הָאבִּין זִיךְ אונְטֶער אַטִיר פוּן אַקִיךְ שְׁטוּב אָפּ גִישְׁטֶעלְט וַוייל זֵייא הָאבִּין דָארְטִין דֶער הֶערְט קוֹלוֹת, זֵייא הָאבִּין זִיךְ אַיין גִיהֶערְט אַזוֹי.

דָאס אִיז אַבִּיסֶעל אַיין אַלְטֶע טְפִילֶה, דָאס אִיז אַפָּאדְלֶע, זִיא קָאן דָאךְ אַטֶעפִּיל נִיט אוּים שְׁוַויינְקֶען, זִיא טוּיג דָאךְ נִיט אַקִינְד אוּנְטֶער צוּא רַאמֶען, אונ וואוּ זִיא טוּט זִיךְ אַקֶער מַאכְט זִיא אָן אַ שָׁאדִין, אָט הָאט זִיא צוּ בְּרָאכְין אַצְארְלֶע, אָבֶער אַיין אַיינְגֶעשְׁ-מַאלְצֶנֶע צָארְלֶע! זִיא אִיז בַּייא מִיר בירושה פוּן אבות אבותינוּ, אִיךְ וָואלְט פַאר אִיר נִיט גֶעמֶען קַיין צֶעהְן רֶענְדְלִיךְ, אונ דִי אַלְטֶע מכשפה הָאט אִיר הַיינְט צוּ בְּרָאכִין, אִיךְ וִויל מֶער נִיט מַיינֶע הֶענְט נִיט אַיין רִיכְטֶען, אִיךְ וָואלְט אִיהר מַאכִין דִיא בַּאקֶען הֶעכֶער פַאר דֶעם נאז.

אַזוֹי הָאט אַבַּעלֶעבַּאתְטֶע גֶעשְׁרִיעֶן אוּיף דִיא דִינְסְט.

אָבֶער וֶוער בֶּעט אַייךְ אִיר זָאלְט מִיר הַאלְטִין — עֶנְטְפֶערְט דִיא דִינְסְט מִיט אַפַּארְוַויינְטֶע שְׁטִימֶע — צָאלְט מִיר אָפּ מַיין לוין גֶעלְט פַאר צְווייא יָאר אונ שַׁאפְט מִיר אָפּ.

דָאס אִיז דִיא שְׁטִימֶע פוּן מַיין מוּטֶער — הָאט יוסף אַגֶעשְׁרֵייא גֶעטָאן. נֵיין דָאס אִיז גָאר מַיין שרה הָאט משה גֶעזָאגְט, אונ זַיינֶען בֵּיידֶע הַאסְטִיג אִין קִיךְ אַרַיין.

מַיין קִינְד! יוסף! הָאט שרה אוּים גֶעשְׁרִיעֶן אונ אִיז אִיהם אוּיפִין הַאלְז גֶעפַאלִין.

מַיין פְרוֹי! שרה! הָאט משה גֶעשְׁרִיעֶן, אונ אִיז אִיר אוּיפִין הַאלְז גֶעפַאלִין. אָ גָאט! וָואס זֶעה אִיךְ?! הָאט שרה גֶעשְׁרִיעֶן.

מַיין מַאן! משה! אונ מַיין קִינְד יוסף. וָואס אִיז דָא?! הָאט משה גֶעשְׁרִיעֶן, בִּיסְטוּ דָאס יוסף מַיין קִינְד, בִּיזְטוּ דָאס מַיין וַואהְרֶער אלטינקער אונ אִיךְ הָאבּ גָאר נִיט גֶעוואוּסְט, אונ משה אִיז יוסף'ן אוּפִין גֶעזִיכְט גֶעפַאלִין אונ הָאט גֶעוַויינְט אונ גֶעזָאגְט: וֶוען אִיךְ הָאבּ דִיר אַלֶעס אַפְרֶעמְדִין גִירֶעכִינְט הָאבּ אִיךְ דִיר וִויא אַ

קינד

קִינְד גֶעלִיבְּט, הַיינְט יֶעצְט וָוען דוא בִּיזְט ווירְקְלִיךְ מַיין קִינְד, מַיין אֵיינְצִיגֶע קִינְד! אַלֶע דֶערְבַּייא שְׁטֵייעֶר הָאבִּין זִיךְ נ.ן דֶער כְּצָעגֶע נִיט גֶעקְאנְט אָפּ קוּקֶען, אוּנ אַלֶע אוֹיגֶען הָאבִּין דָערְבַּיי פַאר פְרֵיידֶע גִיטְרָערְט. אוּנ נָאךְ מֶער פַאר אַלֶעם הָאט דֶערְפוּן ר' נחמן נחת גֶעהַאט, אַלֶע זַיינֶען גֶעגַאנְגֶען צוּ ר' נחמן אִין הוֹיז אוּנ דָארְטִין אִיז עֶרְכְט דִיא שִׂמחה גִיוָועזֶען.

נַאכְהֶער זַיינֶען אַלֶע דְרַיי: משה מִיט שׂרה'ן אוּנ יוסף גֶעפָארִין קַיין ק... אוּנ וִויא גְרוֹים דִיא פְרֵיידֶע אִיז גִיוָועזֶען אַלֶעם אַלֶע דְרַיי זַיינֶען אַרַיין צוּא ישׂראל זיידול אִין הוֹיז אוּנ הָאבִּין זִיךְ דָארְטִין דֶער זֶעהֶען מִיט דִיא גַאנְצֶע משׁפּחה עֶס אִיז גִיוָועזֶען פְרֵיידֶע אִין אַלֶע ווִינְקֶ-לֶען, דָא הָאט זִיךְ ישׂראל גֶעקוּשְׁט מִיט זַיין בְּרוּדֶער, אוּנ דָא שיינדל מִיט שׂרה'ן, אוּנ אִיבֶּער אַלֶעם יוסף מִיט הינדען אַלֶעם זִיא הָאט אוֹיף אִירֶע הֶענְט גֶעהַאלְטִין אַשֵׁיינֶע קִינְד וָועלְכֶע זִיא הָאט עֶס יוספן פַאר אַ מתנה גִי'עבִּין, אָבֶער דִיא פְרֵיידֶע הָאט זִיךְ נָאךְ נִיט אָנְ-גֶעהוֹיבִּין צוּא פֶערְגְלַייכֶען צוּא דִיא פְרֵייד אַלֶעם מֶען הָאט זִיךְ דֶער-וואוּסְט אַז יוסף אִיז דָאס דֶער וַואהְרֶער זוהן פוּן משה זיידול דַאן אִיז שׁוֹין דִיא שׂמחה פַאר פוּל גִיוָועזֶען. דִיא פְרֵיידֶע אִיז נִיט פָאר צוּא שְׁטֶעלִין מִיט אַ מֶענְשְׁלִיכֶע פֶעדְער נאר יֶערֶער לֶעזֶער מָאג זִיךְ וִוינְשֶׁען מִיט אַזַא פְרֵיידֶע דֶעם לֶעבִּין צוּ פֶערְבְּרֵיינְגֶען.

עֶנְדֶע דִיא גֶעשִׁיכְטֶע, מֶען מָאג דִיא גֶעשִׁיכְטֶע רוּפֶען „דֶער קליינער קאטערזניק", אוּנ עפ"י הדחק קָאן מֶען מִיט אִים יוצא זַיין אָנְשְׁטָאט דֶעם גְרוֹיסֶען „קאטערזניק", וַוייל זַיי זַיינֶען בֵּיידֶע פוּן אַיין קְוָועלֶע גֶענוּמֶען גֶעוָוארִין.

## ענדע



# חייציקעל אליין

---

למען הראות לך קורא נעימה מה נדלו דברי המשל הקדמוני. אום צוא ווייזען דיר מיינע טייהערע לעזערין וויא וויכטיג אונ וואר עס זענין דא רייד פון דעם אלטען שפריכווארט, עס איז דיא גרעכטע קונץ צוא זיין פאטער אונ מוטער. דאס הייסט קינדער צוא ערציהען, אונ דאך נעמען זיך דאס אלע אהן. מוז איך דיר דא בעשרייבען איין קליינע געשיכטע פון איין געוויסען ר׳ שמעריל שיפער וויא אזו ער האט ערצויגען זיינעם אבן יחיד וואס מען האט אים גערופען חייציקעל. ער האט געמיינט איהם אונ זיך גליקליך צוא מאכען, אונ האט דורך זיינע נארישע ערציהונג אונ אויפפיהרונג חייציקעל געמאכט

גְעמַאכְט אומְגלִיקְלִיךְ זִיךְ אוּנ אִיהם, אוּנ נָאךְ מֶעהר פַאר זַייא בֵּיידֶע זַיין וַוייבּ, דֶען זִיא אִיז דוּרְךְ דֶעם אַוֶועק פוּן דֶער וֶועלְט פַאר דֶער צַייט, אוּנ הָאט גֶעלָאזֶען דוּרְךְ אִיהר אוּמְגְלִיק נוּר אַיין בַּייא שְׁפִּיל פַאר אַנְדֶערֶע פְרוֹיֶען דָאס עֶס זָאל זִיךְ זַייא נִיט גְלוּסְטֶען צוּ גְלֶענְצֶען צְווִישֶׁען גרוֹיסֶע מֶענְשֶׁען אוּנ מֶען זָאל זִיךְ נִישְׁט וַוייזֶען פַאר אַנְדֶערֶע אַז זֵייא זָאלֶען גְלוֹיבֶּען דָאס מֶען אִיז זֵייעֶר גֶעהוֹיבֶּען:

---

לִפְנֵי עשׂרים וחמש שנה. פַאר אַיָאהר פִינְף אוּנ צְוַואנְצִיג הָאט גֶעוואוֹינְט אִין דֶער שְׁטָאט אַיְלוֹן אַיין גֶעווִיסֶער נָגִיד ר׳ שְׁמֶעְרִיל שְׁפֶער. דָאךְ אָבֶּער מַיינֶע טַייעֶרֶע לֶעזֶערִין וֶוען דוּא פַאר שְׁטֵייסְט לָשׁוֹן הַקוֹדֶשׁ פִילַייכְט, זָאלְסְטוּ נִישְׁט מֵיינֶען אַז עֶר וַואר אַיין פִירְשְׁט בֶּאֱמֶת, וִויא דֶער וָוארְט נָגִיד בֶּעדַייטֶעט אוֹיף לָשׁוֹן הַקוֹדֶשׁ, נֵיין בַּייא אוּנְז אִיז אוּנְזֶער דֶעם וָוארְט נָגִיד גֶעמֵיינְט נָאר אַפְּרָאסְטֶער מֶענְשׁ וָואס עֶר קֶען זַיין אוֹיךְ פוּן אַיין אָרְדֶענֶערֶע פַאמִילְיֶע, נוּר עֶר אִיז רַייךְ אוּנ הָאט אַפוּלֶע גֶעלְד. אָדֶער אַזוֹי גָאר וֶוען עֶר קֶען מַאכֶען אַז מֶען זָאל מֵיינֶען דָאס עֶר אִיז רַייךְ אוּנ הָאט אַפוּלֶע גֶעלְד. אוֹיף אַזוֹי אַיין אוֹפֶן וַואהר אוּנְזֶער ר׳ שמעריל אוֹיךְ אַיין נָגִיד. נוּר עֶר אִיז גֶיוֶוען אַיין יוֹדֵעַ סֵפֶר אוּנ פוּן עֶרְלִיכֶע עֶלְטֶערִין וָואס וַוארֶען

קליינע חייציקער

קליינע פאבריקאנטען, דען זייא האבען געהאט איין פאבריקעל פון וואלענע קאפעלושען, מיצקעס, זאקען און הענטשקעס, דער צו האבען זייא נאך גוט פאר שטאנען פארבערייא און אז זייא זיינען געשטארבען האט דער ר׳ שמעריל דעם פאבריקעל איבער גינומען און האט דאס זייער גוט איין געריכטעט און האט זיך גילעבט זייער רוהיג און צוא פרידען, דען ער האט גיהאט דער פון וויא פיל ער האט געברויכט אויף זיין פרנסה און ער האט גאר ווייניג געדארפט, און וויל דיא מלאכה איז זייער שטארק פאר בונדען מיט דעם האנדעל פון וואל, פלעגט עס זיך אפט מאכען אז וואל פלעגט זיך הייבען און ער וואס ער פלעגט אלע מאהל האבין זייער פיל זאפאס פלעגט ער אלע מאהל פאר דינען צווייא אדער דרייא הונדערט רענדליך און איז זיך אזו מיט דער צייט ביסלעך ווייס גיווארען גוט אין שטאנד, ביז מען האט אנגעהויבען צו זאגען אויף איהם אז ער איז איין נגיד. און ער וואס ער האט ביי זיך געוואוסט וויא ווייט עס פעהלט איהם נאך צו אנגיד האט ער נאך געמוסט האלטען זיין פאבריקעל און איז זיך אזו פון יאר צו יאהר געווארען רייכער און אין פערמעגען, דאדורך האט ער זיך באשלאסען צו בלייבען אפאבריקאנט כל זמן ער וועט לעבין, דען ער האט געוואלט מקיים זיין דעם פארזאג פון אונזערע חכמים (אהוב את המלאכה ושנא את הרבנות) דאס הייסט ליב האבען דיא ארבייט און האב פיינד דיא גרויסקייט:

חייציקעל אך

אַך אשתו לא כן דמתה. אָבֶּער זַיין וַוייבּ קוֹנֶע הָאט
נִישְׁט אַזוֹי גֶעמַיינְט וויא עֶר, בַּייא דֶעם עֶרְשְׁטֶען
שְׁטִיקֶעל פַּארְדִינְסְט הָאט זִיא זִיךְ בַּאלְד גֶעקוֹיפְט אַבִּינְטֶעל
פֶּערִיל, בַּייא דֶעם צְוַוייטֶען פַּארְדִינְסְט הָאט זִיא אַרַיין
גֶעחַאפְּט גוּטֶע דִימֶענְטֶענֶע אוֹירֶענְגְלִיךְ פִּינְגֶערְלִיךְ, אוּנ
הָאט זִיךְ אָן גֶעהוֹיבֶּען מִיט דֶער צַייט צוּא סְטְרוֹיֶען אוֹיף
דֶעם נְגִידֶעשֶׁען אוֹפֶן, אוּנ הָאט זִיךְ שׁוֹין אָנְגֶעהוֹיבֶּען
בַּייא זִיךְ גְרוֹיס צוּא הַאלְטֶען, אוּנ הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען
גַיין רַייךְ גֶעקְלַיידֶעט אוּנ מִיט דֶער צַייט הָאט זִיא זִיךְ
שׁוֹין אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּא שֶׁעמֶען מִיט אִיהר פַּרְנָסָה, עֶס
אִיז אִיהר שׁוֹין נִישְׁט אָנְגֶעשְׁטַאנֶען אַז מֶען זָאל אִיהר
רוּפֶען קוֹנֶע דִיא פַּארְבֶּערְקֶע, קוֹנֶע דִיא קַאפֶּעלוּשְׁנִיצֶע,
קוֹנֶע דִיא הֶענְטְשְׁקֶע מַאכֶערִין, נַיין הָאט זִיא אַמָאהל
גֶעזָאגְט צוּא אִיהר מַאן נָאךְ אַפְּרַיילִיכֶען בְּרִיף וָואס עֶס
אִיז אָן גֶעקוּמֶען פוּן פְּרַייסֶען. גֶענוּג, מִיר זָאלֶען זִיךְ
שְׁמִירֶען אַרוּם דֶעם קֶעסִיל אוּנ צוּא גֵיין מִיט שְׁוַוארְצֶע
הֶענְד וֶוען מִיר זַיינֶען שׁוֹין אִין שְׁטַאנְד צוּא גַיין מִיט
וַוייסֶע הֶענְד, נִיט צוּא פַאר זִינְדִיגֶען. מִיר זַיינֶען שׁוֹין
לַייטֶען גְלַייךְ, מִיר קֶענֶען שׁוֹין אוּנְזֶער שְׁטֶעטִיל בֶּעשְׁטֵיין
אָהן דֶער זִיכֶער פַּרְנָסָה. ר׳ שִׁמְשׁוֹן דֶעמְבִּיצֶער אִיז
הֶעלֶעבִּין נִישְׁט רַייכֶער פַאר אוּנְז, אוּנ פוּן דֶעסְט וֶועגִין
וֶועט עֶר נִישְׁט וֶועלִין טָאן אַשִׁידוּךְ מִיט אוּנְז, אוּנ דָאס
אִיז נוּר מֶעהר נִישְׁט אִיבֶּער אוּנְזֶער פֶּערְפְלוּכְטֶען קֶעסִיל,
אִיז מַיין עֵצָה אַזוֹי אַז מִיר זָאלֶען אוּנְזֶער פַאבְּרִיקֶעל
צוּ שְׁלִיסֶען, אוּנ מִיר זָאלֶען אוּנְזֶער וָואל גֶעשֶׁעפְט פַאר

חייציקעל גרעסערין

גֶרעסֶערִין. מִיר וֶועלִין הַאנדְלֶען אִין פְּרַייסֶען, מִיר וֶועלִין קְרִיגֶען אַשֵׁם וִויא אַלֶע סוֹחֲרִים, דֶען עֶס שְׁטַייט אוּנְז דָאס מֶעהר אָן וִויא אַנְדֶערֶע סוֹחֲרִים וָואס זַיינֶען פְּרִיעֶר גִיוֶוען מְשָׁרְתִים אִינ דִינְסְטֶען :

כדברים האלה, אַזֶעלְכֶע רֵייד הָאט זִיא אִיהם שְׁטֶענְדִיג אַריין גִירֶעט אִין דִיא אוֹיעֶרִין, בִּיז זִיא הָאט עֶס בַּייא אִיהם גֶעפּוּיעֶלְט אוּנ הָאט צוּא גֶימַאכְט דֶעם פַאבְּרִיקֶעל אוּנ הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּא הַאנְדְלֶען נָאר זַייעֶר גְרוֹים אִין תְּחִילַת מִיט וָואל אַלֵיין אוּנ דֶער נָאךְ מִיט טוּךְ אוֹיךְ, אוּנ עֶס אִיז אִיהם זַייעֶר נוּט גֶע־אַנְגֶען וָואס אַיְאָהר אִיז עֶר אַלְץ גֶעוָוארֶען רַייכֶער אוּנ רַייכֶער, אָבֶּער דֶער צוּא אִיז גֶעוָוארֶען זַייעֶר פִיהרוּנְג שַׁארְפֶער אוּנ הָאט מִיט דֶער צַייט גֶעקְרִיגֶען אַיין נָאמֶען פוּן אַגְרוֹיסֶען נְגִיד, אוּנ אִיז גֶעוָוארֶען גֶעאַכְטֶעט בַּייא לַייטֶען, אוּנ אִין אַצַייט פוּן אַיָאהר אַכְט הָאט מֶען שׁוֹין פַאר גֶעסֶען אַז עֶר אִיז אַמָאהל גִיוֶוען אַבַּעַל מְלָאכָה, דֶען דִיזֶער ר׳ שמעריל הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט גֶעפִינֶען צְוִוישֶׁען לַייטֶען וִויא עֶס פַּאסְט פַאר אַיין אִישׁ נִכְבָּד, עֶר הָאט מַחֲזִיק גִיוֶוען גֶעפַאלֶענֶע בַּעֲלֵי בַּתִּים אוּנ פְּלֶעגְט גֶעבִּין שַׁיינֶע נְדָבוֹת דֶעם חַזָן דֶעם שַׁמָשׁ, דָאס אִיז שׁוֹין גַאנְץ גֶענוּג גִיוֶוען מְפַיֵים צוּ זַיין דֶעם עוֹלָם פַאר דִיא קְלֵיינֶע עַוְלָה וָואס עֶר אִיז אַמָאהל גִיוֶוען אַפַארְבֶּער :

לבר זֶה הָאט זִיךְ אִיהם גֶימַאכְט אַיינֶע גוּטֶע גֶעלֶעגֶענְהַייט צוּא חייציקעל

צוא האבען בייא זיך אין שטוב דיא גרעסטע לייט פון שטאט, ווייל זיין ווייב קונע האט איהם געבארען איין יונגעל האט ער גימאכט איין ברייטען ברית מיט זייער אנרויסען מזל טוב, אונ ווער גייט עס ניט צוא אזוי איין רייכען מאן, ווען מען וואלט שטעלען דעם טעצעל מיט דיא איי געמאכץ אויף דעם שפיץ פון דעם העכסטען טורעם, אדער אויף דעם שפיץ זיגעלבוים אין גרעסטען שטורעם, וואלטען אויך דיא איידעלסטע פרויען, וואס גייענדיק איבער איין בריק נעמט זייא אהן איין שרעק אונ איין גרויען, וואלטען וויא אקאץ ניט געגליכען, נאר אן אלייטער ארויף קריכען, אונ פשיטא שוין בייא איהם וואס וואהר געשטעלט טישען געדעקט מיט דיא שענסטע טארטען, אין אלטאנע בייא זיך אין גארטען, איז מען גיגאנגען גאר אהן געפאהר, יעדערע דאמע מיט איהר העררן, אונ עס האט בייא דעם ברית ניט געפעהלט דער גרעסטער מאן פון דער שטאט, קורץ דער פון אונזער ר' שמעריל איז געווארען גערעכענט אונטער דעם צאל פון דיא נגידים, אונ זיין נאמען האט זיך אנגעהויבען צו הערין ווייט אונ ברייט, עס האבען זיך געצויגען צו איהם ארעמע קרובים זיינע אונ איהרע, ער האט גאר ניט געוואוסט ביז אהער וואס פאר א משפחה ער מיט זיין ווייב זיינען. צוא דעם פדיון הבן פון זיין חייציקעל אליין, האבען זיך פיננף נגידים אויס גערעכענט דאס זייא זיינען ניט פרעמד מיט איהם, אונ ער האט זייא אהן גענומען פאר קרובים,

חייציקעל בייא

בַּייא שָׁלשׁ סְעוּדוֹת הָאט בַּייא אִיהם אוֹיס גִיזֶעהֶען וְויא בַּייא אַיין גוּטֶען אִיד, דֶען עֶס וַואהר בַּייא אִיהם אַיין גְרוֹיסֶער עוֹלָם, קוּרְץ דֶער פוּן זַיין שְׁטִילֶער וְואהנוּנְג אִיז פוּן יֶענֶער צַייט אָן וְויא עֶר אִיז גֶעוָוארֶען אַנָגִיד פֶּערְ-וַואנְדֶעלְט גֶעוָוארֶען אִין אַבֶּערְזֶע:

ויהי עֶס וַואר אַלְס חייציקעל אִיז שוֹין אַלְט גֶעוָוארֶען אַכְט יָאהר, פְלֶעגְט בֵּין הַזְמַנִים בַּייא אִיהם צוּא קָאכֶען וויא אִין אַקֶעסֶעל פוּן מְלַמְדִים. אַיין הִיגֶען מְלַמֵד הָאט עֶר בְּשׁוּם אוֹפֶן נִישְׁט גֶעוָואלְט, עֶס הָאט אִיהם גִיעֶנְט גֶעפַּאסְט, וַוייל עֶר הָאט אַמָאהל גֶעקֶענֶעלְט בְּוַדַאי מִיט שְׁנַיידֶערִישֶׁע קִינדֶער אָדֶער מִיט אַפַּארְבֶּערְס חָלִילָה, אוּנ דָאס קֶען דָאךְ עֶפֶּעס דֶער מָאגֶען פוּן זַיין פְּרִיגֶער-דִיגֶען שְׁטַאנְד, אוּנ אִיהם קָאסְט דָאךְ אָפּ אַזוֹ פִיל גֶעלְד אוּם צוּא פַאר גֶעסֶען דָאס אַלֶעס, דַאהֶער פְלֶעגְט עֶר צוּא נֶעמֶען אַלֶע מָאהל נָאר אַיין נִישְׁט הִיגֶען מְלַמֵד אוּנ פְלֶעגְט אִיהם צוּא גֶעבֶּען קֶעסְט מִיט אַלֶע וְויגָאדֶעס, אוּנ וָואס דֶער אִינְגֶעל פְלֶעגְט וֶוערִין עֶלְטֶער פְלֶעגְט עֶר אַלְץ צוּ נֶעמֶען אַנְגֶעסֶערִין מְלַמֵד דָאס הֵייסְט פוּן אַוַייטֶערֶע שְׁבָאט, אוּנ דֶער מְלַמֵד פְלֶעגְט אִיהם מוּזֶען אוֹיס לֶערְנֶען אוֹיף אַלֶע שַׁבָּת אַיין אַנְדֶער פְּשֶׁעטֶעל מִיט מַפְטִיר, אוּנ צוּא שָׁלשׁ סְעוּדוֹת פְלֶעגְט דֶער אִינְגֶעל זָאגֶען זַיין שְׁטִיקֶעל גְמָרָא מִיט אַקַאשֶׁע, דִיא מוּטֶער פְלֶעגְט זִיךְ פְרֶעגְלֶען הֶערֶענְדִיק, דֶער פָאטֶער הָאט גִיקְוָואלֶען דֶען דֶער עוֹלָם הָאט זִיךְ צוּ רִיסֶען לִיבֶּענְדִיק, אוּנ דֶער מְלַמֵד פְלֶעגְט

חייציקעל זיך

וְיך בְּשַׁעַת מַעֲשֶׂה גְלֶעטֶען דֶעם בֶּערְדִיל אוּנ פַּאצְ'עֶן אִין בַּייכֶעל, אוּנ פְלֶעגט בַּייא זִיךְ צוּא טְרַאכְטֶען, יֶ'טְצְט זֶעהֶען אַלֶע גָאט אוּנ לַייט דָאס אִיךְ בִּין ב"ה אַיין בְּרְיָה, אָבֶּער דֶער אָרֶעמֶער לַמְדָן וָואס פְלֶעגט דָארְטֶען צוּ עֶסֶען שַׁבָּתִים פְלֶעגְט זָאגֶען, עֶס אִיז גָאר פָּשׁוּט דֶער אִינְגֶעל אִיז גָאר אַוואוּילֶער, אוּנ וָוען עֶר וָואלְט נָאךְ הָאבֶּען אַיין גְרֶעכֶערִין מְלַמֵד וָואלְט פוּן אִיהם גֶעוָוארֶען אַבֵּלִי, דֶען עֶר וַואר דָארְגֶעוֵ מִיט דֶעם מלַמֵד וְויא צווַייא קֶעץ אִין אַיין זַאק, אוּנ דַאדוּרְךְ פְלֶעגט מֶען אַלֶע זְמַן אוּם בַּייטֶען אַלְץ אַיין אַנדֶערִין מְלַמֵד, אוּנ דֶער וַויילֶע הָאט חייציקעל בַּאקוּמֶען אַיין נָאמֶען פַאר אַיין גְרוֹיסֶען עִילוּי, אוּנ בֶּאֱמֶת וַואר דֶער הייציקעל גַאנְץ דוּם, אָן תּוֹרָה אָן חָכְמָה אוּנ אָן דֶרֶךְ אֶרֶץ, עֶר וַואר זֵייעֶר פַאר צוֹיגֶען, דִיא לִיפֶּען זַיינֶען גִיוָועֶן בַּייא אִיהם שְׁטֶענְדִיג אַיין גֶערִיכְט אִין קַאוֶוע, אוּנ עֶר פְלֶעגְט אַלֶע נַאכְט אַנְטְשְׁלָאפֶען וֶוערִין פַאר וְוִיעֶצֶערֶע, עֶר וַואר שׁוֹין אַבָּחוּרִיל פוּן אַיָאר צְווָעלְף אוּנ וַואר נָאךְ שְׁוָועֶר אוֹיף עִבְרִי, אוּנ דָאס אִיז גִיוָועֶן וַוייל עֶר הָאט גָאר קַיין עִבְרִי נִיט גִילֶערִינְט, דֶען קוֹים הָאט עֶר אָן גֶעהוֹיבֶּען צוּ שְׁלַאבֶּעזִירֶען הָאט מֶען שׁוֹין מִיט אִיהם אָנְגֶעהוֹיבֶּען חוּמָשׁ מִיט רש"י, אוּנ בַּאלְד נָאךְ דֶעם לֶקַח טוֹב, דָאס הֵייסְט שְׁטִיקְלֶעךְ גְמָרָא, דֶער מְלַמֵד פְלֶעגְט צוּ זָאגֶען דִיא עִבְרִי, אוּנ פְלֶעגְט דֶער נָאךְ מִיט אִיהם אוֹיס רֵיידֶען דֶעם פַאלְשֶׁען פְּשַׁט, נוּן קֶען מֶען שׁוֹין אַלֵיין פַאר שְׁטֵיין אַז עֶר הָאט נִיט גֶעוואוּסְט אַיין פָּסוּק, קַיין שְׁטִיקֶעל דִקְדוּק, אוּנ הָאט נִיט גִיקֶענְט

חייציקעל — אַיין

אַיין אות אויף שְׁרַייבֶּען, אונ אַזוֹ וואָלטֶען נאָך פִיל זאַכֶען
וואָס עֶר האָט נִישְׁט געוואוּסְט, וואָס מֶען קֶען דאָס
אַלְץ גאָר נִיט אוֹיס רֶעכֶענִין, אונ האָט דאָך גִיהַאט אַיין
נאָמֶען פַאר אַיין עִילוּי, דאָס צוא צְוֶועלְף יאָהר אִיז עֶר
אַרוּם גִינַאנְגֶען מִיט גִישְׁוואָלִינֶע בֶּעקֶעלֶעךְ, וואָס מֶען
פְלֶעגְט אִיהם אַלְץ צוא קְנַייפֶּען בַּייא יֶעדֶען שָׁלֹש סעוּדוֹת
בְּשַׁעַת מֶען פְלֶעגְט אִיהם פַאר הֶערִין אונ זאָגֶען, אַז דוּ
בִּיסְט שׁוֹין וֶוערְט אַשֵׁיינֶע כַּלָה, נוּא וואַר שׁוֹין אוּנְזֶער
חייציקעל בַּייא זִיךְ זֵייעֶר שְׁטַארְק גֶעהוֹיבֶּען, אונ האָט זיך
ווִירְקְלִיךְ דוּרְךְ דֶעם אוֹיף גֶעפִירְט פִיל שֶׁענֶער אַלְס אַנְדֶערֶע
קִינְדֶער וואָס זַיינֶען אִין זַיינֶע יאָהרֶען גִיוֶוען, דאָס אַלֶע
טַאטֶעס אונ מַאמֶעס האָבֶּען זִיךְ גִיבֶּענְשְׁט מִיט אִיהם,
אונ חייציקעל האָט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוא הֶערִין אִין דִיא
גַאנְצֶע שְׁטאָט, אונ אוֹיךְ אִין דִיא פאָהר שְׁטֶעט בִּיז אוּנְטֶער
דִיא קוֹמֶענֶעס אונ נאָך ווַייטֶער:

ויהי אונ עֶס וואַר אַלְס חייציקעל אִיז גִיוואָרֶען בַּר מִצְוָה
האָבֶּען דִיא עֶלְטֶערִין גִימַאכְט אַגְרוֹיסֶען מאָהל צַייט,
עֶס וואַרֶען אַיין גִילַאדֶען דֶער צוּ אַלֶע נִכְבָּדִים אַלֶע גְרוֹיסֶע
לוֹמְדִים פוּן דֶער שְׁטאָט, אונ חייציקעל האָט גִיזאָגְט
אַיין חִילוּק, אַפָאר לוֹמְדִים דֶעם רֶעבֶּענְס גוּטֶע פְרַיינְד
האָבֶּען זִיךְ גֶעוואָלְט אַרַיין מִישֶׁען אונ פְרֶעגִין אִיהם אַפָאר
גוּטֶע קַשְׁיוֹת, האָט עֶר זַייא פַאר עֶנְטְפֶערְט אַיידֶער מֶען
האָט אִיהם נאָךְ גִיפְרֶעגְט, דֶער עוֹלָם האָט זִיךְ זֵייעֶר
פַאר וואוּנְדֶערְט דַארִיבֶּער, אונ דֶער מְלַמֵד אִיז גֶעבֶּעךְ

שטאַרק רויט געוואָרען, ווייל חייציקעל האָט זיך מיט די אָפּגעשטעלטע תּירוצים אויף די באַשטעלטע קשיות צוא גיך אַרויס גיכאַפּט, אונ האָט אויס געזעהען ווי איינער וואָס זאָגט אויס דעם פּתרון פאַר דעם רעטעניש, דאָך אָבער האָט עס קיינער ניט געשפּירט אָדער נאָר ניט געוואָלט שפּירען, ווייל מען האָט געוואָלט דאָס ער זאָל שוין ענדיגען וואָס צום גיכסטען, אונ מען זאָל שוין בעסער וואָס נעמען אין מויל אַלס אין די אויערין, דען עס וואַר גידעקט אַ טיש מיט אַלעם גוטען. אונ צווייטענס נאָר וויל דאָס דעם בעל שמחה קריינקען אונ אויס ווייזען אַז דער אינגעל איז גאָר אַיין עם הארץ. אונ דריטענס ווען מיט אַיין כוס איז מען מתרץ פיער קשיות *). פּשיטה שוין מיט פיל כוסות איין קשיא, אונ דאָס איז צוא וואָס האָט מען גאָר גידאַרפט דאָס ער זאָל זאָגען אַחילוק: אַייער אינגעל דאַרף זיין עפּעס אין רעכטע הענד, האָט זיך אָפּגערופען צוא איהם איינער פון די

לומדים

---

*) דאָס הייסט מען ניסט דאַריבער אַז דעם צווייטען כוס באַלד נאָ: די פיר קשיות וואָס מען טרינקט איהם ערשט נאָך דער הגדה פאַר דעם עסען, ווייל מען האָט מז"א דאָס דער אינגעל וועט פילייכט ניט וועלין אָ: נעמען דעם עבדים הָיינו פאַר אַתירוץ, אָבער ווי ער דער זעהט דעם כוס נעמט ער שוין אַלץ אָן פאַר גוט, אונ טוט שוין אַלץ וואָס מען הייסט איהם.

חייציקעל

לומדים, וואס האט שוין גיהאט אין קאפ פיל מעהר אלם זוגות, וואלט מען גיקענט פון איהם מאכען ארעכטע כלי, איך האב פאר אייך איין מלמד גאר איין וואונדער דער מויציטער, עס זיינען גיוואָרען פון זיינע תלמידים חתנים אין דיא גרעסטע הייזער, פאר צייטען האט מען איהם גערופען דער מויציטער עילוי, פאר איהם איז קיין מהרש"א אונ קיין מהרם שיף נישט צוא הארב, איהר זאלט איהם אוועק געבען צו איהם ער איז איצט דא היא, ער פארט פון לאהישע פון איין חתן פאר-הערין, דער גביר חעמע עטקעס טוט אשידוך מיט דעם קאזעלקאבער רעביל, מען זאגט ער האט איעדענאצקע גאר אצאצקע, פאלגט סיך וואָרום אייער רבי איז מעהר ניט וויא אן געלערינט, אונ אייער חייציקעל מוז מען שארפען דעם מוח:

ומה נקל אונ וואס איז נאך גרינגער וויא שאדען צוא טאהן איין מלמד בייא אזעלכע עלטערין וואס זיינען אזו שטארק פאר נארט אין זייער קינד, ר' שמעריל האט קוים דעם זמן דער צויגען מיט דעם מלמד אונ דער נאך האט מען גענקריגען דעם מויציטער. מען האט איהם גירופען מיט דיזען נאמען ענטוועדער ווייל ער איז גיוועזן פון מויציטע איין געבארענער, אדער ווייל עס וואר שוין עטליכע עלוים פון מויציטע האט מען איהם אויך גירופען דער מויציטער, נור אין דיזע זאכען דארפען מיר זיך גאנץ ווייניג בעשעפטיגען, מיר באדארפען נישט מעהר

חייציקעל ווינען

וויסען אַז ער האָט גיהייסען מויציטער, אונ ער וואר אַלט אין ערך אַיאָהר פערציג, אונ אַיין גרעבּליכער מיט אַגוטען אוים גיפּאַסעטין בּייכעל פון פרעמדע טישען, אונ פלעגט צו ריידען אַבּיסעל אויף אַזייטעל וויא בּערצע דער בּאם, שיסקע דיא פּאלעטרונימצעס מאַן וואס מען פלעגט איהם דינגען פאַר אַיין משורר בּייא דיא קצבים, אַפּנים האָט ער גיהאַט אַליינגליכען אונ עטוואס פּאַקענדיג אונ פול מיט זומער שפּריינגליך, אַנגעלע בּארד מיט צווייא שפּיצען, אונ אַגרויסען שטערין מיט לאַנגע קארבּען אונ בּלאַע אויגין מיט נאַגץ לאַנגע בּרעמען, מען קען נישט זאָגען אַז ער האָט נישט אוים גיזעהן העסליך אונ האָט גיהאַט אַיין גענצטען קאָפּ אונ וואר אַמאָהל אַיין עילוי, אונ לערנען האָט ער פאַרט נישט גיקענט אויף זיין לעבּענס טאָג ניט, דען פון זיין קינדהייט אָהן האָט ער זיך אַריין געלאָזין אין חריפות אונ פּשטעטליך אונ דעם אמתן פּשט האָט ער קיין מאָהל ניט געוואוסט, אונ בּיז פינף אונ צוואַנציג יאָהר האָט ער גיגעבּין גוט וויא פיל ווייבער, דען וויא איינע גילטינגע מטבע וואס גייט פון האַנד אין האַנד אַזו האָט מען איהם צו גיהאַפּט פון איין שווער אונ שוויגער צו דיא אַנדערע שווער אונ שוויגער, אונ האָט גיהאַט קינדער אין אַלע שטעטליך, אונ דער נאָך איז ער גיבּליבּען אַקאַצעבם אַיין איידעם אונ זיין האָפנונג צו ווערין אַרב איז גאָר נישט געוואָרען דער פון דען ער איז גיוועזן אָן תורה אונ אָן חכמה, ער האָט נישט פאַר שטאַנען קיין זאַך אין דער וועלט פונקט וויא

חייציקעל חייציקעל

חייציקעל צַליין, אונ עֶר וַאר בַּייא זִיךְ זֵייעֶר גִיהוֹיבֶּען אונ הָאט פון קֵיינֶעם נִישְׁט גֶעהַאלְטִין, אונ אַלֶע לוֹמְדִים הָאבִּין בַּייא אִיהם אוים גְיזֶעהְן וִויא קֶעץ, אונ זִיךְ הָאט עֶר גֶעהַאלְטֶען פַאר דֶעם גְרֶעסְטִין חָרוּץ אִין דֶער וֶועלְט, אונ אַזוֹ הָאט אִיהם דֶער עוֹלָם אויךְ גִיהַאלְטֶען, דֶען עֶר הָאט גִיהַאט אַבְּרֵייט מוֹיל, עֶר פְלֶעגְט אִין לֶערְנֶען אַלֶעמֶען אִיבֶּער שְׁרַייֶען אונ פַאר טוּמְלֶען, אונ פְלֶעגְט רֵיידֶען אויף אַלֶע לוֹמְדִים אונ הָאט גִיזָאגְט מְבִינוֹת אויף אַלֶע גְאוֹנִים, דֶעם הָאט עֶר גִילוֹיבְּט, דֶעם הָאט עֶר גִישֶׁענְט אונ הָאט גֶעשְׁפִּילְט אַרָאלֶע בַּייא אַלֶע בַּעֲלֵי בַּתִּים וואו עֶר הָאט נָאר גִיקְנֶעלְט אונ אִיבֶּער הוֹיפְּט בַּייא דִיא בַּעֲלֵי בָּאכְטֶעס, עֶר הָאט אִין יֶעדֶער הויז גֶעשְׁפִּילְט אֵיין אַנְדֶער רָאלֶע אִין צִיוּסְק לְמָשָׁל וַאר עֶר אֵיין פָּרוּשׁ, אִין יַאנְצִיק וַאר עֶר אַיין קָדוֹשׁ, אִין חוֹמֶץ פְלֶעגְט עֶר אויף וַוייבֶּער נִישְׁט קוּקֶען נָאר בְּשַׁעַת אַנְדֶערֶע הָאבִּין אויף זֵייא גֶעקוּקְט, אִין פוֹדְרַאן אִיז עֶר גִיוֶוען אֵיין חָסִיד, אִין הַיידֶעשָׁאק וַואר עֶר אֵיין בַּעַל שֵׁם אונ הָאט קְמֵיעוֹת גִיגֶעבִּין, אִין הַאכְלֶעוִויץ הָאט עֶר מִקְוָאוֹת גֶעבְּרוֹיכְט, אונ בֶּאֱמֶת אִיז עֶר קֵיין מָאהל נִישְׁט פְרוּם גִיוֶוען, דֶען וַואהרֶע יִרְאַת שָׁמַיִם מוּז זַיין פַאר בּוּנְדֶען מִיט תּוֹרָה אונ מִיט חָכְמָה אונ מִיט גְרוֹיסֶע מִדּוֹת טוֹבוֹת, אונ עֶר הָאט אִין זִיךְ נִיט גִיהַאט קֵיין תּוֹרָה קֵיין חָכְמָה קֵיין מִדָּה טוֹבָה, דֶען עֶר וַאר אֵיין גְרוֹיסֶער גַאֶה, אונ אֵיין גְרוֹיסֶער עַזּוּת פָּנִים, מֶען הָאט אִיהם צַמָאהל גִיפְּרֶעגְט פַאר וָואס עֶר שְׁטֶעלְט זִיךְ אַזוֹ שְׁפֶּעט דַאוְונֶען דֶען עֶר לֵייגְט טַלִּית אונ תְּפִילִּין עֶרְשְׁט

חייציקעל — בשעת

בְּשַׁעַת דֶער עוֹלָם הַאלְט קְרִיאַת שְׁמַע, הָאט עֶר גֶיעֶנְטפֶערְט אִיךְ בִּין נִיט גְלַייךְ צוּ אַלֶעמֶען, אִיךְ פִיר מִיךְ אוֹיף מִיט דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטִין אִין שׁוּל אַזוֹ וִויא אַייגִינֶע מֶענְשִׁין אוֹיף אַיין שִׂמְחָה, וָואס גֵייעֶן עֶרְשְׁט עֶסֶען וֶוען דֶער גַאנְצֶער עוֹלָם הָאט שׁוֹין אָפּ גִיגֶעסִין :

וכן אוּנ אַזוֹ הָאט עֶר צוּא גִיבְּרַאכְט וִויא פִיל יָאהרֶען, אַמָאהל וַואר עֶר אַמְלַמֵד, אַמָאהל אַיְּדְבָן, אַמָאהל אַפָּרוּשׁ אוּנ אַמָאהל אַיין פַארְהֶערֶער, דֶען עֶר הָאט גוּט גֶעוואוּסְט אַלֶע עֶרְטֶער אִין גְמָרָא וָואס מֶען פְּרוּבְט דֶער מִיט אַיין אִינגֶעל, דֶען עֶר וַואר אִין דֶעם אַיין גְרוֹיסֶער בְּרִיָה, וַוייל עֶר הָאט דַארוֹיף זַיין גַאנְצֶען לֶעבִּין פַאר־בְּרַאכְט, אוּנ הָאט זַיין קָאפּ אַזוֹ וַוייט פַאר קְרִימְט אוּנ פַאר דְרַייט דוּרְךְ דֶעם וָואס עֶר הָאט גִיזָאגְט אוֹיף יֶעדֶער זַאךְ אַיין פְשֶׁעטִיל מִיט אַיין שְׁטִיקֶעל הֲרִיפוּת וָואס אַמֶענְשׁ מִיט אַיין גֶעזוּנְטֶען פַאר שְׁטַאנְד פְלֶעגְט אָן צוּ גֵיין אַיין עֶקִיל עֶס צוּא צוּ הֶערִין, דָאךְ וַואר עֶר אִין זַיין צַייט אַיין גִילְטִיגֶע מַטְבֵּעַ אוּנ הָאט זִיךְ מִיט זַיינֶע דוּמְהַייטֶען צוּ גִישְׁלָאגֶען צוּ אַיין גוּטֶען קָארְק אוּנ צוּ אַיין גְרָאבֶּען בַּייכֶעל, דֶעז מֶען הָאט אִיהם פוּן אַלֶע זַייטֶען גִיקֶעבֶּעלְט, דֶער צוּ הָאט עֶר נָאךְ גִיהַאט זַייעֶר אַיין גוּטֶע נַאטוּר, עֶס הָאט אִיהם נִישְׁט גִיצֶעפֶּעט וָואס וַוייבּ אוּנ קִינְדֶער שְׁטַארְבִּין פַאר הוּנְגֶער, דֶען דָאס אִיז גָאר נִישְׁט גִיוֶוען זַיין זַאךְ פוּן אֵייבִּיג, עֶר פְלֶעגְט צוּ זָאגֶען מַיינֶע שְׁוֶוערִין אוּנ שְׁוִוינֶערְם הָאבִּין פְרִיעֶר גֶעוואוּסְט בְּשַׁעַת אִיךְ פְלֶעג

וְעשִׂין בַּייא זַייא אַיין אַיידָעם דָאס זַייא פַּאר זָארְגִין זַייעֶרֶע טֶעכְטֶער נוּר פַּאר יֶענֶער וֶועלְט, אָ־שָׁר נִיט פַּאר דִיזָע פַאלְשֶׁע וֶועלְט. פַּאר דֶעם עוֹזָם אָבֶּער זָאל זַייא דִיא קֶעפּ דְרֵייעֶן פַּאר זַייעֶרֶע טֶעכְטֶער אוּנ אַיינִיקְלִיךְ אָבֶּער נִיט מִיר, נוּן הָאט זִיךְ שׁוֹין זַיין פַּאר דְרַייטֶע קָאפּ נִישְׁט גֶעדְרַייט פַּאר זַייא:

וּמִי אוּנ וֶוער פַּאר שְׁטֵייט דָאס נִישְׁט אַלֵיין אַז אַזוֹ אַיין הוֹכֵר אַזוֹ אַיין גְרוֹיס שְׁפְּרֶעכֶער וַואר אָן גֶעמָאסטֶען פַּאר אוּנְזֶער ר׳ שמערילם הוֹיז, עֶר הָאט זִיךְ דָא גֶעפוּנֶען אַזוֹ ווֹאוֹל וְויא אַפִּיש אִין וואַסֶער, קוֹים וַואר עֶר דָארְט עֶטְלִיכֶע טֶעג אִיז עֶר גֶעווָארִין זַייעֶר תַּקִיף בַּייא דֶעם ר׳ שמערלין אוּנ בַּייא זַיין ווַייבּ קוּנֶען, דֶען עֶר הָאט זַייא מַפְלִיא גִיוֶועזֶן דֶעם הייציקעל גָאר אָן אַשִׁיעוּר, עֶר הָאט אַקָאפּ פוּן אַיין כְּחַבֵל, הָאט עֶר זַייא גִיזָאגְט דִיא תְּפִיסָה אִיז גְרוֹיס אוּנ דִיא הָבָנָה שְׁפִּילְט, אַיין שָׁאדֶען וָואס דִיא פְרִיעֶרְדִיגֶע מְלַמְדִים הָאבִּין אִיהם שְׁטַארְק פַּאר לָאזֶען, אַזֶעלְכֶען מוּז מֶען דֶעם שֵׂכֶל שַׁארְפֶען, אוּנ דָאס וֶועל אִיךְ טאָקֶע טָאהן, אוּנ דָאס אַלֵיין וַואר שׁוֹין גֶענוּג פַּאר זַייא דָאס זַייא זָאלִין אִיהם טַייעֶר הַאלטִין וְויא זַייעֶר לֶעבִּין אוֹיף זַייא כּוּקְעֶנְדִיג הָאט דִיא דִינְסְט (וָואס עֶר הָאט אוֹיף אִיהר גִיקוּקְט בְּשַׁבַּת אַנְדֶערֶע הָאבִּין נִישְׁט גִיזֶעהָן) אִיהם שְׁטַארְק צוּ גִיזֶעהָן אוּנ זַיין בַּייכֶעל הָאט גִישְׁטִיגֶען פוּן טָאג צוּ טָאג וְויא בַּייא אַיין טְרָאגֶעדִיקֶע, מֶען הָאט אִיהם מִיט חייציקלען אָפּ גִינֶעבִּין אַיין בַּאזוּנְדֶערִין תֵּהֶר

מיט אלע וויגאדעס אונ ער האט דעם אינגעל מדריך גיוועזן וויא איין קאנעוואל דעם פערד וואס דארף איהם ארוים פירען אויף דעם פערד מארק פאר קויפין, דאס הייסט וויא איין אינגעל וואס האלט שוין אויף דער מדרגה מען זאל טאן מיט איהם איין שידוך אונ דאס וואר דיא ערשטע מדרגה פון דיא פיר מדרגות וואס איין נארישער יונג דארף דורך גיין עטליכע מאהל אפט אין זיין לעבין, אונ אמאהל דארף ער דאס איבער הזרין אויף דער עלטער דיא ערשטע מדרגה איז שטיין, דיא צווייטע איז גיין, דיא דריטע דרייען זיך, דיא פערדע איז זיצען, אונ אמאהל וואר נאך אפינפטע מדרגה אוועק לאזען. דאס הייסט שטיין אין שידוכים, גיין חתן וויים, דרייען זיך מיט דער ווייב, דאס הייסט אמאהל וואוינען מיט דער ווייב אונ אמאהל נישט, זיצען אהן איין ווייב אונ אפט זיך גאר אוועק לאזען אין דער וועלט. נון וואר שוין דאן אונזער חייציקעל אין דיא ערשטע מדרגה ער איז גישטאנען אין שדוכים, דער מויציטער האט געהייסין אז מען זאל איהם מאכין אזופיצע מיט פאשעמאן, מיט געשפיליוועטע ארבעל ער האט איהם אהן גיטאן אין איין טלית קטן אונ האט איהם אוים גיטאן דעם האלדזטוך אונ האט איהם אהן אנגעטאן אדעליצקע מיט לאנגע ארבעל מיט טאשמעס אונ האט איהם איין ביסעל דעם רוקען אוים געקרימט, דיא פאות אויס געצויגין אונ דיא היטעל אין האלבען קאפף. דען ער האט שוין גוט געוואוסט דעם אובאר פון איין בחור'יל וואס ער איז איין קאנדידאט

אויף אַשִׁידוּךְ צו טָאן עֶר הָאט שׁוין כַּמָּה מָאהל גֶיקְנֶעלְט מִיט חֲתָנִים, לֶערְנֶען הָאט עֶר אִיהם גֶיהֵייסֶעז אַבִּיסִיל זָאל עֶר שְׁרַייֶען אוּנ אַבִּיסִיל זָאל עֶר קְווִיטְשֶׁען, הַאלְבּ זִינְגֶענְדִיג הַאלְבּ וַויינֶענְדִיג אוּנ אַבִּיסִיל זִיךְ צוּא קְרִימֶען אוּנ מִיט זִיךְ אַלֵיין אַבִּיסִיל צוּא רֵיידֶען, דִיא פָּאטֶער אוּנ מוּטֶער הָאבִּין אָנְגֶעקְוָואלֶען זֶעהֶענְדִיג זַיין צָרָה:

ומי אוּנ וֶוער קֶען דָאס אוֹיס שְׁרַייבֶּען דִיא גְרוֹיסֶע פְרֵיידֶען פוּן זֵייא בְּשַׁעַת דֶער מוֹיצִיטֶער פְלֶעגְט אָפְט צוּא זָאגְן בַּייא אַיין גְלֶעזֶעלֶע מַשְׁקֶה צוּ שָׁלֹשׁ סְעוּדוֹת אוֹיף לָשׁוֹן הַקוֹדֶשׁ דֶען דָארְט פְלֶעגְט עֶר נִיט צוּ רֵיידֶען קֵיין דִבְרֵי חוֹל. (חייציקעל בנכם מובטחני בו שיהיה מורה הוראה בישׂראל), דָאס הֵייסְט אַייֶער זוּן חייציקעל וֶועט גֶעווִיס אַמָאהל זַיין אַיין מוֹרֶה הוֹרָאָה בַּייא יוּדֶען, עֶר זָאל נָאר אָן קוּמֶען צוּ גוּטֶע שְׁוֶוער אוּנ שְׁווִיגֶער. פְלֶעגְט דֶער בִּייא צוּ זָאגְן דֶער אָרֶעמֶער לַמְדָן וָואס הָאט דָא טֶען שַׁבְּת גֶיגֶעסִין, דָאס הֵייסְט וָואס זֵייעֶר אוֹיס קוּק אִיז טַאקֶע בֶּאֱמֶת דָאס דֶער אֵיידֶעם זָאל בְּלַייבֶּען עֶפֶּעס בַּייא אַתַּכְלִית אִין לֶערְנֶין וִויא מַיין שְׁווִיגֶער וַואר עָלֶיהָ הַשָׁלוֹם, אִיךְ הָאבּ נָאר אִיהר צוּ דַאנְקֶען וָואס אִיךְ בִּין אַזוֹ וַוייט דֶער גַאנְגֶען, פָּאטֶער אוּנ מוּטֶער הָאבִּין זִיךְ גִיפְּ־עגִילְט הֶערֶענְדִיג אוּנ וַוארֶען בַּייא זִיךְ שְׁטַארְק גֶעהוֹיבֶּען:

ויהי אוּנ עֶס וַואר אַלְס חייציקעל אִיז גִיוָוארֶען מִיט אַיין הַאלְבּ יָאהר עֶלְטֶער, דָאס הַייסְט אַלְס עֶר וַואר

חייציקעל אלט

אַלְט פֶערְצֶעטַאלְבֶּען יָאהר הָאט שׁוֹין דִיא טִיר נִיט גֶערוּהְט
פוּן שַׁדְכְנִים אוּנ זֵייא זַיינֶען אָנְגֶעקְרָאכֶען אֲפִילֶע שְׁטוּב
אוּנ מֶען הָאט גִירֶעט שִׁדוּכִים פוּן אַלֶע שְׁטֶעט, דֶער פוּן
מִינְכְק, דֶער פוּן פִּינְסְק, אָבֶּער נִיט אַיינֶער פוּן לִינָאוֶוע.
וְויא דֶער שְׁטֵייגֶער פוּן אַלֶע גְרוֹיסֶע גְבִירִים וָואס זֵייא
טוּעֶן נִישְׁט קַיין שִׁידוּךְ פוּן דִיא אֵייגִינֶע שְׁטָאט, אֲפִילוּ
אַיין מְלַמֵד נֶעמֶען זֵייא נִישְׁט פוּן דֶער אֵייגִינֶע שְׁטָאט,
מֶען הָאט גִירֶעט מִיט גֶעלְד, מִיט יְחוּס, מִיט קֶעסְט, מִיט
אַשֵׁיינֶע מֵיידִיל, דָאס רוֹב שַׁדְכָנִים וָוארִין אוֹיךְ נִישְׁט קַיין
הִיגֶע, זַיינֶען זֵייא אַיינְגֶעשְׁטַאנִין בַּייא דֶעם ר׳ שטערלין
אוּנ גִיגֶעסִין בַּייא אִיהם, בַּייא יֶעדֶער מָאלְצַייט וָוארִין
עֶטְלִיכֶע שַׁדְכָנִים בַּייא ר׳ שמערילס טִישׁ, אוּנ שַׁבָּ
פְלֶעגְט דָארְט אוֹים צוּ זֶעהְן וְויא אַיין גַאסְט הוֹיז, דֶען
עֶס פְלֶעגְט גִילָאדֶען צוּא וֶוערִין דִיא מְחוּתָּנִימְס מֶענְשִׁין,
דֶער מוֹיצִיטֶער פְלֶעגְט טְרִינְקֶען פִיל חֲרִיפוֹת, אוּנ פְלֶעגְט
צוּ זָאגִין פִיל חֲרִיפוֹת, אוּנ דָאס גְלַייכֶען חייציקעל אַלֵיין
פלֶעגְט אוֹיךְ צוּ זָאגִין חֲרִיפוֹת, אַלֶע נַאכְט פְלֶעגְט צוּא
זַיין בַּייא דֶעם ר׳ שטערלין גְרוֹיסֶע סֶעסְיָאנֶען אִיבֶּער דִיא
שִׁדוּכִים וָואס אִיז גִירֶעט גֶעוָוארִין בַּייא טָאג, אוּנ דֶער
מוֹיצִיטֶער אִיז גִיוֶועז דֶער פְּרֶעזִידֶענְט דֶער בַּייא, דֶע זֵייא
הָאבִּין אִיהם גֶעהַאלְטִין פַאר אַיין וֶועלְט קְלוּגֶעז מַאן עֶר
הָאט דָאךְ גִיכְנֶעלְט כַּמָה יָאהר אִין גְרוֹיסֶע הַייזֶער אוּנ
הָאט שׁוֹין פַאר הֶערְט וְויא פִיל חֲתָנִים, אוּנ אִיז אַלֵיין
אוֹיךְ גִיוֶועזֶען וְויא פִיל מָאהל אַחָת; אוּנ הָאט יֶעדֶער מָאהל
אוֹים גִינוּבֶען, מֶען הָאט גֶעשִׁיקְט רְשִׁימוֹת אִין דֶער

נאנצער מְדִינָה אין אַלֶע גְרויסֶע שְׁטֶעט, אִין שְׁקְלָאוו אִין מָאהלִיב אונ מֶען הָאט זיך גֶערִיכְט אַז עֶס זָאלין קוּמֶען פַאַרְהֶערֶעדְס פוּן כַּמָּה מְקוֹמוֹת אונ דָאס הָאט אַלְץ אוּנְזֶער ר׳ שמערלין זֵייעֶר שְׁטַארְק גֶישְׁטֶערְט אִין זַיינֶע גֶישֶׁעפְטֶען, דֶען דֶער מוּיצִיטֶער הָאט אִיהם נִישְׁט גֶעלָאזִין אַוֶועק פָארין, בַּייא יֶעדֶעם שִׁידוּךְ הָאט עֶר גֶיזָאגְט אִיהר טָארְט פוּן דֶער הֵיים נִישְׁט אַוֶועק, וֶוער וַוייסְט טָאמֶער אִיז דָאס בַּאשֶׁערְט, בַּייא יֶעדֶעם מָאהל אַז עֶס אִיז גֶיקוּמֶען אַיין פַארְהֶערֶער וְויא חייציקעל פְּלֶעגְט נָאר אָנְצוּהֵייבֶען צוּ זָאגִין פְלֶעגְט זִיךְ שׁוֹין דֶער מוּיצִיטֶער אַרַיין מִישֶׁען וְויא אַיין בְּרִיטַאן מִיט זַיינֶע פַאלְשֶׁע חֲרִיפוֹת אונ חייציקעל אַלַיין פְלֶעגְט אוֹיךְ אַרַיין פַאלֶען אִין זַיינֶע רֵייד אונ עֶס פלֶעגְט וֶוערִין אַיין גֶעשְׁרַייא אונ אַיין טוּמֶעל, אונ חייציקעל הָאט אַלֶע מָאהל אוֹיס גֶינוּמֶען, דֶער פֶערְהֶערֶער פְלֶעגְט אַוֶועק צוּ פָארִין מִיט אַיין שֵׁיינֶע מַתָּנָה אונ דָאס גְרֵייכֶען אִיז דֶער מוּיצִיטֶער אוֹיךְ בֶּעשֶׁענְקְט גֶעוָוארִין מִיט אַיין בֶּגֶד אונ מֶען הָאט אִיהם נָאךְ צוּ גֶיזָאגְט אַז מֶען וֶועט אִיהם זֵייעֶר רֵייךְ בֶּעשֶׁענְקֶען וֶוען עֶס וֶועט זִיךְ אוֹיס פִירֶען אַיין שִׁידוּךְ, אונ אַזוֹ זַיינֶען אִיבֶּער גִירֶעט גֶיוָוארֶען זֵייעֶר פִיל שִׁידוּכִים, אונ יֶעדֶער שִׁידוּךְ בִּיז עֶס פְלֶעגְט נִישְׁט צוּ וֶוערִין פוּן אִיהם, פְלֶעגְט צוּ קָאסְטִין גֶענוּג צַייט אונ גֶענוּג גֶעלְד, אונ דֶער וַוייִלֶע הָאט חייציקעל נִישְׁט גִילֶערִינְט, אונ הָאט גַאנְצֶע טָעג גֶיהאט אִין זִינֶען אַבֵלֶה, עֶס הָאט אַזוֹ גֶעדוֹיעֶרְט, אַיין שִׁידוּךְ אַרַיין אונ אַיין שִׁידוּךְ אַרוֹיס, אַפַארְהֶערֶער נָאךְ אַפַארְהֶערֶער אונ עֶס הָאט אַלְץ קֵיין

הַאפְּט גִיהַיזט בִּיז מֶען הָאט גִירֶעט פוּן שִׁדוּז מִיט ר׳ שְׁלוֹמִצֶען דֶעם גְבִיר . דִיא שַׁדְכָנִים הָאבִּין אַזוֹ לַאנְג גֶע-אַרְבַּייט בִּיז יֶענֶער הָאט גֶעשִׁיקְט אֵיין בַּעַל כֹּחַ אוּנ דֶער אֵיינֶעיֶער וַואר אוֹיךְ אֵיין פַארְהֶערֶער מֶען הָאט אִיהם גִירוּפֶען ר׳ שֶׁעפְּסִיל דִיא מַאגִידְזִיכֶעם וַוייל זִיא אִיז גִיוֶוען זַיין שְׁווִיגֶער , אַיין אִיד אַלַמְדָן אַיין וֶועלְט מַאן , עֶס הָאט צוּ אִיהם גִיהֶערְט דִיא רַבָּנֵי שְׁטִיבֶּעל פוּן זַיין שְׁוֶוער׳ס קֶבֶר , נוּן וַואר עֶר אַיין אָבֶּעוואטֶעל עֶר וַואר וִוירְקְלִיךְ אַיין דְרַייא קָאפְּף , אָבֶּער נִישְׁט וִויא דֶער מוֹיצִיטֶער . דֶען דֶער מוֹיצִיטֶער הָאט מִיט זַיינֶע פַאלְשֶׁע תּוֹרָה פַאר דְרַייט דֶעם קָאפּ זִיךְ אַלֵיין אוּנ אַמָאהל אוֹיךְ דֶעם אַנְדֶערִין , אָבֶּער דֶער ר׳ שעפסיל עֶר הָאט נָאר פַאר דְרַייט דֶעם קָאפּ דֶעם אַנְדֶערִין אָבֶּער זִיךְ גָאר נִיט , אוּנ וִויא עֶר הָאט גִיהַאט אַיין אָפִּינֶעם קָאפּ אַזוֹ הָאט עֶר גִיהַאט אָפִּינֶע מֶערִידֶען אוּנ אַיין אָפִּינֶע הַאנְד צוּא נֶעמִין לַאפְּקֶע , נוּן דִיזֶער גְרוֹיסֶער פֶערְהֶערֶער הָאט זִיךְ נִישְׁט גִילָאזְט אַזוֹ לַייכְט פַארְשְׁווִינְדְלֶען פוּן דֶעם מוֹיצִיטֶער , עֶר הָאט זִיךְ מִיט אִיהם גִיהַאקְט בִּיז שְׁפֶּעט אִין דֶער נַאכְט אוּנ חייציקעל פְלֶעגְט זִיךְ אַלֶע מָאהל אַרַיין מִישֶׁען וִויא אַזִינְגֶערִיל וָואס מַאכְט בָּאם נִיט וִויא עֶס פַּאסְט , זַיין גְלִיק אָבֶּער אִיז גִיוֶוען דָאס דֶער ר׳ שעפסיל דִיא מַאגִידִיכֶעם אִיזְט גִיוֶוען אַזוֹ פַאר בְּרֶענְט מִיט דֶעם מוֹיצִיטֶער אִין דֶעם שְׁ׳יקֶעל גְמָרָא דָאס עֶר הָאט גָאר פַאר גֶעסִין אִין חייציקלען אוּנ דָאס וָואלְט גֶעדוֹירְט וִויא לַאנְג וֶוען קוּנֶע זָאל גֶעזוּנד זַיין וָואלְט נִיט דֶער לַאנְגְט צוּם טִישׁ וַויין אוּנ לִיקֶער מִיט

קָאנפֶּעטוּרֶען אוּנ נָאךְ גוּטֶע זַאכֶען , הָאט דָאס אַיין גֶעלָאשֶׁען זַייעֶר הִיצִיקַייט אוּנ זַיינֶען בֵּיידֶע גִיוָוארֶען צְוִוישֶׁען זִיךְ גוּטֶע פְרַיינְד אוּנ חייציקעל הָאט בַּייא אִיהם אוֹיךְ אוֹיס גִינוּמֶען , וַוייל עֶר הָאט גוּט גֶעוואוּסְט אַז עֶר וֶועט אוֹיךְ גוּט אוֹיס נֶעמִין (דִיא שַׁדְכָנִים הָאבִּין אִיהם עֶס פְרִיעֶר גִיזָאגְט) , מֶען קֶען אַנְדֶערְס נִיט זָאגִין הָאט עֶר גִיזָאגְט צוּ דִיא מוּטֶער אַייעֶר חייציקעל אִיז אַוואוּנְדֶערְלִיכֶע כֵּלִי , בַּייא ר׳ שלומצען וֶועט עֶר אַרוֹיס וַואקְסֶען אַיין גָאוֹן עוֹלָם , חייציקעל אִיז גִיוֶוען אַבִּיסֶעל פַאר שְׁוִויצְט אוּנ אַיין בִּיסָעל צוּ שְׂרָאקִין , דָאךְ אָבֶּער פְרַיילִיךְ , אַבִּי אִיבֶּער גִיקוּמֶען הָאט צוּ אִיהר דֶער מוּיצִיטֶער גִיזָאגְט נָאךְ דֶעם , עֶס אִיז אַיין גוּטֶע שְׁטִיקֶעל סְחוֹרָה אִיךְ הָאבּ מַיינֶע כּוֹחוֹת אָנְגֶעוָוארִין בִּיז אִיךְ הָאבּ אִיהם אִיבֶּער גִירֶעט , עֶר שְׁטַארְבְּט נָאר מַמָשׁ פַאר דֶעם אִינְגֶעל יֶעצְט וֶועט שׁוֹין זַיין מִיט מַזָל תְּנָאִים :

וכן היה , אוּנ אַזוֹ אִיז גִיוֶועזִין , צוּ מָארְגִין הָאט ר׳ שמעריל גִימַאכְט אַיין שַׁארְפֶע תְּנָאִים , עֶס זַיינֶען גִיוֶוען אַיין גֶעלַאדִין דִיא גְרֶעסְטֶע לַייט , פַאר גוּטֶע פְרַיינְד הָאט מֶען גִימַאכְט אַיין שְׁרֶעקְלִיכֶען מָאהלְצַייט , דֶער בַּעַל כּוֹחַ הָאט בַּאקוּמֶען צֶעהן דוּקַאטֶען לְבַד קְלֵיינֶע מַתָּנוֹת , דִיא שַׁדְכָנִים הָאבִּין גִיחַאפְּט פוּפְצִיג רֶענְדְלִיךְ , אוּנ דֶער מוּיצִיטֶער הָאט אוֹיךְ גֶענוּג גִינוּמֶען , אוֹיף אִיבֶּער מָארְגִין אִיז זִיךְ דֶער בַּעַל כּוֹחַ אַוֶועק גִיפָאהרֶען אוּנ הָאט אַוֶועק גֶעפִּירְט מַתָּנוֹת דִיא כַּלָה פַאר וִויא פִיל הוּנְדֶערְט רוּבֶל ,

חייציקעל אין

אִין אַיין חוֹדֶשׁ אַרוּם הָאט מֶען אַיין נְעֶלַיינְט דָאס גֶעלְד מֶעהר ווִיא צְווַייא טוֹיזֶענְד רוּבֶּל, אוּנ חייציקעל הָאט בַּאקוּמֶען אַיין גָאלְדֶענֶעם זֵייגֶער מִיט זִילְבֶּערְנֶע בַּתִּים, אוּנ ר׳ שמעריל מִיט זַיין ווַייבּ ווָאלְטֶען פְרֵיילֶעךְ ווַייל זַייא הָאבִּין שׁוֹין זֵייעֶר קִינְד פַאר זָארְגְט, אוּנ בַּייא דֶעם מוֹיצִיטֶער ווָאר דֶער עֶק נַאנְץ פֶּערְדְריסֶען עֶס אִיז מִיט אִיהם גָאר נִישְׁט גִיוֶועזֶען צוּ רֵיידֶען, עֶר פְלֶעגְט צוּ דֶער צֵיילֶען זַיין נִצָחוֹן ווָאס עֶר הָאט אוֹיס גֶעפִירְט גֶעגִין דֶעם ר שֶׁעפְּסְלִין ווִיא אַיינֶער ווָאס דֶער צֵיילְט עֶפֶּעס פוּן גְבוּרוֹת אוּנ נִפְלָאוֹת:

אָבֶּער דִיזֶע פְרֵיידֶע הָאט נִישְׁט לַאנְג גִידוֹיעֶרְט דֶען דֶער שְׁחִיזֶער מְחוּתָּן אִיז אִין אַפָּאר חֳדָשִׁים אַרוּם גִיווָאר גִיווָארֶען דָאס ר׳ שמע־יל אִיז גָאר אַיין בַּעַל מְלָאכוֹת אַזוֹן אוּנ עֶר אַלֵיין אִיז אוֹיךְ גִיוֶועזֶען אַפַּארְבֶּער. אוּנ דָאס אִיז אִיהם גָאר נִישְׁט אָנְגֶעשְׁמַאקֶען הָאט עֶר אָפּ גִילָאזְט דֶעם שִׁידוּךְ, הָאט דָאס דֶעם ר׳ שמע־לין מִיט זַיין ווַייבּ זֵייעֶר גִיקְרֵיינְט דֶער צוּ הָאט דָאס זֵייא גִיקָאסְט גֶענוּג מִיה אוּנ גֶעלְד בִּיז זֵייא הָאבִּין אָפּ גִינוּמֶען דִיא מַתָּנוֹת אוּנ דִיא שְׁלִישׁוּת, דֶער מוֹיצִיטֶער הָאט גֶעמוּזְט פָאר קֵיין שְׁחִיז אוּנ הָאט גִיהַאט דִין תּוֹרוֹת אוּנ קְלָאפָּאט בִּיז עֶר הָאט אַלֶץ מוֹצִיא גִיוֶועזֶען, נוּן אִיז דֶער מוֹיצִיטֶער נָאךְ מֶעהר תַּקִיף גִיווָארֶען בַּייא זַיינֶע בַּעֲלֵי בַּתִּים זַייא הָאבִּין אִיהם אָרֶענְטְלִיךְ בֶּעצוֹינְט דֶער פַאר בַּאזוּנְדֶער, אוּנ הָאבִּין אִיהם שׁוֹין נִישְׁט גִיווָאלְט פוּן זִיךְ אַוֶועק לָאזִין בִּיז חייציקעל

חייציקעל

חייציקעל ווָעט חֲתוּנָה הָאבּין אִין אַיין גוּטֶען אוֹפָן:

לא ארכו הימים, עֶס הָאט נִישְׁט לַאנְג גִידוֹיעֶרְט אוּנ מֶען הָאט אָנְגִיהוֹיבֶּען גָאר אוֹיף דָאס נַייא חייציקלען צוּ רַיידֶען שִׁידוּכִים אוּנ אִיז ווִידֶער גִיווָארֶען אַיין חָתָן מִיט אַזוֹ אַיין שְׁווֶערֶענִים ווִיא פְרִיעֶר, נוּר דֶער אָפּ לָאזֶען אִיז שׁוֹין גִיוֶוען פִּיל גְרִינגֶער אוּנ אַזוֹ אִיז גִישֶׁעהֶן אַכָאל זֶעקְס אוּנ יֶעדֶער שִׁידוּךְ הָאט אַלְץ גִיקָאסְט שַׁדְכָנוּת אוּנ הוֹצָאוֹת הַתְּנָאִים אוּנ אָפְּט אוֹיךְ נָאךְ קְנַס, אוּנ אָן דֶעם מוֹיצִיטֶער הָאט זִיךְ קֵיין שִׁידוּךְ נִישְׁט אָנגֶעהוֹיבֶּען אוּנ אוּנ נִישְׁט אוּים גִילָאזְט אוּנ אַלְץ נִישְׁט אוּם זוּנְסְט, בִּיז עֶס אִיז גִיקוּמֶען אַיין גְרוֹיסֶער לַאנְד שַׁדְכָן פוּן ווָאלִינֶען אוּנ הָאט גִיבְּרַאכְט אַיין עֶנְדֶע צוּ דִיא צָרוֹת, דֶען עֶר הָאט פָאר גִישְׁלָאגֶען דֶעם ר' שמערלין אַיין שִׁידוּךְ פוּן בְּרָאד מִיט אַיין גֶעווִיסֶען נְגִיד אוּנ אַיין יַחְסָן ר' שִׁמְשׁוֹן סַאנְדֶערגֶער, עֶר הָאט גִיהַאט אַיין מֵיידִיל דִיא יוּנְגְסְטֶע אַיין מוּזִינְקֶע זַייעֶר אַיין שֵׁיינֶע אוּנ אַיין גִילֶערִינְטֶע, הָאט זִיךְ אִיהם גִיווָאלְט אִיהר גֶעבִּין אַיין מַאן אַיין לִיטְווִישֶׁען אִינְגֶעל ווָאס זָאל זַיין אַיין ווָאוֹילֶער אוּנ פוּן בַרייכֶע עֶלְטֶערְן, עֶר מֶעג זַיין אִין יִחוּס נִישְׁט אַזוֹ גִיהוֹיבֶּען, נָאר פוּן אַיין פְרוּם הויז אוּנ דֶער חָתָן זָאל זַיין אַיין מַתְמִיד, דֶען דִיא בְּרָאדֶער אִינְגְלֶעךְ ווַארֶען שׁוֹין אִין יֶענֶער צַייט הַאלְבֶּע דַייטְשֶׁען אוּנ הַאלְבֶּע פְרַאנְצוֹיזֶען אוֹיף דִיא הַיינְטִיגֶע מָאדֶע אוּנ אִיהם הָאט זִיךְ גִיווָאלְט אַיין אַלְט מָאדִישֶׁען אִינְגֶעל, דִיזֶער שַׁדְכָן הָאט דֶעם ר' שִׁמְשׁוֹן פָארְגִישְׁטֶעלְט

דעם חייציקעל פֿאר אַזוֹ אַיין קינד וויא ער ווינשט זיך אַליין מיט אַלע מַעֲלוֹת אוּנ דער פָאטער גיט אויך נַדַן טויזענד דוּקאטען, צוויא חֲדָשִׁים האט גידויערט איידער מען האט זיך צו זַאמען גירעט דורך בְּרִיף, דער ווייל איז דער שַׁאדְכֶן גיזעסין בייא דעם ר׳ שמערלין אין שְׁטוּבּ אויף אַלעם גוטען, קורץ דער פון דער שידוך איז אוֹים געפּירט געוואָרין, עס איז גיקומען אַיין בַּעַל כּחַ פון בְּראָד אוּנ האט פאר הערט דעם חָתָן אוּנ עס האט גע־יקט, דען ער האט גראד מיט איהם גירעט אַזוֹ אַיין ענין וואס ער האט שוין אַמָאהל גילערינט, דער בייא האט דער בַּעַל כּחַ אויך וָואס אַיין גינוּמען, איז ער גאַנץ ווייך גיוואָרען. נון וואר איבער נייעם גְרוֹיסע תְנָאִים דאס דיא שטאט האט געקלונגען, עס האבין איהם פיל נְגִידִים מְקַנֵא גיוועןמיט דעם שידוך:

אויף דיזע תְּנָאִים בין איך שרייבער פון דיזע געשיכטע איך גיוועזן אַיין גילאַדען, דען צוּא ליבּ נישעפּט זאכין בין איך גיוואָרען אַיין אַיינגייער דארט אין שטוּבּ פון עטליכע חֲדָשִׁים, האבּ איך גיהאט איינע גילעגנהייט צו זעהן דארט אויף דעם טיש אַיין שיינעם זילבערנים לייכטער, איך האבּ איהם זייער שטארק בעוואונדערט אוּנ ווייל ער האט אוֹים גיזעהן גאר נייא האבּ איך גע־מיינט דאס מען האט איהם ערשט גיקויפט צו דיא תְּנָאִים האבּ איך ניפרעגט קוגען בייא וועמין ז״א האט גילאזט מאכין דעם לייכטער, דער לייכטער איז שוין אַיין צייט

חייציקעל בייא

בּייא מִיר, הָאט זִיא מִיר גֶעֶנְטְפֶערְט, מַיין מַאן הָאט אִיהם גִיבְּרַאכְט פוּן פְּרַייסֶען נוּר אִיךְ בֶּענוּץ אִיהם מֶעהר נִישְׁט נָאר וֶוען עֶס אִיז בּייא מַיין חייציקעל תְּנָאִים, אוּנ וַוייטֶער קִיין מָאהל נִיט, אִיךְ שָׁאהן אִיהם וַוייל אִיךְ הַאלְט אִיהם אוֹיף דְרָשָׁה גֶעשַׁאנְק צוּ גֶעבִּין מַיין חייציקעל, אִיךְ הָאבּ מִיךְ קוים אַיינְגֶעהַאלְטִין פוּן לַאכֶען

ויהי אוּנ עֶס וַואר אַז דֶער עוֹלָם הָאט אָנְגֶעהוֹיבִּין צוּ גֵיין אַהֵיים, אִיז צוּ מִיר צוּ גִינַאנגֶען דֶער מוֹיצִיטֶער אוּנ הָאט מִיךְ גִיבֶּעטִין אִין ר׳ שמעריל׳ס נָאמִין דָאס אִיךְ זָאל נָאךְ אַיין קְלֵיינֶע וַויילֶע בְּלַייבֶּען, הָאבּ אִיךְ גֶעמֵיינְט פִילַייכְט וִויל מֶען מִיךְ דָא דֶער הַאלְטִין אוֹיף אַיין גוּט גְלֶעזֶעלֶע מַשְׁקֶה הָאבּ אִיךְ גֶעוואַרְט, וִויא אַלֶע זֶענִין שׁוֹין אַוֶועק גִינַאנְגֶען אִיז צוּ מִיר צוּ גִינַאנְגֶען ר שמעריל מִיט דֶעם מוֹיצִיטֶער אוּנ הָאבִּין מִיךְ גִיבֶּעטִין אַז אִיךְ זָאל מַאכִין אַיין לְשׁוֹן הַקוֹדֶשׁ בְּרִיף דֶעם מְחוּתָּן אִין דֶעם חָתָנְס נָאמִין אוּנ אִיךְ וָואס אִיךְ הָאבּ גוּט גֶעוואוּכְט וָואס פַאר אַיין טוֹיגֶע נִיכְטְס עֶר אִיז דֶער תַּלְמִיד מִיט דֶעם רֶבִּין צוּ זַאמֶען, אִיךְ הָאבּ מִיךְ גִימַאכְט נָאר נִישְׁט וִויסֶענְדִיג אוּנ הָאבּ גִיזָאגְט צוּ דֶעם מוֹיצִיטָער אוּנ אִיהר אַלֵיין זַייט קְלֵיין אַיין בְּרִיף צוּ שְׁרַייבֶּען. פַאר שְׁטֵייט אִיהר כִיךְ, הָאט עֶר אָפּ גֶיעֶנְטְפֶערְט רוֹיט וֶוערֶענְדִיג, אִיךְ בִּין דָאךְ עֶפֶּעס פוּן דִיא לִיטְוִוישֶׁע עְלוּיִם וָואס (תורתם אומנתם), וָואס פַאר נֶעמִין זִיךְ נָאר מִיט לֶערְנִין אַלֵיין, בּייא אוּנְז אִיז חֲרִיפוּת אַיין בַּאזוּנְדֶערֶע זַאךְ אוּנ שְׁרייבֶּעכְץ אַיין בַּאזוּנְדֶערֶע זַאךְ,

חייציקעל אִיךְ

איך וָואלט אויך מֶעהר נִיט הָאבִּין וָואס צו טָאן נָאר צו פַאר נֶעמִין זִיךְ וִויא אַקְלֵיין אִינְגֶעל מִיט טֶענְטֶעלֶערַייא, איין שֵׁיינֶער מַשָּׂא וּמַתָּן וואָלְט עֶס גִיוֶוען פַאר מִיר איךְ וָואלְט טַאקֶע אַרוֹיס גֶעוַואקְסִין אַיין רֶעכְטֶער מֶענְשׁ. נון הָאבּ אִיךְ גִיזָאגְט אִיךְ וֵויים נָאךְ אַצוּנְד אויךְ נִיט אַז שְׁרַייבֶּען קֶענְט אִיהר גָאר נִיט אִין וָואס דֶעז בֶּעשְׁטֵייט אַייֶערֶע רֶעכְטֶע מֶענְשְׁלִיכְקַייט, אִיךְ מֵיין אַז לֶערְנִין קֶענט אִיהר אויךְ נִיט אִיהר ווייסְט נִיט קֵיין פָּסוּק, קֵיין דִקְדוּק, קֵיין מֶדְרָשׁ. דָא אִיז דֶער מוּיצִיטֶער אִיז כַּעַס גִיוָוארֶען אונ הָאט זִיךְ אָפּ גִירוּפֶען, אָט הֵייבְּט זִיךְ אָן מִיט אַהַיינְט וֶועלְטִינֶען אַיין שֵׁיינֶער לִימוּד עֶשְׂרִים וְאַרְבַּע, עֶפֶּעס חֲרִיפוּת אִיז דָארְט דָא, אַיין נַייֶער לְ-וּד, בְּשַׁעַת מֶען לֶערְינְט גמָרָא אונ עֶס וֶוערְט דֶער מָאנט אַיין פָּסוּק קוּקְט מֶען זִיךְ אַיין אִין חוּמֶשׁ אָדֶער אִין עֶשְׂרִים וְאַרְבַּע, אויךְ מִיר אַזַאךְ אונ וָואס הַאקְט אִיהר מִיר אָן אַקָאפּ מִיט דִקְדוּק, אִיךְ הַאלְט מִיט דִיא וָואס זָאגִין אַז דִקְדוּק בְּרֶענְגְט נוּר צוא מִדַּת נִיאוּף אונ וָואס אִיהר זָאגט מִיר עֶפֶּעס פוּן מֶדְרָשׁ, אִיז דָאס גלַאט צוא לַאכֶען פוּן אַייךְ, אִיהר וִוילְט מַאכֶען פוּן מִיר עֶפֶּעס אַיין בַּעַל דַּרְשָׁער, אָט זַייט אַיין בְּרִיָה אונ פַאר הֶערְט אַייךְ מִיט מִיר אִין הַארְבֶּע שְׁטִיקֶלֶעךְ גְמָרָא וֶועט אִיהר נִישְׁט וִויסֶען וואו אַייֶער גֶעבֵּיין וֶועט אַהֵין קוּמֶען. הָאבּ אִיךְ צו אִיהם גִיזָאגְט, אָבֶּער דֶער תַּכְלִית פוּן גְמָרָא לֶערְנִין אִיז דָאךְ אוּם אַיין דִין צו וִויסֶען, צו וֵוייסְט אִיהר דֶער פוּן וָואס אַיין הָאר אִיז וֶוערט, אַיין בֶּעוַוייז הָאבּ אִיךְ שׁוֹין דֶער פוּן אַלֵין דָאס אִיהר ווִילְט

חייציקעל נעסין

נֶעמִין אַיין יוּנְגֶעז אִינְגֶעל אוּנ פַאר דְרַייעֶן אִיהם מִיט אַיין וַוייבּ, אַיין אִינְגֶעל וָואס אִיז אָן תּוֹרָה אָן חָכְמָה אוּנ אָן אַיין מְלָאכָה אוּנ וַוייס נִיט מִיט וָואס אַוַוייבּ מְפַרְנֵס צוּ זַיין, וָואס דָאס אִיז דֶער וִוידֶער אַיין בְּפֵירוּשִׁין דִ׳ן אִין רמב"ם, דֶעו עֶר זָאגְט דָאךְ אִין סֵפֶר יַד הַחֲזָקָה דָאס אַזוֹ אַיין פִירוּנְג טוּהֶען נוּר דִיא נַארִין צוּ נֶעמִין פְרִיעֶר אַוַוייבּ אֵיידֶער מֶען וַוייס נָאךְ מִיט וָואס אַוַוייבּ מְפַרְנֵס צוּ זַיין. אַזֶעלְכֶע זַייטִיגֶע דִינִים הָאט דֶער מוֹיצִיטֶער גִיזָאגְט, קוּקֶען נִיט אַזֶעלְכֶע לַייט ווִיא מיר זַיינֶען אוּנ נַייעֶ חוּקִים וֶועט אִיהר בַּייא אוּנְז נִישְׁט מַאכִין, פְּטוּר קָאנְט אִיהר אַיין לַמְדָן אַפְּרַאנְצוּיזִיל עֶר וַוייס פוּן אַלֶע נוּטֶע דִינִים, קוּרְץ דֶער פוּן אִיךְ הָאבּ נִיט גִיוָואלְט מִיט אִיהם אַרַיין גֵיין אִין וַוייטֶע וִיכּוּחִים, אִיךְ הָאבּ אִיהם גִימַאכְט דֶעם בְּרִיף אוּנ הָאבּ אִיהם אִיבֶּער גֶעלַיינְט פַאר זַייא, עֶס הָאט אִיהם אָבֶּער קֵיינֶער נִישְׁט פַאר שְׁטַאנֶען, נִישְׁט דֶער מוֹיצִיטֶער נִישְׁט הייציקעל אוּנ נִיט דֶער פָאטֶער. נָאךְ דֶעם הָאט מֶען דִיא גַאנְצֶע נַאכְט גֶעשְׁוִועכְט, הייציקעל אִיז גִיוֶועז אִין זֶעכְצֶעהְנְטֶען יָאהר אָן שֵׂכֶל אָן גֶעזוּנד אָן יִרְאַת שָׁמַיִם אָן דֶרֶךְ אֶרֶץ אָז תּוֹרָה אָן חָכְמָה אָן מוּסָר אָן אַיין פֶּעדֶער מִיט אַיין בְּיַאס פֶּענִימִיל, דֶען פוּן עֶרֶעפְּטִין יָאהר אָן הָאט עֶר שׁוֹין אַלְץ גִידֶענְקְט פוּן אַיין וַוייבּ אוּנ דָאס שַׁאדֶעט זֵייעֶר צוּ דֶער גֶעזוּנְדְהַייט וִויא אוּנְזֶער גְמָרָא זָאגְט (הרהורי עבירה קשה מעבירה גופא), דָאס דֵייגְקֶען אוּנ טְרַאכְטֶען פוּן דִיזֶען שֶׁענְדְלִיכֶען עִנְיָן שַׁאדֶעט פִיל מֶעהר וִויא דִיא עֲבֵירָה זֶעלְבְּסְט, אַ אִיהר טַאטֶעס

חייציקעל אונ

אונ מאמעס היט אייערע יונגע קינדער דאס זייא זאלין פון דעם עיניין ניט געוואר ווערין, וואס איז זייער געפערליך צום גוף אונ צום נפש וואס פאר צערט דעם כערפער אונ שמוצט איין דיא זיילע אזו גיך וויא איין פונק פייער פארצערט איין גאנצען קאסטען פולווער. דאריבער צוא שרייבען איז הונדערט בויגען פאפיר אויך ווייניג, נור פאר דעם קלוגען איז גענוג מיט איין וואונק אונ פאר א־אר איז טויזענד בויגען פאפיר אויך ווייניג, נון לאמיר צוריק גיין צו אונזער געשיכטע:

ובין כה וכה, אונ דער וייל וויא אונזער ר' שמעריל האט זיך אלץ דא גימאחותענט אונ האט אלץ מקבל נחת גיוועזן פון זיין הויקער אונ פון דעם מויציטער וואס ער האט איהם קרימער גימאכט פאר זיין קאפ האט דיא צייט דאס רעדיל אביסעל איבער געדרייט אונ דיא גישעפטען פון אונזער ר' שמערלין זיינען גיוואָרען פלאכע, דען ער האט גיהאט צווייא שלעכטע יאהרען, דיא שידוכים האבין בייא איהם אויך ארויס גישלעפט איין האלבין קאפיטאל אונ דאך וואר ער נאך פאר בלענדט אונ האט גיזעהען מיט אלע מעגליכקייט זיין גרייז אויס צו פירען אונ האט זיך נאך מעהר בדלות גישטעלט מיט דער חתונה, דען ער האט דאך געמוזט פארען קיין בראד אונ עס איז אויס גיקומען דער זמן חתונה אין חשון וואס דיא וועג איז דאמאלס זייער שלעכט, האט ער געמוזט דינגען צווייא בריקעס צו פיר פערד, מען האט אן געבאקען אונ אן

גִיפְּרֶעגִילְט גַאנְצֶע קַאסְטֶעגְס, מֶען הָאט גִימַאכְט גְרוֹיסֶע מָאלְצַייטֶען בֶּעפָאר מֶען אִיז אַוֶועק גִיפָארֶען, מֶען הָאט אַרַיין גִילֵייגְט אִין בּוֹיד אַיין בֶּעטזַאק מִיט קְלֵיידֶער פַאר דֶעם חָתָן וָואס הָאט גֶעקָאכְט מֶעהר וִויא טוֹיזֶענְד רוּבֶּל, גִיפָארֶען אִיז ר׳ שמעריל מִיט זַיין וַוייבּ מִיט צְוֵוייא טֶעכְטֶער מֵיידְלֶעךְ, דֶער חָתָן מִיט דֶעם מוֹיצִיטֶער אַיין בַּאהֶעלְפֶער אַיין קֶעכִין, אַיין דִינסט, אַיין יוּנְג, אוּנ אַפָּאר נְגִידֶעשֶׁע יוּנְגֶע לַייט מִיט זַייעֶרֶע וַוייבֶּער, מִיט אַבַּדְחָן פוּן לִינָאוֶוע וָואס עֶר הָאט גִיהַאט אַשֵׁם. דִיא וֶועג וַואר זֵייעֶר שְׁלֶעכְט דֶער יַקְרוּת וַואר גְרוֹיס, דִיא רַייזֶע וָואס וַואר מֶעהר אַלְס הוּנְדֶערְט אוּנ צְוַואנְצִיג מַייל הָאט גֶעדוֹיעֶרְט אַוָואךְ דְרַייא פָארֶענֶדִיק הָאט דֶער מוֹיצִיטֶער גֶעהַזֶרְט מִיט חייציקעלן דִיא דְרָשׁוֹת דִיא פְּשֶׁעטְלִיךְ, חייציקעל הָאט דָארְט גִידַארְפְט בְּלַייבֶּען אוֹיף קֶעסְט, אוּנ דֶער מוֹיצִיטֶער הָאט זִיךְ שׁוֹין גֶערִיכְט דָארְט צוּ בְּלַייבֶּען זַיינֶער אַיין רֶבִּי, נוּן הָאט עֶר שׁוֹין פַאר זִיךְ אַלַיין אוֹיךְ אָנְגֶעגְרֵייט פִיל פְּשָׁטִים, דִיא רַייזֶע הָאט גֶעקָאסְט פִיל גֶעלְד אוּנ גֶעזוּנְד, קוּמֶענְדִיג אַהִין הָאט חייציקעל אוֹיס גִיזֶעהֶן וִויא אַמוֹיז אִין סְמֶעטֶענֶע אוּנ עֶרשְׁט דָארְט הָאט אָן גִיהוֹיבֶּען צוּ פְלִיהֶען רֶענְדְלִיךְ וִויא שְׁפֶּענְדְלִיךְ, דֶען זֵייא הָאבִּין דָארְט בַּייא דֶעם מְחוּתָּן גִיפוּנֶען אַיין רֵיינֶע הוֹיז אוּנ זֵייעֶר אֵיידֶעלֶע מֶענְשֶׁן, ר׳ שמעריל מִיט זַיינֶע גֶעסְט זַיינֶען בַּייא זִיךְ זֵייעֶר אַרָאפּ גִיפַאלֶען וִויא זֵייא הָאבִּין דֶער זֶעהְן דָארְטִין וָואס פַאר אַפַּיינֶע זִין אוּנ אֵיידֶעמְס דֶער ר׳ שמשון הָאט גִיהַאט גְרוֹיסֶע מוּפְלָגִים מוּשְׁלָמִים אוּנ חֲכָמִים, דִיא כַּלָּה וַואר

חייציקעל זייער

וַייעֶר שֵׁיין אוּנ קְלוּג אוּנ זַייעֶר גֶעבִּילְדֶעט אוּנ דֶער צוּ שֵׁיין גֶעוִויקְכִיק, דָאס חייציקעל הָאט אוֹיס גִיזֶעהֶען קֶעגִין אִיהר וְויא אַיין קְלֵיינֶער אַפֶּע קֶעגִין אַיין מֶענְשׁ, עֶס הָאט מֶעהר גִיפַּאכְּט פַאר אִיהם דָארְטִין טֶעג צוּ עֶסֶען אַלְס אַיין אֵיידֶעם צוּא זַיין, עֶס פַאר שְׁטֵייט זִיךְ פוּן זֶעלְבְּסְט אַז עֶר אִיז דָארְט בַּאלְד נִישְׁט גִיפֶעלֶען. דֶער ר׳ שִׁמְשׁוֹן אָבֶּער אִיז גִיוֶועזִ זַייעֶר אַיין פְרוּמֶער יוּד אוּנ אַיין גְרוֹיסֶער צַדִיק הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַיין צוּ רֵיידֶען דִיא טָאכְטֶער אַז זִיא זָאל אִיהם דָאךְ לִיבֶּען, עֶר אִיז אֲפִילוּ אַשְׁצוּפְּלֶער הָאט עֶר צוּ אִיהר גֶעזָאגְט עֶר אִיז אַיין כְּלַאסֶער, עֶר אִיז אָבֶּער אַיין יְלוּי, זַיין תּוֹרָה וֶועט דִיךְ בֶּעקְרֵיינֶען אוּנ בֶּעשֵׁיינֶען, נִישְׁט קָשָׁה בַּייא אוּנְז אִין שְׁטוּב וֶועט עֶר וֶוערִין אַמֶענְשׁ זַיין אוֹיס גֶעוֵוייכְטֶער פָּנִים וַוייזְט אוֹיס אַז עֶר מוּז זַיין אַיין גְרוֹיסֶער מַתְמִיד אוּנ תּוֹרָה אִיז דָאךְ דִיא בֶּעסְטֶע סְחוֹרָה. דִיא כַּלָה אִיז דָאךְ גִיוֶועזֶן אַיין גַאנְץ פְרוּמֶע טָאכְטֶער הָאט זִיא גֶעפָאלְגְט דֶעם פָאטֶער אוּנ הָאט פַאר לִיבּ אָנְגֶענוּמֶען וָואס נִישְׁט לִיבּ אִיז, דִיא זִין אוּנ דִיא אֵיידֶעמְס דִיא טֶעכְטֶער מִיט דִיא שְׁנִיר הָאבִּין גֶעוָואלְט דֶעם אַלְטֶען אוֹיף עֶסֶען, דָאךְ אָבֶּער דֶער אַלְטֶער אִיז גֶעבְּלִיבֶּען בַּייא דָאס זַיינִיגֶע. וַוייל עֶר הָאט קֵיין מוֹטְה גִיהַאט אָפּ צוּ לָאזֶען דֶעם שִׁידוּךְ אוּנ מְבַייֵשׁ צוּ זַיין דֶעם ר׳ שמערלין מִיט זַיין פַאמִילְיֶע וָואס זֵייא זֶענִין גִיקוּמֶען אַזוֹ אַיין וַוייטֶען וֶועג אוּנ הָאבִּין זִיךְ מַרְבֶּה הוֹצָאָה גִיוֶועזֶן דֶער צוּ הָאט דֶער ר׳ שמעריל גֶעשָׁאטִין מִיט גֶעלְד אִין דִיא הֶענְד פוּן דִיא דִינֶער שַׁאפְּט וָואס וַואֶרען דָארְט אוּנ יֶעדֶער

חייציקעל האט

האט דער ציילט פון חייציקלען איין אנדערע חכמה.
אויך האט אונזער ר' שמעריל אין בראד געקויפט זייער פיל פעריל אונ האט דער מיט באהאנגען דיא האלדז פון דער כלה, דען ער האט גוט פאר שטאנען דאס ער האט מיט חייציקלען איין צו גרויסען טריט געמאכט:

קורץ דער פון דער ר' שמעריל האט אן גיווענדעט אלע מעגליכקייט צוא מאכין אז גליקליך זיך אונ זיין ווייב אונ זיין זון, דאס הייסט מיט דעם אז דער שידוך זאל בלייבען שידוך, דען דורך דיא גרויסע מתנות אונ גרויסע נדבות וואס ער האט דארט גיגעבין האט ער זיך גימאכט איין שם אין בראד פאר איין גרויסען גביר אונ האט אים געפירט זיין פאר לאנג אונ אין עטליכע טעג ארום איז גיווען דיא חתונה, דער חתן האט גיזאגט אפאר דרשות עס איז האלב גיפעלען אונ האלב נישט גיפעלען, נאר בלייבט נאר מקח בלייבט מקח, האלט זיך מיט דער דורע, דעי עס איז שוין נאך דער סעודה, אטאג צעהן איז דער ר' שמעריל געבליבען אין בראד נאך דער החתונה כדי צו זיין דער ביי ביז חייציקעל זאל גיוואוינט ווערין מיט דער כלה אונ מיט דיא הויז לייט, דער וייל האט דער מויציטער גיהאט איין גוטע גילעגנ־הייט בעקאנט צו ווערין מיט דעם ר' שמשון אין לערנען, אונ דער ר' שמשון האט שוין ארויס גיזעהן דאס דער מויציטער קען גאר נישט לערנין, נאר אין קאפ דרייט זיך איהם עפעס, ער איז פלומערשט איין הריין, אבער

אין גאנצען איז ער פוסטע אונ ווייסט ניט קיין פסוק קיין רמב"ם אונ קען נישט קיין איינציגע מסכתא אונ ווער רעט שוין פון אַזעלכע לימוד פון אַיין מדרש פון אַיין פסוק פון דקדוק. אונ דער מוציטער האט ווידער פאר קערט גיזעהן אז דער ר' שמשון איז איין מופלג גדול מיט איין גרויסען קאפ אין לערנען אונ דער צו נאך איין גרויסער חכם אין אנדערע חכמות אונ מיט גוטע מדות, איז דער מוציטער ביי זיך זייער אראפ גיפאלען. דען ער האט זייער גוט פאר שטאנען וויא ער זעהט אוים ביי דעם בחורים אונ פשיטא שוין ביי דיא איידעמס וואס וואַרען גרויסע לומדים אונ גרויסע מושלמים זייא האבין איהם גיהאלטען נור פאר אַיין אַלטען אינגעל וואס ער איז גיזעסין ביי דעם טיש אונ האט נור גיהערט וויא מען לערינט:

נון האט זיך דער מוציטער אנגעהויבען מיט זייא צוא באקין אין לערנען מיט פוסטע דבורים אונ מיט געשרייא. האט איהם איינער פון זייא גיפרעגט, האט איהר דען ניט גינוג גיט בעקומען פאר זיך איין רבין אין מוציט וואס איהר זייט גיוואָרען איין מלמד אין ליגאוועס. דיזע ווערטער וואַרען וויא איין שפיז אין דעם הארץ פון אונזער ר' שמערלין, דען ער האט שוין דער פון גוט פאר שטאנען וויא הייציקעל אליין וועט דא האבין איין פנים ביי זייא אז זייא וועלין זיך פאר אנאנדער ריידען מיט איהם אין לערנין, קורץ דער פון דער מוציטער

איז דארט אויך קלאר געוואָרען וואס מען רופט אלמן און ווער עס ווערט אהן גיהופען איין רעכטער מענש, ער האט דארט אויס גיזעהן יא איין שווארץ יאהר, ער האט שוין נישט געדיינקט מעהר ער זאל דארטען בלייבען נאך, עס וואר איהם דארט איין טאג איאהר, דען ער האט גיזעהן וויא מען שטעלט איהם גאר אצונג ארויס פון הינטען, און אזו האט ער שוין נישט בעסער אויס גיזעהן ביי דעם ר' שמעריל וואס עס האט אין איהם געציטערט דער פופיק וועגן זיין חייציקעל אליין:

אחר ימים עשרה, אין צעהן טעג נאך דער חתונה האט זיך אונזער ר' שמעריל גיזעגענט מיט חייציקען און מיט דיא כלה און מיט דיא מחותנים און האט גילאזען איבער אנייעם גרויסע מתנות דיא שנור און יעדערן באזונדער און האט העכסט באפרידיגט דיא דינערשאפט, און דער מויציטער האט מוסר גיוועזן חייציקלען נאך עטליכע פשעטליך וואס ער זאל דאס געברויכען דיא ערשטע עטליכע וואכען אויף הוצאות נאך זיין אוועק פארען, ער האט איהם אויס געלערינט אויף אזו איין אופן ער זאל זייא זאגן אז עס זאל זייא דארט דאכטען אז יעדער פשעטעל איז איהם ערשט יעצט איין געפאלין און האט איהם אויך איבער גינעבין געוויסע כללים וויא אזו ער זאל זיך מיט זייא אנפערין אין לערנין, איבערהויפט זאל ער זייא אלע מאל זאגן, ניין איך מיין פאר קערט מען קען גאר אנדערש זאגן, ווייל מיט דיזע ווערטער איז

חייציקעל זייער

זייער לייכט יענעם צוא פאר טומלען, דאס יענער זאל אנהייבען צוא טראכטען איבער דעם קאפ און זאל אליין פאלען איבער איין קרומע זאך און מיט אזו איין אופן פלעגט ער אפט צו פערדרייען דעם גרעסטען מענש, אבער חייציקעל וואר ניט אזו פיפיג וויא ער און האט דיזען כלל זייער שלעכט אלע מאהל אן גיווענדעט וויא מיר וועלין דא באלד דער ציילען:

ויהי און עס וואר וויא זייא האבין זיך גיזעגינט און ר' שמעריל וואס עס האט זיך איהם דאך גיוואלט דאס דער מו"ציטער זאל בלייבען מיט חייציקלען האטשי אויף איין זמן, האט ער געפרובט ריידען מיט דעם ר' שמשון וועגין דעם. ניין האט איהם ר' שמשון גיענטפערט, מיר האבין אין בראד פיל בעסערע מלמדים וואס זייא זיינען ווארע לומדים, חכמים און שרייבערס, זאל ער פארען מיט אייך געזונדערהייט און דא האט ער זיין דרשה געלד; ער האט איהם גישענקט צוואנציג טאלער, און האט דעם ר' שמערלין דער ביי פאר זיכערט אז חייציקעל וועט נאר קיין עקשן נישט זיין און וועט פאלגין, קען ווערין איין מענש פון איהם ביי אונז אין שטוב מיט דער צייט. מיט דיזע ווערטער האט ער ר' שמערלין פשוט מחיה גיוועזן, זייא האבין זיך געקושט און ר' שמעריל מיט זיינע מענשין זיינען אוועק גיפארען לשלום אהיים, און דער מו"ציטער אויך מיט זייא אבער זייער אונמוטהיג וויא איין נאסער האן, אגאנצען וועג וואר ער ביי דעם

חייציקעל

ר' שמערלין מִיט זַיין וַוייב צוּ לַאסְט, וְויא אַיין אוּם צוּא פְרִידִינְגֶער גַאכְט אוּנ הָאבִּין גִיזֶעהְן לוֹיז צוּ וֶוערִין פוּן אִיהם מִיט דִיא עֶרְשְׁטְע אוּנ בֶּעסְטֶע גִילֶעגֶענְהַייט, דֶען וויא זַייא זַיינֶען גִיקוּמֶען אַרוּם לָאהִישֶׁע הָאבִּין זַייא אִיהם אַרוּנטער גֶעלָאזִין, אוּנ דָארְטִין הָאט זִיךְ אִיהם גֶעטְרָאפִין אַיין פַּארְהֶערֶענִים, זַיינֶען זַייא פוּן אִיהם פָּטוּר גִיוָוארֶען:

אוּנ דֶער ר' שמעריל מִיט זַיין וַוייב זַיינֶען גיפָארֶען אַהֵיים הַאלְבּ פְרֵייליךְ הַאלְבּ פַאר זָארְגְט, אַיין וַוייל֞ע הָאט זִיךְ זַייא גֶעדוּכְט דָאס זַייא הָאבִּין שׁוֹין זַייעֶר קִינְד גוּט פַארְזָארְגט אוּנ עס וֶועט אִיהם דָארְטִין זַייעֶר גוּט זַיין, אוּנ אַיין וַויילֶע הָאבִּין זַייא פַאר קֶערְט גֶעדֵיינְקְט דָאס עֶר וֶועט דָארְטִין קַיין קִיוּם הָאבִּין, אַזוֹי הָאבִּין זַייא זִיךְ אַיין גַאנְצֶען וֶועג אַלְץ גֶעשְׁלָאגִין מִיט דִיא גֶעדַאנְקֶען, אוּנ זַיינֶען שִׁיעוּר מְשׁוּגֶע גִיוָוארֶען טְרַאכְטֶענְדִיג, דָאךְ פַאר מֶענשִׁין-הָאט מֶען גֶעוִויזֶען אַיין פְרֵייליךְ פָּנִים, מֶען אִיז נָאךְ אַרָאפּ גִיפָארֶען פוּן וֶועג צוּא זֶעהְן זִיךְ מִיט וַוייטֶע קְרוֹבִים רַייכֶע אוּנ זַייא צוּא דֶער צֵיילֶען מִיט וֶועמִין זַייא הָאבִּין גֶעטָאן, מֶען הָאט דָארְכִין אוֹיף דָאס בַּייע גֶעהוֹלִיט אוּנ דִיא רֶענְדְלִיךְ זַיינֶען גֶעפְלוֹיגֶען וְויא שְׁפֶּענְדְלִיךְ, דֶער בַּייא אִיז גִיוֶוען זַייעֶר אַיין שְׁלֶעכְטֶער וֶועג, זַייא הָאבִּין זִיךְ גִישְׁלֶעפְּט צוּ פִיר פִינְף מַייל אַיין טָאג דֶען זַייא זַיינֶען גִיפָארֶען זַייעֶר שְׁוֶוער מִיט גְרוֹיסֶע מַשָׂאוֹת קַאסְטֶענְס מִיט זַאכֶען, אוּנ דֶער בַּייא צֶעהְן פַאסֶעזִירֶען, עֶס הָאט דִיא בייזֶע גֶעדוֹיעֶרְט צוּרִיק אַזוֹי אךְ זִיבֶּען אַכְט:

חייצקעל קורץ

קוּרץ דֶער פוּן זַייא זַיינֶען גִיקוּמֶען קֵיין לִינָאוָוע צְוֶועלְף
בַּייא נַאכְט, זַייעֶר מִיד, אוּנ בַּייא דִיא רַאנַאנְקֶעס
הָאבִּין דִיא שְׁטְרַאזְנִיקֶעס זַייא גִיגֶעבִּין מַזָל טוֹב אוּנ זַייא
הָאבִּין זַייא גֶעטֵיילְט לֶעקֶעך אוּנ בְּרָאנְפֶען אוּנ הָאבִּין זַייא
דֶער צֵיילְט דִיא גְרוֹיסְקַייט פוּן דֶעם שִׁידוּךְ, אָבֶער דִיא
שְׁטְרַאזְנִיקֶעס הָאבִּין זִיךְ קוֹים אַיינְגֶעהַאלְטִין פַאר לַאכֶען,
דֶען עֶס אִיז גִיוֶוען פוּן וָואס צוּ לַאכֶען וִויא דוּא וֶועסְט
בַּאלְד זֶעלְבְּסְט זֶעהְן, נוּן אִיז ר׳ שמעריל מִיט זַיינֶע לַייט
אַרוֹיף גִיפָארֶען צוּ זִיךְ אוֹיף דֶעם הוֹיף, אוּנ הָאבִּין נִידַאנְקְט
אוּנ גֶעלוֹיבְּט אַז זַייא הָאבִּין זַייעֶרֶע בֵּיינֶער גִיבְּרַאכְט אַהֵיים
וַוייל דֶער וֶועג וַואר זַייעֶר שְׁלֶעכְט צוּ פָארֶען נִישְׁט מִיט
רֶעדֶער אוּנ נִישְׁט מִיט שְׁלִיטֶענְס:

וימצאו זַייא הָאבִּין אָבֶער גִיפוּנֶען דִיא טִירֶען מִיט דִיא
לָאדֶען בַּייא זִיךְ אִין גַאנְצֶען פַאר הַאקְט, הָאט
ר׳ שמעריל אַלֵיין אָן גֶעקְלַאפְּט אִין טִיר אֵיין מָאל אוּנ
צְווַייא מָאל, בִּיז עֶס הָאט זִיךְ אָפּ גֶערוּפִין עֶפֶּעס אַיין
קִינְדֶערְשֶׁע בֶּעקַאנְטֶער קוֹל, וֶוער קְלַאפְּט דָאס אִין הַאלְבֶּע
נַאכְט:

מִיר זַיינֶען שׁוֹין גִיקוּמֶען פוּן דֶער חֲתוּנָה, הָאט קוּנה גֶע-
עֶנְטְפֶערְט מִיט אֵיין צוּ שְׁרָאקֶענֶע שְׁטִימֶע:

אַיין שֵׁיינֶער שׁוֹין, הָאט זִיךְ אָפּ גֶערוּפִין יֶענֶער קִינְדִישֶׁער
קוֹל, אִיךְ הָאבּ גֶעמֵיינְט דָאס אִיהר זַייט אַלֶע אוֹיס
גֶעשְׁטָארְבִּין, מֶען זָאל זִיךְ אַזוֹ פִיל זַאמֶען:
וֶוער אִיז דָאס עֶפֶּעס דָארְט פַאר אֵיינֶער וָואס חָכְמֶעט זִיךְ
חייציקעל מיט

מִיט אוּנְז, הָאט זִיךְ אָפּ גֶערוּפִין ר' שמעריל וויא אַיין צוּמִיטְטֶער, דֶען דָאס הַארְץ פוּן אַיין מֶענְשִׁין אִיז אַיין זַייגֶער, עֶפֶּענְט גֶעשְׁווינְט מִיר זַיינֶען פַאר פְּרַארֶען:

פָּטוּר גָאר אַנַיים זַייא דֶער קֶענֶען מִיךְ שׁוֹין גָאר נִיט, הָאט זִיךְ יֶענֶער אָפּ גֶערוּפֶען פוּן שְׁטוּב, צֶעהְן יָאהר הָאט הוֹזֶק גֶעוואוּנְט מִיט זַיין וַוייבּ אוּנ הָאט אִיהר דֶער נָאךְ נִישְׁט דֶער קֶענְט:

דָא אִיז שׁוֹין גִיוָוארֶען ר' שמעריל שְׁטַארְק אִין כַּעַס אוּנ הָאט אַיין קְלַאפּ גֶעטָאן מִיט דֶעם פוּס אִין טִיר אוּנ זָאגְט, וֶועסְט מִיר נִישְׁט זָאגִין אוֹיף דֶער שְׁטֶעל וֶוער דוּ בִּיסְט אוּנ עֶפֶּענֶען גְלֵייךְ דִיא טִיר, אַזוֹ וֶועל אִיךְ הַייסֶען אוֹיף בְּרֶעכִין דִיא טִיר אוּנ דִיךְ בִּינְדֶען לָאזֶען, עֶס מוּז דָא עֶפֶּעס נִישְׁט קַיין גְלַאטֶע זַאךְ זַיין, וויא קוּמְט צוּא מִיר אִין שְׁטוּבּ אַרַיין עֶפֶּעס אַיין יוּנְגַאץ, אִיךְ גִיבּ קַיין צְוַוייא גְרָאשֶׁען דָאס אִינְגֶעל מוּז זַיין פוּן דִיא נַאכְט גַנָבִים עֶר הָאט זִיךְ דָא גֶעוִוים אַרַיין גֶעלָאזְט דוּרְךְ דֶעם קוֹמֶען:

וִויא קוּמְט אַהֶער אַיין אִינְגֶעל, אָח, אָח, הָאט זִיךְ יֶענֶער אָפּ גֶערוּפֶען פוּן שְׁטוּבּ, עֶס אִיז שׁוֹין אַזוֹ גֶעשְׁווינְט פַאר גֶעסֶען גֶעוָוארִין אִין אַזוֹ אַיין נִיכֶע צַייט, נוּא זָאל זִיךְ אַייךְ דוּכְטֶען אַז אִיךְ בִּין חייציקעל אַלֵיין, דָאס אִיז זִיךְ אַבִּיסֶעל גֶעזַאמְט:

אַצָרָה מִיר נִיט גִישֶׁעהֶען, אוֹי אַגְזֵירָה, אַיין חוּרְבָּן, הָאט דִיא מוּטֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּן צוּ שְׁרַייֶען אִיךְ וֶועל דָאס נִיט אוֹיס הַאלְטֶען, אִיךְ בְּלֵייבּ, וָואס אִיז דִיר גִישֶׁעהֶען חַייציקעל

אַיין מַפָּלָה יָוָז לט אִיךְ זִיךְ אוֹיף דִיר רִיכְטֶען , עֶרְשְׁט אַבְט
וָואכֶן נָאךְ דֶער חֲתוּנָה אוּנ שׁוֹין אַנְטְלָאפֶען :

נָאר אַיין נַייַס, אַנטְלָאפֶען , הָאט חייציקעל גִיעֶנְטְפֶערְט
עֶפֶּ דִינ דִיא מִיר, אִיךְ בִּין נִיט אַנְטְלָאפֶען, זַייא
אַלֵיין הָאבֶּין מִיר בֶּעדוּנְגֶען אַיין בְּרִיצְקֶע מִיט דְרַייא פֶערְד
אוּנ הָאבֶּי מִיר גִיהַייסֶען פָארֶען אַהֵיים צוּ אַייךְ :

אָבֶּער צַוֹוִ גִיךְ, הָאט זִיךְ אָפּ גֶערוּפִין דִיא מוּטֶער בְּרֶעכֶענְ־
דִיג דִיא הֶענְד :

וִויא דֶען וִוילְכְטוּ הָאט חייציקעל גִיעֶנְטְפֶערְט, שְׁלֶעפֶּען זִיךְ
פֵּיעֶר מִיט מַשָׂא אַכְט וָואכֶען וְויא אִיהר מִיט
דַארְדֶען אַטֶע פֶערְד, דוּא וָואלְכְט זֶעהֶען מַיין פוּרְמַאנְקֶע
אַפָּאר קַאטֶעס מִיט אַלֵיידִיגֶע בְּרִיצְקֶע, מִיר זַיינֶען גִיפְלוֹיגֶען
כִּמְעַט אִין דֶער לוּפְטֶען :

וואו אִיז דַיינֶע זַאכֶען, הָאט אִיהם דִיא מוּטֶער גִיפְרֶעגְט ,
עֶס הָאט דָאךְ אוּנְז גֶעקָאסְט אַזוֹ פִיל בְּלוּט , אוֹי
אִיךְ בְּלַייב פַאר צָרוֹת :

וָואס דַארְפְּט אִיהר דִיא זַאכֶען , אַבִּי אִיךְ בִּין דָא אַלֵיין ,
הָאט עֶר גִיעֶנְטְפֶערְט אוּנ הָאט זִיךְ פַארְזַאנְדֶער גֶע־
וַויינְט , וָואס צַאפְּט אִיהר מִיר דִיא דָמִים , נִישְׁט קָשֶׁה ,
דִיא זַאכֶען זַיינֶען דָארְט דָא אִין גַאנְצֶען :

ועתה אוּנ יֶעצְט וֶועלִין מִיר דָא לָאזֶען שְׁטַיין חייציקלען
מִיט זַיינֶע גִיקְרֵיינְקְטֶע עֶלְטֶערְין וָואס הָאבִּין זִיךְ
גֶעוואוּנְטְשֶׁען דֶעם טוֹיט אוּנ אִיהם אוֹיךְ, דֶען חוּץ דֶעם וָואס

חייציקעל וייא

זייא זַיינֶען דוּרךְ אִיהם בְּדַלוּת גְיוָוארֶען, וַואר נָאךְ דִיא שַׁאנְדֶע גְרוֹיס אָן אַיין שִׁיעוּר, גוּטֶע פְרַיינְד וֶועלִין צַעַר הָאבִּין אוּנ שׂוֹנְאִים וֶועלִין דֶער פְרֵייט וֶוערִין. לָאמִיר נִישְׁט שְׁטַיין דֶער בַּייא אוּנ זֶעהְן וִויא זַייא גְרֵיזֶען זִיךְ אוֹיף אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערִין, מִיר וֶועלִין בֶּעסֶער זֶעהְן וִויא דִיא זַאכֶע אִיז צוּ גֶינַאנְגֶען מִיט חייציקִ׳ען אַלַיין אִין בְּרָאד, קוֹים זַיינֶען דִיא עֶלְטֶערִין אַווֶעק גֶעפָארִין אוּנ ר׳ שמשון מִיט זַיינֶע קִינְדֶער הָאבִּין זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּין אַרוּם צוּזֶעהֶען אַרוּם חייציקלען אַלַיין, בַּייא דֶעם עֶרְשְׁטִין מָאל רֵיידֶען מִיט אִיהם אִין לֶערְנִין הָאבִּין זַייא שׁוֹין גוּט פַאר שְׁטַאנֶען וִויא דֶער בַּעַל כּוֹחַ הָאט זַייא בֶּעטְרָאגֶען, דֶען זַייא הָאבִּין אִין אִיהם דֶער קֶענְט אַלֶע זַיינֶע הֶכְּרוֹנוֹת אוֹיף אַיין מָאל, אַז עֶר אִיז אָן כּוֹחַ אוּנ אָן אַיין מוֹחַ אוּנ אִיז דֶער צוּ אַיין גֶוויסֶער נַאר אוּנ אַיין עַקְשָׁן, אַלֶע זַיינֶע פְּשֶׁעטְלִיךְ וָואס דֶער מוֹיצִיטֶער הָאט אִיהם אוֹיס גִילֶערִינְט הָאט עֶר זַייא פֶערְנִיצְט אִין אַיין טָאג, עֶר הָאט זַייא אוֹיס גֶעפְּלוֹידֶערְט אַיינֶע נָאךְ דִיא אַנְדֶערֶע, הָאט מֶען גְלַייךְ פַאר־שְׁטַאנֶען אַז דָאס זַיינֶען נוּר אוֹיס גִישְׁטֶעלְטֶע:

אִין אַפָּאוֹ טֶעג אַרוּם הָאט זִיךְ אַיין שְׁוָואגֶער זַיינֶער מִיט אִיהם גֶעאַמְפֶּערְט אִין אַיין שְׁטִיקֶעל גְמָרָא אוּנ חייציקעל הָאט גֶעהִיט דֶעם כְּלַל וָואס דֶער מוֹיצִיטֶער הָאט אִיהם אִיבֶּער גֶעלָאזְט, דָאס עֶר זָאל אַלְץ זָאגִין נֵיין, עֶס אִיז נִישְׁט אַזוֹי, אַדְרַבָּה פַאר קֶערְט, הָאט אִיהם דֶער שְׁוָואגֶער גִיזָאגְט, דֶער מהרש״א אָבֶּער מַאכְט דָאךְ אַזוֹי וִויא אִיךְ

זָאג . הָאט חייציקעל אִיהם גְיֶענְטְפֶערְט , נַיין, אַדְרַבָּה דֶער מהרש"א מַאכְט גָאר כַּאר קֶערְט , הָאט זִיךְ דֶער שְׁוָואגֶער אָפּ גֶערוּפֶען , נוּא לָאמִיר אַרָאפּ נֶעמִין דֶעם מהרש"א אוּנ זֶעהֶען . הָאט אִיהם חייציקעל גְיֶענְטְפֶערְט, אַדְרַבָּה לָאז מֶען דֶעם מהרש"א נִישְׁט אַרָאפּ נֶעמִין אוּנ נִישְׁט זֶעהֶן , אִיז גְיוָוארֶען אַגְרוֹיס גִילֶעכְטֶער אוּנ עֶר הָאט גֶעמֵיינְט אַז עֶר הָאט גִיזָאגְט אַגְרוֹיסֶע חָכְמָה דַאדוּרְךְ לַאכְט מֶען :

אִין אַכְט טָאג אַרוּם הָאט עֶר גִידַארְפְט שְׁרַייבֶּען אַיין בְּרִיף צוּא דֶעם פָאטֶער, הָאט עֶר גִיבֶּעטִין דֶעם נַייֶעם רֶבִּין דָאס עֶר זָאל אִיהם שְׁרַייבֶּען אַיין בְּרִיף, הָאט מֶען אִיהם גֶעוָואלְט לָאזֶען לֶערְנִין שְׁרַייבֶּען , הָאט עֶר נִישְׁט גֶעוָואלְט אוּנ הָאט גִיזָאגְט דֶער מוֹיצִיטֶער הָאט אוֹיךְ נִישְׁט גִיקֶענְט שְׁרַייבֶּען אוּנ הָאט קַיין זַייטִיגֶע זַאךְ נִישְׁט גֶעוואוּסְט. פוּן דֶעסְט וֶועגִין אִיז עֶר גִיוֶוען אַיין רֶעכְטְשַׁאפֶענֶער מֶענְשׁ , אוּנ עֶר הָאט נִישְׁט גִיקֶענְט לַיידֶען וִויא מֶען רֶעט דָארְטִין הַאלְבּ דַייטְשׁ , עֶר פְלֶעגְט דָאס צוּ רוּפֶען פָאנְיֶעסְקֶי , אִין אַיין גֶעזֶעלֶענְשַׁאפְט פְלֶעגְט עֶר צוּ זִיצֶען וִויא אַיין גוֹלֶם , דֶען עֶר הָאט נִיט פַאר שְׁטַאנֶען קַיין וָוארְט וָואס מֶען הָאט גִירֶעט , אוֹיסֶער דֶעם הָאט עֶר נִיט גֶעוואוּסְט צוּגַיין רֵיין אַרוּם זִיךְ , דִיא הָאר שְׁטֶעגְדִיג פוּל מִיט פֶעדֶערִין , אוּנ נִישְׁט אוֹיס גִיקֶעמְט , אוּנ וֶוען עֶר הָאט גִירֶעט הָאט עֶר זִיךְ גֶעשָׁאקֶעלְט אוּנ גֶעקְרַאצְט , אוּנ כַּאר אַיין קְרִיסְט פְלֶעגְט עֶר זִיךְ דֶער שְׁרֶעקִין אוּנ בֶּעהַאלְטִין , בַּייא טִישׁ פְלֶעגְט עֶר אַנְשְׁלָאפֶען וֶוערִין וִויא אַיין קְלֵיינֶער אִינְגֶעל אוּנ

דאָך האָט נאָך דער ר' שמשון גיוואָלט מאַכין פון איהם איין מענש, ער האָט איהם געדונגען איין גוטען מלמד, מיט גוטע לערהער אונ פלעגט איהם אליין מדריך צו זיין ער האָט אָבער אין די ערשטע צוויא וואָכען שוין גוט פערשטאַנען אז עס איז אויף איהם אומזונסט די מיהע מיט די אַרבייט, דער צוא האָט איהם דאס ווייבעל שטאַרק פיינד גיהאט אונ האָט איהם גיהאסט וויא דעם טויט, אין נאָנין ברויט האָט מען איהם גערופין דער פיינע בריה פון לינאָווע, אָדער ר' שמשונס עילוי אונ נאָך אַזעלכע שפּאס נעמין, אַז דאס ווייביל האָט זיך גישעמט צו שטיין אין זיינע פיר איילען:

נון האָבין שוין די איידעמס מיט די זין אָנגעהייבען אַריין צו ריידען אין דעם אַלטען אַז ער זאָל רחמנות האָבין אויף זיין טאָכטער אונ זאָל פון דיזען שוויין קעהעל נעמין גט איידער זיא וועט ווערין מעוברת פון איהם, דער אַלטער האָט אפילו נישט געוואָלט, עס זיינען אָבער צו געשטאַנען צוא איהם גרויסע לייט אונ האָבין איהם איבער גירעדט. אונ ביי חייציקלען האָט מען דאס זייער לייכט געפועלט, די שוועגער האָבין איהם געגעבען איין בריצקע מיט צוויא שיינע פערדלעך, אונ האָבין איהם גיפרעגט חייציקעל ווילסט פאָרען אַהיים, דא איז דא איין וואוילע פור וואס פאָרט ליידיג אונ לויז קיין לינאוו"ע. אונ וויא נאָך האָט ער גיענטפערט. גוט, האָבין זייא גיזאָגט, טאַטע וועסטו אָבער שוין נישט קומען צוריק.

חייציקעל נאָט

נאט אייך אהאנד אז איך וועל יוא צוריק קומען, האט ער זייא געענטפערט. מיר גלויבען דיר אבער נישט, האבין זייא צו איהם געזאגט, מיר ווילען דיך האבין אין דער האנד, דוא זאלסט דיין ווייב געבין גט, אונ ווען דוא וועכסט נישט צוריק קומען אין אפאר חדשים ארום, וועלין מיר איהר אוועק געבין צו איין אנדערין פאר איין ווייב. פטור, האט ער געענטפערט איך וועל נאך אפילו פריער צוריק קומען:

קורץ דער פון דער פורמאן האט צו געטריבען אונ אונזער הייציקעל האט זיין ווייב גיגעבין גט גיך אונ באלד אונ ער האט נישט מיט גענומען קיין שום זאך, דען ער האט זיך גערעכט דאס ער זאל באלד צוריק קומען אונ איז אוועק גיפארען לשלום אהיים אונ ער איז נאך מיט אפאר וואכען גיקומען פריער אהיים וויא זיינע עלטערין פון זיין התונה אונ האט זייא געפעט דיא טיר וויא מיר האבין שוין פריער דער ציילט, אז ער האט זיך אויח זייא געבייזערט, פאר וואס זייא האבין זיך אזוי לאנג געזאמט, אונ האט זייא דער ציילט דאס ער איז שוין איין גרוש אויך:

נון וועלין מיר זיך אומקערין צו הייציקעלס עלטערין וואס זיינען אויסען זינען גיווארען הערענדיג:

ביום ההוא, אין דעם זעלביגען טאג וואס זייא זיינען גיקומען צו פארען פון דער חתונה אונ וואס זייא

הָאבִּין נָאךְ גִירַיְרְפְּט עֶנְטְפֶּערִין הוּנְדֶערְטֶע מֶענְשִׁין מִיט מַזָל זָאלְט אִיהר לֶעבִּין, אוֹיף דֶעם כַּזָל טוֹב וָואס מֶען הָאט זַייא גִיגֶעבִּין, אוּנ אַיין אַנְדֶערִין הָאט מֶען נָאךְ גֶע־דַאַרְפְט מְכַבֵּד זַיין אוֹיךְ, דֶער צוּא הָאבִּין זַייא גֶעמוּסְט שִׁיקֶען אַיין מֶענְשׁ קַיין בְּרָאד אָפּ צוּ נֶעמִין דִיא קְלֵיידֶער, מִיט דִיא מַתָּנוֹת אוּנ דִיא שְׁלִישִׁית אַרוֹיס צוּ נֶעמִין, עֶס הָאט גֶעקָאכְט גֶענוּג מִיה אוּנ הוֹצָאוֹת, אוֹיסֶער חֶרְפּוֹת אוּנ בּוּשׁוֹת, עֶס הָאט דֶער מִיט גֶערוֹישְׁט פוּן לִינָאווע בִּיז בְּרָאד, אוּנ מֶען הָאט דֶעם יוּנְגֶען מַאן אַיין נָאמִין גִיגֶעבִּין חייציקעל אַלֵיין, אוּנ דָאס הָאט ר שמערלין אַרָאפּ גִיזֶעצְט פוּן בְּרָאפּ, עֶר אִיז אַזוֹ קוּרְץ גִיקוּמֶען אַז עֶר הָאט גֶע־מוּסְט אָן זֶעטְצֶען, מִיט דִיא טֶעכְטֶער הָאט עֶר שׁוֹין גִיטָאן שִׁידוּכִים מִיט פְּרָאכְטֶע עֶרְלִיכֶע יוּנְגֶע לַייט, אֵיינֶער וַואר אַיין שְׁרַייבֶּער, דֶער צְוֵייטֶער וַואר אַיין פוּטֶער הֶענְד־לֶער, אוּנ זַייא הָאבִּין זֵייעֶרֶע וַוייבֶּער עֶרְלִיךְ אוּנ אָרֶענְטְלִיךְ עֶרְנֶערְט, אוּנ חייציקעל אָבֶּער אִיז אִיהם גֶעבְּלִיבֶּען אַיין אֵייבִּיגֶער הוֹיקֶער, עֶר הָאט אִיהם נָאךְ אַמָאהל הֶתּוּנָה גִיכַאכְט מִיט אַיין אָרֶעם מֵיידִיל אוּנ הָאט אִיהם גֶענוּמֶען צוּא זִיךְ אוֹיף קֶעכְט :

צְוֵוייא יָאהר נָאךְ דִיזֶער מַפָּלָה הָאט זִיךְ נָאךְ ר' שמעריל גֶערַאנְגֶעלְט אַלְץ מִיט זַיין גְלִיק, עֶס הָאט זִיךְ אִיהם אַלְץ נָאךְ גֶעוָואלְט שְׁפִּילֶען דִיא רָאלֶע פוּן אַיין גְבִיר עֶר אִיז אָבֶּער גִיוָוארֶען אַיין גְרוֹיסֶער יוֹרֵד אַז עֶר הָאט שׁוֹין דִיא אָרֶעמְקַייט גָאר נִיט גֶעקֶענְט בֶּעהַאלְטֶען פוּן דֶעם עוֹלָם, אוּנ עֶרְשְׁט הָאט עֶר חֲרָטָה גִיהַאט וָואס

עֶר הָאט זַיין פַאבְּרִיקֶעל אָפּ גִילָאזְט אוּנ הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען
גֵיין אִין גְדוּלוֹת:

דֶער וַואהרֶער שֵׂכֶל אָבֶּער קוּמְט אַלֶע מָאהל צוּ שְׁפֶּעט וִויא אָפְּט אַיין חָתָן צוּ דֶער כַּלָה, עֶר פְלֶעגְט אִימֶער שִׁילְטֶען דֶעם מוֹיצִיטֶער, דִיא שַׁדְכָנִים, עֶר פְלֶעגְט צוּא גְרוּזֶען דָאס וַוייבּ וָואס זִיא הָאט אִיהם דֶערְצוּ גִירֶעט, עֶר הָאט אִיהר גֶעגְרִיזֶעט בִּיז זִיא אִיז נֶעבֶּעך קְרַאנְק גֶע- וָואהְרִין אוּנ אִיז אַוֶועק פוּן דֶער וֶועלְט פַאר דֶער צַייט, אוּנ עֶר הָאט נָאך אִיהר אוֹיךְ נִישְׁט לַאנְג גִילֶעבְּט, עֶר אִיז נֶעבֶּעך גֶעשְׁטָארְבֶּען אִין הֶקְדֵשׁ. אוּנ חייצִיקֶעל דֶער עִילוּי דֶער בֶּן גְבִיר אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אַיין קַבְּצָן, אַיין נִישְׁט, אַיין נַאר, אָן תּוֹרָה, אָן חָכְמָה, אָן מְלָאכָה אוּנ אַיין מְטוּפֶּעל מִיט קִינְדֶער, פַאר גְרוֹיס רַחֲמָנוּת הָאט מֶען אִיהם גִימַאכְט פַאר אַיין שְׁטְרַאזְנִיק, עֶר הָאט אָבֶּער דֶער צוּ אוֹיךְ נִיט גֶעטוֹיגְט, הָאט עֶר גֶעמוּזְט לֶעבִּין פוּן קִצְבָה, אוּנ אַז דִיא קִינְדֶער פוּן שְׁטָאט הָאבִּין אִיהם גִיזֶעהֶן פְלֶעגִין זַייא אִיהם נָאך שְׁרַייֶען חייצִיקֶעל אַלַיין, חייצִיקֶעל אַלַיין, אוּנ דִיזֶער נָאמֶען אִיז אִיהם גֶעבְּלִיבֶּען בִּיז אִין זַיין טוֹיט:

כֵּן אחרית הכסילים, אַזוֹ אִיז דֶער סוֹף פוּן נַארָאנֶעם וָואס פִירֶען אַיין צוּ גְרוֹיסֶע רָאלֶע אִין דֶער וֶועלְט, וָואס שֶׁעמֶען זִיךְ מִיט זַייעֶר מְלָאכָה אוּנ וִוילֶען זִיךְ פִירֶען וִויא גְבִירִים. נֵיין, שלמה המלך עליו השלום הָאט גִיזָאגְט (טוב איש נקלה ועבד לו ממתכבד ואין כל) עֶס אִיז פִיל גְלַייכֶער צוּ זַיין בַּייא זִיךְ אַיין קְנֶעכְט, אַלְס זִיךְ צוּ הַאלְטֶען גְרוֹיס אוּנ זַיין אָרֶעם אוּנ בְּלוֹיז:

דֶער פָּסוּק זָאגְט אִין קֹהֶלֶת (ראה חיים עם אשה אשר אהבת) דוּ זָאלְסְט זֶעהֶען צוּ לֶעבִּין מִיט דֶער פְרוֹיא וֶועלכֶע דוּ הָאסְט לִיבּ, זָאגְט דַארוֹיף דֶער מֶדְרָשׁ (אמר רבי מ׳שום עדה קדושה קנה לך אומנות עם התורה) דָאס הֵייסְט צוּ דִיא תּוֹרָה וָואס דוּ לִיבּסְט זָאלְסְטוּ דִיר לֶערְנִין אַיין מְלָאכָה, נוּן זָאגְט דֶער מֶדְרָשׁ דָארְט וַוייטֶער (לָמה קורא אותן עדה קדושה שהיו מ׳שלשין היום, שליש לתורה, שליש לתפלה, שליש למלאכה) פַאר וָואס הָאט זֵייא רֶבִּי גֶערוּפֶען מִיט דֶעם נָאמֶען הֵיילִיגֶע עֵדָה, וַוייל זֵייא פְלֶעגִין צוּא טֵיילֶען דֶעם טָאג אִין דְרַייא גְלַייכֶע טְהֵיילֶע, אֵיין דְרִיטֶעל הָאבִּין זֵייא פַאר בְּרַאכְט אִין תּוֹרָה לֶערְנִין, אֵיין דְרִיטֶעל מִיט תְּפִלָּה אוּנ אֵיין דְרִיטֶעל מִיט אֵיין מְלָאכָה, אוּנ אַזוֹי קֶענֶען מִיר גֶעפִינֶען וְויא פִיל מַאֲמָרִים אִין גְמָרָא אוּנ אִין מֶדְרָשׁ דָאס מֶען מוּז הָאבִּין אַיין מְלָאכָה אִין דֶער הַאנְד, אוּנ יֶעדֶער מֶענְשׁ זָאל מְגַדֵל זַיין זַיינֶע קִינְדֶער דָאס דִיא וֶועלְט זָאל דֶער פוּן הָאבִּין אֵיין תּוֹעֶלֶת, דָאס עֶר זָאל נִישְׁט זַיין קַיין לֵיידִיג גֵייֶער, אֵיין פְרֶעסֶער אוּנ אַיין שְׁנָארֶער, נָאר גֶעלוֹיבְּט אִיז דֶער אֵייבִּיעֶר אַז אוּנְזֶערֶע צַייטֶען שֶׁעמֶען מִיר זִיךְ שׁוֹין נִיט מִיט קַיין מְלָאכָה, בַּעֲלֵי מְלָאכוֹת וֶוערִין רַייךְ, פַאר לָאזֶען זֵייא נִישְׁט זֵייעֶרֶע מְלָאכוֹת:

אוֹיךְ דִיא מְלַמְדִים אִין אוּנְזֶערֶע יָאהְרֶען הָאבִּין זִיךְ גָאר אִין גַאנְצֶען אוּם גִיעֶנְדֶערְט צוּ גוּטֶען מִיר הָאבִּין שׁוֹין מֶעהר נִיט אוּנְטֶער זֵייא קַיין מוֹיצִיטֶער, קַיין חייציקעל פוּן זֵייא זַיינֶען דָא בַּעֲלֵי תַּלְמוּד, בַּעֲלֵי מִקְרָא, בַּעֲלֵי דִקְדוּק חייציקעל

אונ

## ...גינעלע פאלקס-ביבלי...

### ארויס פון דרוק די ערשטע סעריע 20 ביכער

**אליקום צונזער**

1) 10 פאָלקס לידער

**לעווינסקי יה"ל**

2-3) קאַלאָניסטן, ראָמאַן אין 2 טיילן

**שייקעוויטש נ' מ' (שמ"ר)**

אלע ווערק

4) אנטיקל, כשרע מציאה פון פייער און וואַסער גוואַלד, וויא איז מיין באָרד

5) ...לוטיגער אדיע ...קניות, גוט שבת יאַחנע איציקעל

6) די אייזערנע פרוי, ראָמאַן אין 2 טיילן

7) מוהמע טאלצע שלימזלדיגער האז

8) כשרער יוד, ראָמאַן אין 2 טיילן

**ע. בלאשטיין**

אלע ווערק

9) ביטערער טראָפּען, ראָמאַן אין 2 טיילן

פינסטערע וועלט, ראָמאַן אין 4 טיילן

I—II

III—IV

**ע. בלאָשטיין**

12) ניימאָדישע טרייהייט (דער קארשון) ראָמאַן, 2 טיילן דער מכשף

13) וויכנע דוואָשע פאָהרט נאָך אמעריקא און צוריק 2 טיילן פאַרברענטע חופה דער גולם

14) קעססעלע גאָלד ראָמאַן 2 טיילן א קלאַפּ אין היקער באנקראָט

ווייסע מיט די שווארצע ראמאַן אין 2 טיילן

16) קאָרטנשפילער ראָמ. 3 טיילן I-II

17) " III טייל דער פעדלער

18) ראָבינזאָהן מיט שבת געשיכטע פון אלטער לעב רייזע בעשרייבונג, אילוסט-רירט 2 טיילן

19) פאלקסטימליכע געשיכטן מעשיות ג' אחים קייזער אין וואַלד

**ד. אבראַמזאָהן**

20) דער מלוה קליינער קאַטאַרזשניק חייציקעל אליין

יעדער בוך ענטהאַלט 160 דרוק זייטען.

פרייז 150 זל. פאַר אויסלאַנד 20 סענט.

...ענדלער ביבליאָטעקן געהעריגער ראַבאַט

...זע סעריע 20 ביכער ערשיינט אין גיכן.

מיט באַשטעלונגען זיך ווענדען

**I. BREISBLAT, Wa...**

My... 9, m. 52 — P.K. C...